שלמה שטראַוס־מאַרקאָ

# פוילישע יידן אין די וועלדער

3־טער באַנד

# קאמף און נקמה



ה. לייוויק־פאַרלאַג
ביים פאראיין פון יידישע שרייבער
און זשורנאַליסטן אין ישראל

תל־אביב 1983

דעם אָנדענק פון די העלדן, וואָס זייערע קברים זענען צעזייט איבער די פוילישע, אוקראַינישע, רוסישע און ווײַסרוסישע וועלדער, פון די אַלע, וואָס האָבן מיט זייער לעבן באַצאָלט פאַר דעם כּבוד פון זייער פאָלק — ווידמע איך די דאָזיקע אַרבעט.

**דער מחבר**

# הקדמה

מיטן דריטן באַנד „פּוילישע ייִדן אין די וועלדער" פֿאַרענדיקט שלמה שטראַוס־מאַרקאַ זיין עפּאָפּייע וועגן ייִדישער גבורה אין די פּוילישע וועלדער אין דער גרויזאַמער נאַצי־תּקופה. מיט דער דאָזיקער גראַנדיעזער אַרבעט, וואָס האָט איינגעשלונגען לאַנגע יאָרן פֿון מיזאַמע פֿאָרשונגען, האָט שלמה שטראַוס־מאַרקאַ זיך דערוואָרבן אַ בכּבֿודיקן און זייער חשובֿן פּלאַץ צווישן די פֿאָרשערס פֿון דער שואה־תּקופה. אָן דער דאָזיקער אַרבעט וואָלט געווען אַ גרויסער בלויז, אַ ווייטיקפולער בלויז בנוגע אַלץ, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט העראָישע קאַפּיטלעך אין דער מלחמה קעגן אַזאַ שטאַרקן און אַכזריותדיקן שׂונא ווי נאַצי־דייטשלאַנד.

פֿון שלמה־שטראַוס־מאַרקאָס אַנטפּלעקונגען ווערן מיר געוווּיר וועגן דעם העלדישן קאַמף פֿון טויזנטער ייִדישע יוגנטלעכע אין די פּוילישע וועלדער אין די אָפּטיילונגען פֿון די פּוילישע ווידערשטאַנד־באַוועגונגען ווי אויך אין ריין־ייִדישע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס. אין די פּוילישע אָרגאַני־זאַציעס האָבן פֿיל ייִדן, צוליב פֿאַרשטענדלעכע טעמים, געטראָגן פּוילישע פֿאַמיליע־נעמען. עס איז קלאָר, אַז די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען אין קאָמוניסטישן פּוילן זענען געווען פֿאַראינטערעסירט, אַז די אמתע אידענ־טיטעט פֿון די דאָזיקע קעמפֿערס זאָל נישט אַנטפּלעקט ווערן און זיי זאָלן אַריין אין דער געשיכטע אַלס אמתע פּאָליאַקן.

און ווער ווייסט צי די דאָזיקע בייזוויליקע כּוונות וואָלטן נישט פֿאַר־ווירקלעכט געוואָרן, ווען נישט דער שטאָלצער ייִד שלמה שטראַוס, וועל־כער איז אַליין געווען אַ העלדישער קעמפֿער אין די אוקראַיִנישע און פּוילישע וועלדער, וואָלט נישט מיט זיינע פֿאָרשונגען אויפֿגעדעקט דעם גאַנצן אמת וועגן די „סקאָטניצקיס, קאָרנעצקיס, קשעמינסקיס" און אַנדערע, אונטער וועלכע עס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן טייערע העלדישע ייִדישע בחורים, וועלכע האָבן זיך מיט זייער גבֿורה אויסגעצייכנט אין די בלוטיקע שלאַכטן מיט די היטלעריסטן.

די 3 בענדער וועגן ייִדישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע שלמה שטראַוס־מאַרקאָ האָט צוגעגרייט צום דרוק און זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין וואַרשע, זענען גלייך נאָכן דערשיינען קאָנפֿיסקירט געוואָרן דורך די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען. זיי האָבן אין די דאָזיקע 3 בענדער געזען אַ

געפערלעכן אויפרייס־מאַטעריאַל, וואָס קאָן צעשטערן זייער קאַמפּס־לעגענדע און אַנטפּלעקן פאַר דער וועלט דאָס אמתדיקע בילד וועגן דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג.

עס איז ממש אַ גליקלעכער פאַל, וואָס שלמה שטראַוס־מאַרקאָ איז געלונגען אַרויסצופירן פון פּוילן דעם אָריגינאַלן כּתב־יד מיט די בילדער און דאָ אין ישׂראל אַלנגזאַם און מיט גרויסע שוועריקייטן אַרויסגעבן די 3 בענדער, וואָס אַנטהאַלטן אַן אוצר פון אינפאָרמאַציע וועגן דעם, וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די פּוילישע וועלדער און וויפל פון די העלדישע בחורים זענען אומגעקומען אין די שלאַכטן.

מיטן דערשיינען פון די 3 בענדער אין ייִדיש דאַרפן געמאַכט ווערן אַלע באַמיִונגען, אַז די דאָזיקע היסטאָרישע אַרבעט פון אַן ערשט־ראַנגי־קער נאַציאָנאַלער באַדייטונג זאָל אַרויסגעגעבן ווערן אין עברית, כּדי אונדזערע חיילים, אונדזער יוגנט זאָל זיך אין גאַנצן באַפרייען פון די פאַלשע באַגריפן און אינפאָרמאַציעס, אַז ייִדן האָבן נישט געקעמפט, נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד דעם בעסטיאַלישן שׂונא, נאָר געגאַנגען ווי שעפּסן צו דער שחיטה. די העלדישע געשטאַלטן אין דער טרילאָגיע פון שטראַוס־מאַרקאָ וואַרפן אָפּ די דאָזיקע פאַלשע באַגריפן און אַנט־פּלעקן די אמתע פאַקטן.

**עובדיה פעלד**

# דער פּאַרטיזאַן אַברהם סוצקעווער

אַברהם סוצקעווער — געבוירן אין סמאָרגאָן, פּוילן, 1913. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה — צוזאַמען מיט דער משפּחה פֿאַרוואָגלט געוואָרן אין סיביר, ווו ס׳איז געשטאָרבן זיין פֿאָטער. אין 1922 קערט זיך אום די משפּחה אין סמאָרגאָן, וואָס איז אין גאַנצן אָפּגעבערנט, און פֿון דאָרט — קיין ווילנע. אין ווילנע ענדיקט אַברהם סוצקעווער אַ פֿאָלקשול און איז אַ פֿרייער צוהערער אין אוניווערסיטעט. אָנהייב דרייסיקער יאָרן ווערט ער אַ מיטגליד פֿון דער באַרימטער שרייבער־ און קינסטלער־גרופּע יונג־ווילנע; פֿון סעפּטעמבער 1941 ביז סעפּטעמבער 1943 — אין ווילנער געטאָ, ווו ער איז אַ מיטגליד פֿון דער דאָרטיקער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע. דעם 12טן סעפּטעמבער 1943 רייסט ער זיך אַרויס מיט אַ גרופּע קעמפֿערס, צוזאַמען מיט זיין פֿרוי, פֿון ווילנער געטאָ און שליסט זיך אָן אין די פּאַרטיזאַנער־מחנות פֿון די נאַראָטשער וועלדער, הינטער ווילנע. מערץ 1944 ווערט ער אַריבערגעבראַכט אין אַ ספּעציעלן עראָפּלאַן איבערן פֿראָנט אויף דער רוסישער ערד, ווו ער דערציילט אין מאָסקווע פֿאַר דער גרויסער וועלט וועגן דעם חורבן פֿון יידן אין ליטע און אין פּוילן.

אין 1946 — אַן עדות אויפֿן נירנבערגער פּראָצעס; סעפּטעמבער 1947 קומט ער אויף אַן אומלעגאַלן אופֿן קיין ארץ־ישׂראל, ווערט דער גרינדער און רעדאַקטאָר פֿון די גאָלדענע קייט.

אַברהם סוצקעווער האָט באַקומען אַ סך אויסצייכענונגען און פּרעמיעס. צווישן זיי: דעם מאַנגער־פּרייז; פּרס ראש־הממשלה; יעקב פֿיכמאַן־פּרייז; יזכּור־פּרייז פֿון די בערגען־בעלזענער; פּרייז פֿון ניו־יאָרקער קולטור־קאָנגרעס; צבי קעסעל־פּרייז אין מעקסיקע; שמואל ניגער ליטעראַטור־פּרעמיע ביים אַרגענטינער אָפּטייל פֿון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס; דעם ערשטן פּרייז פֿון דער פֿראַנצייזישער צייטונג „פּטי פּאַריזיען״, דעם אינטערנאַציאָנאַלן ליטעראַטור־פּרייז פֿאַרן יאָר 1979 פֿון בני־ברית אין אַמעריקע. אַברהם סוצקעווער האָט אויך באַקומען דעם ערן־דאָקטאָראַט פֿונעם לערער־סעמינאַר אין ניו־יאָרק און ער האָט צוויי מאָל רעפּרעזענטירט די יידישע פּאָעזיע אויפֿן אינטערנאַציאָנאַלן פּאָעזיע־פֿעסטיוואַל אין ראָטערדאַם (1976, 1979); זיינע ווערק זענען איבערגעזעצט אין פֿופֿצן שפּראַכן. צווישן זיי: ענגליש, פֿראַנצייזיש, איטאַליעניש, שפּאַניש, יאַפּאַניש, אינדאָנעזיש.

עס דערציילן דאָקומענטן

3טער אַנטיפאַשיסטישער מיטינג פון די פאָרשטייערס פונעם יידישן פאָלק

3טער פלענום פונעם יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין פסטר

(מאָסקווע, 2טער אַפּריל 1944)

# איך רוף די יידן פון דער גאַנצער וועלט צו קאַמף און צו נקמה

רעדע פונעם דיכטער, פּאַרטיזאַן אַברהם סוצקעווער

כ'בין געקומען צו אייך פון אַ צווייטער וועלט. שוין באַלד דריי יאָר האָט מיין פוס ניט באַטראָטן קיין טראָטואַר, מיין מאַמע אין ווילנע האָט פאַרגעסן, אַז יידן מוזן גיין מיטן ברוק, און פאַר אַרויפטרעטן מיט איין פוס אויפן טראָטואַר איז זי פון אַ שטורמיסט געשלאָגן געוואָרן ביז טויט.

כ'וואָלט געקענט אַרויסגעבן ענט פון גערעדאַנק אַלע גרוילבילדער, וואָס פיבערן נאָך וואַרעם אין מיין זכרון.

דעם 6טן סעפּטעמבער 1941, נאָך דעם ווי די דייטשע תּלינים האָבן אויס־געכאַפּט פון די שטיבער אַ גרויסן טייל פון דער מענלעכער יידישער באַפעלקע־רונג, בלומרשט אויף אַרבעט, און זיי צעשאָסן אין די פּאָנאַרער גריבער, האָט מען אין איין טאָג אַרויסגעטריבן אויף די אַרומגערינגלטע גאַסן אַ באַפעלקערונג פון זעכציק טויזנט יידן און, ביט דערלויבנדיק מיטנעמען גאָרניט פון די הייזער, זיי געטריבן אין דער ריכטונג פון דער אַמאָליקער יידישער געטאָ. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז בלויז אַ טייל האָט מען אַוועקגעפירט און זיי איינגעשפּאַרט אין צוויי געטאָס, די איבעריקע האָט מען פאַרנאַרט אין דער לוקישקער טורמע און פון דאָרט איז שוין ניט געווען קיין צוריקקער.

אין ווילנער געסטאַפּאָ איז געווען אַ באַזונדער קאַבינעט, ווו ספּעציעל־אויס־געשולטע דייטשע פּראָפעסאָרן פלעגן זיצן און אויסטראַכטן פּראָיעקטן און פּלענער, ווי אַזוי וואָס מער צו פייניקן און פאַרלענגערן די ליידן פון די ווילנער יידן ביזן אומברענגען זיי.

יום־כיפור 1941 איז דורכגעפירט געוואָרן אַ „גרויסע עקזעקוציע". מיט דער עקזעקוציע האָט אָנגעפירט דער תליון שוויינענבערג.

אין גיכן איז די אַזוי גערופענע צווייטע געטאָ געוואָרן פריי. די טויערן האָט מען צוריק צעגומען, פון די שטיינער האָט מען אָפּגעווישט דאָס בלוט, און פון די צוואַנציק טויזנט יידן איז בלויז געבליבן אַ חרובע מצבה — דער אַלטער צעבראָכענער שולהויף. דעם 23סטן נאָוועמבער 1941, ווען מע האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער ערשטער געטאָ, איז מיר געלונגען פון דאָרט צו אַנטלויפן.

אַן אַלטע פּויערטע באַרטאָשעוויטש האָט זיך אויף מיר מרחם געווען, זי באַ־האַלט מיך ביי זיך, גיט מיר עסן און טרינקען און שווערט זיך ביי איר לעבן, אַז פּאַר קיינעם האָט זי קיין מורא ניט. און גיט דערביי צו: מיך וועט דער דייטש ניט אָפּשרעקן, אָט נעכטן האָט מען ביי אונדז אויפגעהאָנגען אַ פּויער און אויף זיין ברוסט אַרויפגעקלעפּט אַן אויפשריפט „פאַר אויסבאַהאַלטן אַ ייִדן", און איך וועל דיך דווקא אויסבאַהאַלטן — דעם דייטש אויף צו להכעיס.

נאָך דעם, ווי איך בין דאָרט אָפּגעלעגן אַ חודש, בין איך פון עמעצן באַמערקט געוואָרן, און אין אַ פראָסטיקער דעצעמבער־נאַכט האָב איך געמוזט אַנטלויפן. געבלאָנקעט אין וואַלד, געשלאָפן אונטער שניי און ניט געהאַט קיין אַנדער אויס־וועג, ווי זיך אומקערן צוריק אין געטאָ.

פון די דרייסיק טויזנט ייִדן, וואָס איך האָב דאָרט געלאָזט, האָב איך שוין געטראָפן בלויז אַ העלפט.

איך טרעף די לערערין מירע בערנשטיין, געוועזענע דירעקטאָרין פון דער ווילנער רעאַל־גימנאַזיע. קוים וואָס איך דערקען זי. אין גאַנצן גראָ. זי דערציילט מיר, אַז די גאַנצע צייט ביז דעם טאָג פון דער ליקווידאַציע האָט זי אָנגעפירט מיט דער פאָלקסשול אין דער צווייטער געטאָ. גלייך ווי מען איז אַריין אין געטאָ, האָט זי אָרגאַניזירט די שול. פון אָנהייב זיינען געווען הונדערט פופציק שילערס, מערסטן טייל יתומים, אָקערשט אַוועקגעריסן פון טאַטע־מאַמע. יעדער אינדערפרי פלעגן אָבער פעלן קינדער, דורך נאַכט אַוועקגעכאַפּט דורך דער בלוטיקער היטלע־ריסטישער האַנט. נאָר אויף מאָרגן פלעגט מען ווידער לערנען. אַ טאָג פאַר דער ליקווידאַציע זיינען אין קלאַס איבערגעבליבן פון די הונדערט פופציק קינדער — בלויז זיבעצן שילערס. אָבער די לערערין מירע האָט געלערנט ווייטער, פאַרגע־לייענט „מאָטל פּייסי דעם חזנס" און דערציילט וווּנדערלעכע זאַכן פון דער פרייער וועלט.

אין די זיבן פאַרדראָטעוועטע ווילנער געסלעך בליִען דעמאָלט אויף צוויי קינדערהיימען, דריי קינדער־גערטנער, פיר פאָלקסשולן מיט לערערס, וואָס גאָר זייער לעבן גיבן זיי אָפּ די שולן. און אַלץ אומלעגאַל. ייִדן טאָרן זיך ניט לערנען.

נאָר ניט בלויז מיט אָט דעם מין געווער האָט זיך די געטאָ אַנטקעגנגעשטעלט. נאָך איינע אַן אינסטיטוציע איז געווען אין געטאָ. דאָס איז די פאַראייניקטע קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין ווילנער געטאָ, געגרינדעט אין 1941 נאָך די גרויסע מאַסן־שחיטות אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין פּראָווינץ און אין ווילנע.

דער גרונטלייגער און אָנפירער פון דער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע איז געווען איציק וויטענבערג, אַ פּשוטער ווילנער אַרבעטער.

דער געדאַנק וועגן ווידערשטאַנד האָט אַלעמען פאַראייניקט. מע האָט גלייך אויפגעזאַמלט געלט ביי דעם געטאָ־עולם אויף צו קויפן געווער. חוץ דעם האָבן מיטגלידער, אַרבעטנדיק אין די דייטשע אונטערנעמונגען, געגנבעט קוילן, פּיסטאָלעטן און, איינשטעלנדיק דאָס לעבן, עס אַריינגעבראַכט אין געטאָ.

ס׳האָבן זיך אויסגעשולט באַזונדערע גרופּעס — מינען־גרופּעס, גראַנאַטן־וואַרפלערס, קוילן־וואַרפלערס און אַנדערע מיליטערישע פאַכלייט.

די ערשטע אַקציע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מיר האָבן אַרויסגעגנבעט די שטאָטישע דרוקעריי, דאָס האָט נאָך דעם געגעבן די מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן אַן אומלעגאַלע צייטונג.

אין אַ ספּעציעלער הייל איז מאָנטירט געוואָרן אַ ראַדיאָ, וואָס האָט אויפגענומען טאָג־טעגלעכע פּאָליטישע נייס. אין פאָרעם פון בולעטינען פלעגן עס באַקומען די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע.

מיט אַ מינע, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן גופא אין ווילנער געטאָ, האָבן דריי חברים הינטער ווילנע אַראָפּגעלאָזן אַן עשעלאָן, וואָס איז, פול געלאָדן מיט געווער, געגאַנגען צום פראָנט.

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די מאַסן־ליקווידאַציעס אויף דער פּראָווינץ. אונדזערע מיטגלידער זיינען געפאָרן אין שטעטלעך און געוואָרנט די יידן, זיי זאָלן אַנטלויפן אין די וועלדער.

נאָך די קאַמפן אין וואַרשע האָבן די דייטשן באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז וואָס גיכער די געטאָ ליקווידירן.

ס׳איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון ריגע דער ליקווידאַטאָר פון די באַלטישע געטאָס, דער פילם־אַרטיסט פון בערלין — קיטעל.

ער איז געקומען מיט אַ ספּעציעלער געסטאַפּאָ־גרופּע. ליידער האָבן מיר ווינציק וואָס געקענט אויפטאָן קעגן דעם שטאַרקן שונא.

דורך די רערן פון דער קאַנאַליזאַציע האָבן זיך די מיטגלידער מיט געווער אַרויסגעשאַרט הינטער דער שטאָט, זיך אַוועקגעלאָזט אין די וועלדער און זיך איינגעשלאָסן אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן. זיי זענען דאָס די לעבן־געבליבענע פון די 80.000 יידן אין ווילנע.

און זאָל וויסן זיין די גאַנצע וועלט, אַז אין די וועלדער פון ליטע און ווייס־רוסלאַנד, פון וואַנען איך קום איצטער צו פליִען קיין מאָסקווע, קעמפן הונדערטער ייִדישע פּאַרטיזאַנער, שטאָלצע, מוטיקע נקמה־נעמערס פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט פון זייערע ברידער.

אין זייער נאָמען און אין נאָמען פון דער שארית־הפליטה, וואָס באַהאַלט זיך אויס אין די וועלדער און אין די היילן אַרום ווילנע, רוף איך אייך, ייִדן אין אַלע לענדער, צו קאַמף און נקמה.

# די ייִדישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג „פּאָרויס״

## דערציילט פון קאָמיסאַר רבקה שינדלער־וואַיסקאָווסקאַ, פּסעוודאָנים „לענאַ״

די ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וואָס איז אויפגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ, איז געווען אַ טייל פון דער גאַנצער קאַמפּס־באַוועגונג, וועלכע איז אַנטשטאַנען אין די אָקופּירטע געביטן באַלד נאָך דעם אַריינמאַרש פון די ברוינע חילות.

פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע שטעט, אַזוי אויך אין ביאַליסטאָק, זענען די גרינדער פון דער אָרגאַניזאַציע געווען אַלטע קאַמפּס־חברים, רעוואָלוציאָנערע טוערס, געוועזענע פּאָליט־אַרעסטירטע פון סאַנאַציִשן פּוילן.

אויף דער פּוילישער גאַס האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט דער אויסגעפּרוווטער רעוואָלוציאָנער, מיטגליד פון ק.פּ.פּ. אַנטאָני יאַקובאָווסקי, פּסעוודאָנים „טאַדעוּש״, אַן אָפּשטאַמיקער פון ראַדאָם.

מיט דער הילף פון מלכּה רוזשיצקאַ־מאַרילע, פּסעוודאָנים „זאָפיאַ סאַמאַילאָ״, האָט די אַנטיפאַשיסטישע גרופּע פון געטאָ אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט יאַקובאָווסקין, וועלכער איז געקומען אין געטאָ מיט אַ פּאַס אויף אַ ייִדישן נאָמען „אַבּרהם לעווין״, מיט אָנגענייטע אויף דער ברוסט און פּלייצע מגן־דוד. אין דעם קינדער־שפּיטאָל אין געטאָ איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג. צוזאַמען מיט רבקהן זענען צוגעטראָטן צו דער אונטערערדישער טעטיקייט: מיעטעק יאַקובאָוויטש, עוואַ שוואַרץ, בלומע לאַקס — אַלע געוועזענע מיטגלידער פון דער לינקער באַוועגונג פון פּוילן. אַהער האָט אויך יאַקובאָווסקי אויף אַ צייט אַריבערגעטראָגן דעם צענטער פון אַנטיפאַשיסטישן אונטערערד. פון דאַנען האָבן זיך איצט געצויגן די פעדים פון דער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט אין פאַרשידענע זייטן.

צום באַדויערן איז יאַקובאָווסקי נישט לאַנג געבליבן צווישן זיי. זיינע באַמיִונגען צו פאַרבינדן זיך מיטן צענטראַל־קאָמיטעט פון פּ.פּ.ר. אין וואַרשע האָבן זיך פאַרענדיקט טראַגיש. אויפן ווילנער וואָקזאַל אין וואַרשע איז יאַקובאָווסקי דערקענט געוואָרן דורך אַ פּראָוואָקאַטאָר און ער איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ און אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט.

נישט לאַנג נאָך דעם איז געלונגען צו קאָנטאַקטירן מיט וואַרשע דורך די חברים: יוסף לעוואַרטאָווסקי, שמואל מערעטיק און יעקב דרייער, וועלכע זענען פון ביאַליסטאָקער געטאָ אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער פּאַרטיי קיין וואַרשע.

די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע פון געטאָ האָט געפּרעדיקט פון אָנהייב אָן, אַז דער איינציקער אויסוועג איז אומבּרחמנותדיקער קאַמף קעגן אָקופּאַנט. די

אָרגאַניזאַציע האָט געפירט אַ פאַרצווייגטע אַרבעט צווישן די ייִדישע מאַסן און עס האָט געוואַקסן איר אָנזען. מיט דער צייט איז געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג צווישן אַלע קאַמפּס־גרייטע גרופּירונגען אין געטאָ.

מערץ 1942 איז אַנטשטאַנען דער אַנטיפאַשיסטישער פאַראייניקטער בלאָק פון קאָמוניסטן, שומרים און בונדיסטן. דער דאָזיקער בלאָק האָט גענומען פירן אַ פרוכטבאַרע אַרבעט אויפן געביט פון באַוואָפענונג. עס איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָאָרדיניר־קאָמיסיע, וועלכע זאָל אָנפירן מיט די ענינים פון געווער־פאַרגרייטונג און שלאַכט־אויסשולונג. שפּעטער האָבן זיי שוין געהאַט אויף אַלע פאַבריקן, הייזער און גאַסן, קאַמפּס־דרייליגען, באַוואָפנטע לעת עתה גאַנץ שוואַך, מיט פלעשער שוועבלשטאָף, אַ ביסל הייס געווער, וואָס איז ס׳רוב געווען מאַגאַזינירט. אין וויכטיקע פונקטן זענען אָוועקגעשטעלט געוואָרן קאַמפּס־פּינקטלעך. אין שפּיץ פון דער גאַנצער זעלבסטשוץ איז געשטאַנען אַ צענטראַלער דריילינג: דניאל מאָשקאָוויטש — פּרעוודאָנים „יעזשי״, לייבוש מאַנדעלבליט און יאַשקע קאַווע — קאָמוניסטן; אליהו באַראַקס — פּסעוודאָנים „עדעק״ און שלום פּראָפּאָרץ — בונדיסט. עס איז דערקלערט געוואָרן אַן אַלאַרם־צושטאַנד פון די חברים, וועלכע האָבן געמוזט דיזשורירן יעדן אָוונט צוויי שעה און אין פאַל פון אַן אַקציע אויפצוּוועקן אַלעמען.

עס איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו פירן די קעמפערישע אַרבעט אויף צוויי פראָנטן — אין געטאָ און אין וואַלד דורך פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען.

אין יאַנואַר 1943 האָט די אָנפירערשאַפט פון דער אָרגאַניזאַציע באַשטימט, אַז רבקה שינדלער זאָל אַרויסגיין מיט אַ גרופּע אין די ביאַליסטאָקער וועלדער און שאַפן אַ באַזע פאַר פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען. זיי זענען תּיכּף צוגעטראָטן צו מאַכן אַלע נויטיקע צוגרייטונגען, ווי: שאַפן אַן אַפּטייק, מלבושים, מאָנטירן און אויספּרוּוון דאָס געווער. צו זיי איז אָבער דערגאַנגען אַ טרויעריקע ידיעה, אַז ס׳גרייט זיך די ערשטע „אַקציע״, די ערשטע ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ. זיי האָבן באַשלאָסן נישט צו צעשפּליטערן די כּוחות, וועלכע זענען דעמאָלט נאָך געווען צו שוואַכע פאַרן קאַמף אין געטאָ גופא. געזאָלט האָט עס זיין דער ערשטער פּרוּוו פון קאַמף אין געטאָ בכלל. דערפאַר איז דאָ נייטיק געווען יעדעס פּיצל געווער, וואָס זיי האָבן נאָר פאַרמאָגט.

דעם 5טן פעברואַר 1943 פאַרטאָג זענען אַריין אין געטאָ ס.ס.־לייט, אַרומגעשטעלט די גאַסן, כּדי אָנצוהייבן די פאַרניכטונגס־אַקציע. צוליב די אָפּגעשלאָסענע גאַסן זענען ביי די אונטערערדישע קעמפערס באַלד אַנטשטאַנען די ערשטע שוועריקייטן. נישט קענענדיק פאַרשטענדיקן זיך מיט די פאַבריקן־קאָמענדאַנטן, האָבן די קאַמפּס־דריילינגס, אָפּגעריסענע פון דער אָנפירערשאַפט, דורכגעפירט

ספאָנטאַנע ווידערשטאַנד־אַרויסטרעטונגען, וועלכע זענען באַלד דערשטיקט גע־וואָרן אין בלוט.

ס'איז ווערט צו פאַרצייכענען די העלדישע אַרויסטרעטונג פון דעם פאַרבער־אַרבעטער יצחק מאַלמעד, וועלכער האָט געהערט צו דער קאַמפּס־גרופּע אויף דער קופּיעצקאַ־גאַס. ער האָט באַגאָסן מיט וויטריאָל אַ דייטשן אָפיציר. יענער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער, אָבער פון גרויס ווייטיק און נישט זעענדיק אויף די אויגן אויסגעשאָסן און געטראָפן אַ צווייטן דייטש, וועלכער איז געפאַלן טויט אויפן אָרט.

זיבן טעג האָבן די היטלעריסטישע באַנדיטן מיט זייערע משרתים, די אוקראַי־נישע פאַשיסטן, געווילדעוועט אין געטאָ. זיי האָט שטאַרק פאַרדראָסן די חוצפה פון די ייִדן, וועלכע האָבן געוואָגט זיך אַנטקעגנשטעלן זייערע פייניקערס.

אין דער דאָזיקער פאַרניכטונגס־אַקציע זענען אומגעקומען צוועלף טויזנט ייִדן, צוויי טויזנט זענען געפאַלן אויפן אָרט. צען טויזנט — מענער, פרויען און קינדער — זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין דער ריכטונג פון טרעבלינקע...

צווישן די דערשאָסענע אויפן אָרט פאַר קעגנשטעלן זיך די דייטשן, זענען געווען אַזעלכע הערלעכע געשטאַלטן, ווי:

רחל זאַנשיין — וועלכע האָט פאַרטיידיקט צוזאַמען מיט אַ גרופּע יוגנטלעכע אַ פּאָזיציע אויף כמיעלנע;

גיטל ווילטשינסקאַ — די שטענדיק קראַנקע איז געפאַלן מיט געווער אין האַנט נאָכן דערשיסן דעם ערשטן דייטש אין געטאָ;

אַבראַשאַ פּאָגעלמאַן, פּסעוודאָנים „קאַליאַ”, דערשאָסן אויפן דאַך פון וואַגאָן נאָכן אויסגעשריי: „סטאַלינגראַד האָט זיך אָנגעהויבן, דער זיג פון דער מענטש־הייט איז נאָענט”;

רוזשקע אַסיאַש — די אומפאַרגעסלעכע דערציִערין און אינסטרוקטאָרין פון וואַרשעווער „פּיאָנער”. זי איז אומגעקומען מיט איר קינד אויף דער האַנט, אַנט־קעגנשטעלנדיק זיך די הענקערס.

צענדליקער און הונדערטער אַקטיוויסטן זענען געפאַלן אין יענע טעג. מיט אַ קלענערן אַקטיוו, אָבער מיט נאָך אַ גרעסערן ברען האָבן די קעמפּערס זיך גע־וואָרפן אין דער ווייטערדיקער אַרבעט.

די ערשטע אַקציע האָט איבערצייגט די אָרגאַניזאַציע, אַז זי איז נאָך ווייט צו שוואַך. די חברים האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער שונא וועט נישט רעזיגנירן פון זיין פאַרניכטונגס־אַרבעט. מיט אַ שנעלן טעמפּאָ האָבן זיי גענומען באַוואָפענען דאָס געטאָ. מען האָט אויך באַשלאָסן צו פאַרשטאַרקן די פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג

און באַשטימט, אַז דעם 25טן מערץ 1943 גייט די גרופּע פון רבקה שינדלער אַרויס פון געטאָ.

ענדלעך איז געקומען דער דערוואַרטעטער טאָג. ס'איז געווען שבת פאַרטאָג. זיי האָבן צונויפגעטראָגן דאָס געווער, מכשירים צו פונאַנדערשרויפן שינעס, מעדיקאַמענטן און אַנדערע נייטיקע זאַכן פאַר וואַלד־מענטשן, צו דער ווינונג פון די ברידער שלום און פנחס קאַזשעץ, וואָס האָט זיך געפונען נאָענט פון געטאָ־פּאַרקאַן. דער לייטער פון דער אויסשפּיר־גרופּע — בערקנער, פּסעוודאָנים „סערגיי" — האָט דורכקאָנטראָלירט דעם וועג, דורך וועלכן מען האָט געדאַרפט אַרויסגיין דורכן פּאַרקאַן, וואָס האָט געפירט צו דער שיענקיעוויטשאַ־גאַס נומער 63 אויסערן געטאָ. באַוואָפנטע זיבעצן פּערזאָן זענען געשטאַנען גרייט אַרויסצוגיין אין וואַלד.

פאַר נאַכט דערוויסט מען זיך, אַז דער וועג איז דעם זעלבן טאָג פאַרשאָטן געוואָרן. אין לעצטן מאָמענט האָט „סערגיי" דורכקאָנטראָלירט דעם וועג אויף פּאַבריטשנע־גאַס. דער וועג איז אָבער געווען אַ געפערלעכער, מען האָט באַדאַרפט אַריבערקריכן צוויי פּאַרקנס, איינער האָט געפירט פון געטאָ צום דייטשן בויפּלאַץ, פאַרלייגטן מיט געהילץ, אייזן און בלעכן. נאָך דעם דורכקלעטערן אַ צווייטן פּאַרקן, וועלכער האָט שוין געפירט אויסערן געטאָ. טראָץ אַלעם האָט מען באַשלאָסן צו גיין דעם זעלבן אָוונט, איידער עס הייבט זיך אָן די „פּאָליציי־שטונדע".

האַלב ניין אַ זייגער זענען אַלע געווען אויפן פּלאַץ. ס'האָבן באַגלייט די חברים: יאַשקע קאַווע, דניאל באַשקאָוויטש און לייבוש מאַנדעלבליט. זיי זענען אַריבער דעם פּאַרקן פּאַרגנוויז, מיט אַן איבעררייס פון עטלעכע מינוט, כּדי צו געבן אַ מעגלעכקייט יעדן אַריבערצוגיין דאָס בויפּלאַץ שטיל, אָן אַ טומל. רבקה מיטן חבר בנימין קירזשנער, פּסעוודאָנים „ניאָמע", האָבן געזאָלט גיין די לעצטע.

דאָס האַרץ האָט גענומען האַסטיקער קלאַפּן, ווען זי האָט אַרויפגעקלעטערט אויפן פּאַרקן. מיטן בליק האָט רבקה זיך געזעגנט מיטן געטאָ און מיט אירע נאָענטסטע, וועמען זי האָט דאָרט איבערגעלאָזט. ווען זי איז אַריבערגעשפּרונגען, איז זי געווען זיכער, אַז זי וועט טרעפן בלויז דעם חבר „ניאָמע". צו איר גרויסער פאַרוווּנדערונג אָבער, זענען אַלע געלעגן אויף דער ערד, ביים פּאַרקן.

— דאָרט שטייט מען — האָט שטילערהייט צו איר געזאָגט מוליע, פּסעוודאָנים „וואָלאָדיאַ", ווייזנדיק מיט דער האַנט אויף דעם צווייטן פּאַרקן. — גיין צוריק טאָר מען נישט. דו וועסט גיין די ערשטע פאָרויס, ווי די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער גרופּע.

נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, האָט רבקה גענומען שפּרייזן צוזאַמען מיט

בנימין קירשנער. זיי האָבן געשלייכט שטילערהייט, אַז די לופט אַפילו זאָל נישט אויפכאַפּן זייערע טריט. זיי האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז די שטרעקע איז אומענדלעך לאַנג. ענדלעך זענען זיי צוגעקומען צום צווייטן פּאַרקן, וועלכער איז נישט געווען אַזוי הויך. — אַ רגע, און זיי וועלן זיין אויסערן געטאָ.

די נאַכט אַ פינצטערע. דער הימל איין גאַנצן פאַרצויגן מיט וואָלקנס, וואָס איז אַפילו זייער גינסטיק געווען פאַר אַזאַ אונטערנעמונג. ס׳האָט זיך געדאַכט אַז מען זעט קיינעם נישט. רבקה האָט אַ שפּרונג געטאָן — און פּלוצעם... אַ פעסטע לאַפּע האָט זי אָנגעכאַפּט ביים אַקסל. פאַר איר איז געשטאַנען אַ געסטאַפּאָ־באַנדיט. ס׳איז שוין געווען צו שפּעט צו וואָרענען דעם חבר, ער איז שוין אויך אויפן פּאַרקן...

זיי האָבן זיך באַמיט צו זיין רויק. מ׳האָט נישט געטאָרט פאַרלירן דעם קאָפּ. אַפילו אַ האָר פונעם טויט טאָר מען נישט קלערן, אַז אַלץ איז פאַרלוירן. זי האָט באַשלאָסן אַלץ צו טאָן, דער חבר „ביאָמע" זאָל קענען אַנטלויפן, ווייל ער האָט אונטערן מאַנטל געהאַט געווער. אָנהייבן אַ שיסעריי האָט געקענט שטעלן אין סכנה די איבעריקע חברים. די גאַס איז דאָך געווען אַרומגעשטעלט מיט אַ וואַך. זי האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס דער דייטש איז געווען שטאַרק פאַר־אינטערעסירט אין איר געפּעק און זי האָט אים נישט געלאָזט רעווידירן. ער האָט זיך גענומען פאָרען אַרום איר און דאָס האָט אויסגענוצט „ביאָמע" און איז אַנט־לאָפן.

דער היטלעריסט האָט אויסגעלאָזט איצט זיין גאַנצן צאָרן צו רבקהן און נישט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ, אָבער זי איז געווען צופרידן וואָס „ביאָמע" איז נעלם געוואָרן. זי האָט נאָך אַלץ קיין צייט נישט געהאַט צו טראַכטן וועגן זיך, זי האָט געהאַט געטראַכט וועגן די איבעריקע חברים. באַלד וועלן דאָך אויך זיי אַריבער־גיין. מען האָט זיך געדאַרפט דערווייטערן פון דאַנען. זי האָט גענומען שנעל שפּרייזן פאָרויס. דער דייטש איז געווען נייגעריק, וווהין זי וויל גיין. רבקה האָט פאַרקערעוועט אין אַ זייטיקן געסל. ער האָט געמיינט אַז זי וויל אַנטלויפן און אָנגעהויבן פייפן. עס זענען זיך צונויפגעלאָפן אַ גרופּע היטלעריסטן; ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַמפעריי, ווער זי איז? וווהין גייט זי? זיי האָבן זי געזידלט, באַ־ליידיקט, נאָר זי איז געווען גליקלעך פון דער איבערצייגונג, אַז די חברים זענען שוין אַדורך בשלום. זי האָט געוווּסט איינס: בלייבן שטום אויף אַלע זייערע פראַגעס.

די דייטשן האָבן באַשלאָסן אָפּצופירן זי אין פערטן פּאָליציי־רעוויר. ווידער אַ פונק פון האָפענונג. דער רעוויר גרענעצט מיטן געטאָ. דאָרט אַרבעטן אויפן

הויף ייִדן, מען קען עפּענען אַ ברעט און זיך דורכשלייכן אויך. איין געדאַנק האָט געיאָגט דעם צווייטן — אפשר איז נאָך נישט אַלץ פאַרלוירן ?...

אין פּאָליציי־רעוויר האָט זי זיך מודה געווען אַז זי איז אַ ייִדישע פרוי און אַרויס איז זי פון געטאָ, כּדי ביי אַ באַקאַנטער פּוילישער פרוי צו קריגן אַ ביסל פּראָדוקטן פאַר אירע קינדער.

דער אָפיציר האָט געפרעגט צו וואָס זשע זענען די צווענגלעך און שטאַמאייזן.

— מיין מאַן איז אַ שלאָסער — האָט געענטפערט רבקה — און זי האָט דאָס געצייג געוואָלט אויסטוישן אויף לעבנסמיטל.

דער אָפיציר איז געווען שלעפעריק. ער האָט איר געגלייבט. אייגנטלעך איז דאָס אים געווען גלייכגילטיק. ער האָט געוווסט, אַז אין דער געסטאַפּאָ, וווהין ער האָט געהייסן זי אָפּפירן, וועט מען זיך שוין גוט פונאַנדערקלייבן.

ס׳האָט געגאָסן אַ רעגן. איר באַגלייטער איז נישט אַזוי געווען שטאַרק צופרידן פון דער שליחות, נאָר באַפעל איז באַפעל. זי האָט זיך אַרומגעקוקט אַרום אין אַלע זייטן, אפשר דאָך ?... פאַרבייגייענדיק דעם געטאָ־טויער אויף יוראַוויעצקאַ־גאַס, האָט זי געזען אַז ער איז נאָך אָפן, נישט געקוקט אויף דער שפּעטער שעה.

די געטאָ־וואַך האָט געהאַט אַ גוטן טאָג. מען האָט אַ סך צוגערויבט ביי די ייִדן, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער אַרבעט אויסערן געטאָ. איצט האָט מען עס אויפגעלאָדן אויף די געסטאַפּאָ־מאַשינען. עס זענען געשטאַנען דייטשן און ייִדישע פּאָליציי. דעם באַגלייטער אירן האָט עס אינטערעסירט. אפשר האָט ער אויך געוואָלט זיין אַ שותּף צו דעם פעטן ביסן ?... ער האָט זיך פאַרהאַלטן, בעת ער האָט זיך פאַרקוקט איז רבקה נעלם געוואָרן.

ווען זי האָט אַריינגעקראָגן זיך צוריק אין געטאָ, האָט זי זיך דערוווסט, אַז די חברים זענען בשלום אָנגעקומען אין וואַלד. די צוויי חברים, וואָס זענען גע־קומען זיך דערוויסן, וואָס מיט איר איז געשען, זענען געווען גליקלעך, וואָס זיי זעען זי אַ לעבעדיקע און נישט פאַרפּייניקט צום טויט אין די קעלערן פון געס־טאַפּאָ. אַ פּאָר טעג שפּעטער איז רבקה ווידער אַרויס פון געטאָ און אין דער באַגלייטונג פון דער פאַרבינדלערין, מלכּה רוזשיצקאַ — „מאַרילקע, האָבן זיי געשפּאַנט איבער די ביאַליסטאָקער גאַסן אָן דער געלער לאַטע, און אָנגעקומען אין וואַלד.

אין יענער צייט זענען אין די ביאַליסטאָקער וועלדער שוין געווען די אַזוי גערופענע „קרינקער פּאַרטיזאַנער״, אונטער דער אָנפירונג פון משה סלאָפּאַק, פּסעוודאָנים „מאַקסים״, די גרופּע פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע אונטער דער אָנפירונג פון דעם קאָמאַנדיר אלי בוימאַץ, פּסעוודאָנים „עליאַש״, די פּאַר־טיזאַנישע גרופּע פון חיים לאַפּטשינסקי. ס׳האָט זיך געשאַפן אַן ענגערע פּאַר־

בינדונג צווישן געטאָ און וואַלד דורך אַ שטענדיקן אַרויספירן מענטשן צו די אַנטשטאַנענע אָפּטיילונגען, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין וואַקסן. מיט דער פאַר־בינדונג האָט אָנגעפירט משה בוך, פּסעוודאָנים „מאַרעק". יעדע גרופּע האָט צוגעגרייט אַ נייעם ערד־הייל פאַר די, וואָס וועלן נאָך קומען און פאַרגרעסערן די פּאַרטיזאַנישע מחנה.

עס איז ווערט אונטערצושטרייכן, אַז דער וועג צו די פּאַרטיזאַנער איז נאָך, טראָץ אַלעם, געווען ווייט ניט קיין לייכטער. אין אַפּריל 1943 איז אַרויס פון געטאָ אַ גרופּע, מאָביליזירט דורך יהודית נאָוואָגרודזקאַ, פּסעוודאָנים „יודיטאַ". מיט דער גרופּע האָט אָנגעפירט דער אַקטיוויסט בערל וואָסערשטיין. צום גרויסן באַדויערן איז די גרופּע צעקלאַפּט געוואָרן ביים דאָרף ליפּאָווי־מאָסט. פאַרלירנדיק די פאַרבינדלערס, האָבן די יאָטן געמוזט צוריקקערן אין געטאָ.

באַלד איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ צווייטע גרופּע פון זעכצן מענטשן, אונטער דער אָנפירונג פון שמעון דאַטנער, „טאָלק". נישט באַוווּנדיק אַרויסצוגיין איז שוין ביים געטאָ־פאַרקן פאָרגעקומען אַ שיסעריי צווישן די יידישע קעמפערס און די דייטשע וועכטערס. איין דייטש איז געפאַלן. צוליב דער בהלה האָבן די יאָטן זיך געמוזט צוריקציען. די זעלבע גרופּע איז אין אַ קורצער צייט אַרום אַרויס אַ פאַרטאָפּלטע. זיי זענען געווען באַוואָפנטע דרייסיק מענטשן, צווישן וועלכע עס איז ווידער געווען שמעון דאַטנער, און דאָס מאָל האָבן זיי דערשלאָגן צום וואַלד.

ס'איז באַלד געקומען צו אַ קאָנצענטרירונג פון אַלע גרופּעס אין איין גרויסער פּאַרטיזאַנישער מחנה פון נקמה־נעמערס, אונטערן נאָמען „פאָרויס". אַלס קאָמאַנ־דיר איז באַשטימט געוואָרן דער שרעקלאָזער, יונגער דרוקער־אַרבעטער פון וואַרשע יונה סאָכאַטשעווסקי, פּסעוודאָנים „יעזשי", „סאַשאַ".

יונה סאָכאַטשעווסקי איז געווען אַן אויסגעצייכנטער ספּאָרטלער פון וואַר־שעווער קלוב „מאָרגנשטערן". זיינע ערשטע פּאַרטיזאַנישע שריט האָט ער דורכ־געמאַכט אין די סלאָנימער וועלדער. אַ מענטש מיט אַ גרויס האַרץ, באַשיידן, און פול גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקייט דער זאַך פון ווידערשטאַנד און קאַמף מיט די ברוינע מערדערס. „סאַשאַ" איז געווען שטאַרק באַליבט נישט נאָר ביי יידישע מיטקעמפערס, נאָר אויך ביי אַלע סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער, מיט וועלכע זיי האָבן זיך שפּעטער באַגעגנט. רבקה שינדלער־וואַיסקאָווסקאַ איז באַשטימט געוואָרן אייגנצייטיק אַלס קאָמיסאַר און פאַרטרעטער פון קאָמאַנדיר. דער אָטריאַד „פאָרויס" האָט אויך געהאַט עטלעכע אָפּטיילונגען, וועמענס אָנפירער זענען געווען די חברים: שעפּסל באַראַוויק, עליע בוימאַץ, חיים לאָפּטשינסקי און אַנדערע.

אויסער דער גרויסער קאַמפּס־טעטיקייט און דיווערסיע־אַרבעט, ווי: אויפ־

רייסן בריקן, איבעררייסן די טעלעפאָן־פאַרבינדונג, איבערקערן צוגן, האָט די אָפּטיילונג געפירט אַ פּאָליטישע אַרבעט. אונטער דער רעדאַקציע פון געטאָ־אַקטיוויסט, דעם לערער גרישאַ לונסקי, זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין וואַלד דריי צייטונגען — „דער רויטער פּאַרטיזאַן", „נקמה" און „פּאָרויס". די צייטונגען זענען דערשינען אין דריי שפּראַכן: ייִדיש, פּויליש און ווייסרוסיש און זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין דער גאַנצער געגנט.

אין מאַי 1944 איז דער אָטריאַד "פּאָרויס" איינגעגלידערט געוואָרן אין דער אַלגעמיינער סאָוויעטישער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. דער אָטריאַד איז אָנגעשלאָסן געוואָרן אין דער בריגאַדע אויפן נאָמען „קאָסטיוש קאַלינאָווסקי". מיט איר האָט אָנגעפירט דער פּולקאָווניק מיקאָלאַי וואָיטשעכאָווסקי. די בריגאַדע האָט געהערט צו דער פּאַרטיזאַנישער פאַראייניקונג פון גענעראַל קאַפּוסטאַ.

דאָ האָט די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג „פּאָרויס" אָנגעהויבן אַ נייע צייט־רעכענונג אין דער געשיכטע פון קאַמף מיט די דייטשע באַרבאַרן.

# דער טויט פון קאָמאַנדיר יונה סאָכאַטשעווסקי „סאַשאַ"

דער קאָנטאַקט צווישן דעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד „פאָרויס" און דער זעלבסט־שוץ אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז געווען זייער אַן ענגער. ס׳איז געווען קלאָר אַז עס דערנענטערט זיך דער טאָג פון אַנטשידענעם קאַמף אין געטאָ. דערצו האָט מען געגרייט פּלענער און כּוחות. מ׳האָט באַשלאָסן בעת די קאַמפן אין געטאָ צו מאַכן באַמיִונגען זיך אַריינצוקריגן אין שטאָט און דורכפירן סאַבאָטאַזש־אַקטן, כּדי אַזוי אַרום שטיצן דעם קאַמף פון דער זעלבסטשוץ. חוץ דעם האָט מען זיך דערערדט מיטן שטאַב פון זעלבסטשוץ, אַז די אַלע, וועמען ס׳וועט געלונגען זיך אַרויסצוקריגן פון געטאָ, וועלן ווערן אויפגענומען אין וואַלד. צו דעם צוועק האָט מען פאַרשטענדיקט די פּויערים, אינפאָרמאַטאָרן, די גאַיאָוועס, אַז אויב זיי וועלן אין די טעג טרעפן ייִדן, זאָל מען זיי ווייזן דעם וועג צו די פּאַרטיזאַנער.

אויף דעם טראַגישן טאָג האָט עמן לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן. דעם 16טן אויגוסט 1943 איז דאָס געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן דורך מיליטער און ס.ס.־לייט, וואָס האָבן אַריינמאַרשירט מיט דעם ציל ענדגילטיק צו ליקווידירן דעם ייִדישן ישוב אין ביאַלסטאָק.

דער שטאַב פון זעלבסטשוץ האָט געגעבן אַ באַפעל: „אַרויס צום קאַמף!".

די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען האָבן זיך, לײדער, נישט געקאָנט אַריינקריגן אין שטאָט. אַלע וועגן און שאָסייען זענען בלאָקירט געוואָרן מיט מיליטער, באַוואָפנט מיט מאַשין־געווער. זיי זענען נאָך דעמאָלט געווען צו קליין אין דער צאָל און צו שוואַך באַוואָפנט, כּדי אָנצוהייבן אַ רעגולערן קאַמף מיט מיליטער. דאָס איז געווען די סיבה, וואָס מ׳האָט זיך קאָנצענטרירט אויף דעם צווייטן פּונקט פון פּלאַן — אויפצונעמען די מענטשן, וועלכע וועלן זיך אַרויסרייסן פון געטאָ.

די זעלבסטשוץ האָט אין ערשטן טאָג פון אויפשטאַנד אונטערגעצונדן דעם פּאַרקן פון געטאָ, אָבער ווייניק ייִדן האָבן זיך לעבעדיק געקענט אַרויסקריגן דורך דעם געדיכטן קאָרדאָן פון מיליטער. פון דעסטוועגן זענען צו די פּאַרטיזאַנער אַ טייל יאָ געקומען, אויך אַ סך פון יענע, וועמען ס׳איז געלונגען צו שפּרינגען פונעם צוג אויפן וועג קיין אָשוויענטשים און מיידאַנעק.

אויפן מאָפּאַסאַנער טראַקט, וואָס פירט פון ביאַליסטאָק אין וואַלד, זענען געווען אויסגעשטעלט פּאַרטיזאַנער און זיי האָבן אויפגענומען די ייִדן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט. עס זענען געקומען פרויען, מענער, גאַנצע משפּחות,

מענטשן אָן געווער, וועלכע האָבן נישט געקאָנט זיך שיצן, ווי אויך זיך באַזאָרגן מיט פּראָוויאַנט. די לאַגע איז געוואָרן נאָך שווערער, ווען די דייטשן האָבן זיך געכאַפּט, אַז ייִדן קומען אין וואַלד און האָבן גענומען אָרגאַניזירן אויף זיי אַבלאַוועס.

עס האָט זיך אָנגערוקט דער האַרבסט. מ'האָט זיך געמוזט באַזאָרגן מיט פּראָוויאַנט אויף ווינטער פאַר אַלעם. נאַכט נאָך נאַכט האָט מען זיך געמוזט לאָזן אין וועג אַריין אין די דערפער, צו די פּויערים. פאַרשטייט זיך, אַז אַ דאַנק דעם האָבן זיך די אַבלאַוועס נאָך מער פאַרשטאַרקט, ביז עס איז דערגאַנגען צו אַן אַנטשיידענעם קאַמף מיטן שונא.

דאָס איז געווען דעם 25סטן סעפּטעמבער 1943. דאָס איז געווען אַ פּרעכטי־קער טאָג פון פּוילישן האַרבסט. די זון האָט גאָר ליבלעך געוואַרעמט. אַ גרויסער טייל חברים זענען פאַר טאָג געקומען פון וועג, און זיך צוגעלייגט שלאָפן. אַנדערע זענען געווען ביי עפּעס באַשעפטיקט. פּלוצעם האָט זיך אויפן הימל באַוויזן אַן עראָפּלאַן. ער האָט זיך דערנענטערט צום פּאַרטיזאַנישן לאַגער, זיך אַראָפּגעלאָזט גאַנץ נידעריק. און אַלע האָבן תּיכּף פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַן אויסשפּיר־עראָפּלאַן. מ'האָט זיך אַ רודער געטאָן גרייטנדיק זיך צום קאַמף. דער אָנגריף איז אָבער געקומען שנעלער, ווי מ'האָט זיך פאַרגעשטעלט. אין עטלעכע שעה אַרום האָט זיך צו זיי דערטראָגן אַ שיסעריי פון מערב, פון וועג, וואָס פירט צום דאָרף טשעלוטשאַנקע. דער שונא האָט געשפּאַנט, דערנענטערנדיק זיך.

דער קאָמאַנדיר האָט באַלד מאָביליזירט די באַוואָפנטע גרופּעס און באַפוילן צו פאַרנעמען קאַמפּס־פּאָזיציעס. רבקה האָט זיך פאַרנומען מיט די אומבאַוואָפנטע — זיי צעטיילט אין גרופּעס און צעוואָרפן איבערן וואַלד־שטח. ביי יעדער אַזאַ גרופּע עטלעכע חברים מיט געווער.

פּונקט צען אַ זייגער האָט זיך דערהערט אַ געדיכט שיסעריי. אַלץ נאָענטער. עס האָבן מאַרשירט עטלעכע קאָמפּאַניעס. פאָרויס איז געגאַנגען דער באַקאַנטער וואַלד־שפּיאָן — קאַראַבאָוויטש. נאָך אים אוקראַיִנישע פאַררעטערס, דערנאָך די דייטשע רוצחים. מ'האָט זיי געלאָזט צוקומען נענטער... אַלע האָבן געוואַרט אין גרויסער שפּאַנונג.

— פייער! — האָט באַפוילן „סאַשאַ".

די באַנדע האָט זיך געגעבן אַ וואַקל. אָבער באַלד גענומען אָנגרייפן מיט נאָך אַ שטאַרקערער קראַפט. די פּאַרטיזאַנער האָבן די ערשטע טויטע; די חבר־טעס: רוזשקע פּעכמאַן און גוטע ליפשיץ — ביידע אָפּשטאַמיקע פון לאָדזש. דער אָפּשניט, וווּ רבקה געפינט זיך, איז אַרומגערינגלט פון דייטשן, אויך רבקה איז פאַרוווּנדעט. אַ דום־דום־קויל האָט דורכגעלעכערט איר האַנט... — זי האָט נישט

געפילט קיין ווייטיק — האָט זי דערציילט — נישט געקרעכצט. די דייטשן האָבן ווייזט אויס געהאַלטן, אַז מיט איר האָבן זיי פאַרענדיקט און געאײַלט צו הילף זייערע קאַמעראַדן.

זי האָט געגומען זיך אַרומקוקן, ווו זיך צו פאַרשטעקן. די כּוחות האָבן געגומען זי פאַרלאָזן. מיט גרויס מאַטערניש האָט זי זיך צוגעראַטשקעט צו אַ גרוב און געפּרוּווט פאַרבאַנדאַזשירן די האַנט. די וווּנד איז געווען שרעקלעך. די האַנט האָט זיך געהאַלטן, ווי מען זאָגט, אויף אַ האָר. דאָס בלוט האָט געררונען אָן אויפהער. אַלע אירע באַמיִונגען איבערצובינדן די האַנט, כּדי צו פאַרהאַלטן דאָס בלוט, איז איר נישט געלונגען.

די שיסערײַ האָט כּסדר אָנגעהאַלטן, און רבקה האָט נישט געוווּסט, ווי די לאַגע זעט אויס און דאָס האָט נאָך שטאַרקער געמאַטערט. אַזוי האָט זיך שוין געצויגן אַ פּאָר שעה.

זי איז געלעגן און זיך אײַנגעהערט אין דער קאַנאָנאַדע פון פייער און גלייכ־צײַטיק אין די טריט פון די דייטשן, וואָס האָבן אַרומגעטופּעט נאָענט פון איר און געניִשטערט קרבנות. ווי שרעקלעך ס'האָט אין יענעם מאָמענט זיך געוואָלט לעבן. זי איז אַפילו געווען זיכער, אַז זי וועט פאַרלירן די האַנט, אַז מ'וועט זי מוזן אַמפּוטירן, אָבער עס האָט זי נישט געאַרט. זאָגט רבקה — איין רעיון האָט גע־עגבערט מיין מוח: „אין אַ פרייער וועלט קען מען ברענגען נוצן אויך מיט איין האַנט"... און זי האָט שטאַרק געגלויבט, אַז די וועלט וועט אויסגעלייזט ווערן און דער היטלעריזם וועט האָבן אַ מפּלה.

פאַר נאַכט האָט די שיסערײַ זיך אײַנגעשטילט. זי האָט געהערט אַ פייף, אַ קאָמאַנדע אויף דייטש, און פאַרשטאַנען אַז דער שונא גרייט זיך צו פאַרלאָזן דעם וואַלד. זי איז געלעגן נאָענט פון אַ וועג און געהערט דאָס אָנקומען פון אַ לאַסט־אויטאָ. ווייזט אויס פאַר טויטע און פאַרוווּנדעטע — האָט זי געטראַכט און דאָס האַרץ האָט געגעבן אַ ציטער פאַר פרייד. זי האָט זיך נישט געקענט באַהערשן און האָט געוואָלט ווי צום שנעלסטן וויסן, ווי גרויס זענען די פאַרלוסטן פונעם שונא. עס זענען געווען מאָמענטן, ווען זי האָט שוין נישט געגלויבט, אַז זי וועט לעבן בלייבן. נאָך אַזאַ שטאַרקן אָפּפלוס פון בלוט איז זי געווען אָפּגעשוואַכט, דערשעפּט און כּדי רויִק צו שטאַרבן האָט זי פּאַמעלעך אויפגעהויבן דעם מידן קאָפּ און אַרויסגעקוקט פון גרוב. זי האָט דערזען ווי מען טראָגט צום אויטאָ טויטע און פאַרוווּנדעטע, אָבער באַלד איז איר שווערער קאָפּ צוריק אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד...

שפּעט אין דער נאַכט האָבן די חברים זי געפונען און אַוועקגעפירט צו דעם אָפּגערעדטן טרעפפּונקט.

דאָ האָט זי זיך דערוווּסט, אַז דער שׂונא האָט געהאַט גרויסע פאַרלוסטן און אַז די פּאַרטיזאַנישע מחנה האָט זיך אויך באַפרייט פון דעם ווייסרוסישן שפּיאָן קאַראַבאָוויטש.

טראָץ דעם זיג האָט די פּאַרטיזאַנישע רייען באַהערשט אַ טיפער טרויער. אין דער שלאַכט האָבן זיי פאַרלוירן דעם באַליבטן קאָמאַנדיר, דעם חבר יונה סאָכאַטשעווסקי „סאַשאַ״, דעם אומדערשראָקענעם פּאַרטיזאַנען־פירער, דעם איבערגעגעבענעם זון פון ייִדישן פאָלק, דעם קעמפער פאַר מענטשלעכער פרייהייט.

— עס קלינגען נאָך הײַנט אין מײַנע אויערן — האָט דערציילט רבקה — זײַנע ווייטיקלעכע ווערטער — „און וואָס וועט זײַן, אַז כ׳וועל איבערלעבן די מלחמה און זיך אומקערן אין מײַן וואַרשע, אָבער כ׳וועל קיין ייִדן נישט טרעפן ?...״

דער חבר „סאַשאַ״ האָט נישט דערלעבט דעם פריידיקן מאָמענט, ווען אויף די גאַסן פון וואַרשע און נישט נאָר פון וואַרשע, האָבן ווידער זיך געטראָפן ייִדן, טאַקע ווייניק אין דער צאָל, אָבער אָפּגעראַטעוועטע, האָבן זיי גענומען אויפבויען דאָס חרוב־געוואָרענע לעבן פון אייגענעם פאָלק און דאָס חרוב־געוואָרענע לאַנד. ייִדן, וואָס טראָגן אין זייערע הערצער די אידעאַלן, פאַר וועלכע יונה סאָכאַ־טשעווסקי־„סאַשאַ״ און זײַנע חברים אין געטאָ און אין וואַלד האָבן אַוועקגעגעבן דאָס לעבן.

# אַכט העלדישע פּאַרטיזאַנער פון די ביאַליסטאָקער וועלדער

## דערציילט פון קלמן באַראַקאַן

„ווי לעבעדיק שטייען זיי מיר פאַר די אויגן, מיינע קאַמפּס־חברים פון וואַלד. מיט אַ פּאָר באַשיידענע ווערטער וויל איך באַערן דעם אָנדענק פון די, וועלכע האָבן נישט דערלעבט די באַפרייונג און געפאַלן אין אומגלייכן קאַמף מיט די דייטשע מערדער".

געווען איז דאָס סוף זומער 1943, דערציילט באַראַקאַן, אונדזערע פּאַרטיזאַנישע גרופּעס זענען געשטאַנען אין כסדרדיקן קאַמף מיט רעגולערע אָפּטיילונגען פון דייטשע וואַלד־זשאַנדאַרמעריע. אונדזערע פאַרלוסטן זענען געווען באַדייטנדיקע, אָבער אויך די דייטשן האָבן גרויסע פאַרלוסטן און לאָזן אָפּט זייערע טויטע אין וואַלד.

אין אָקטאָבער 1943 האָט אונדזער אָפּטיילונג לויט אַ באַקומענער אויפגאַבע אַריינמאַרשירט אין דאָרף ציאַסנע ביי ביאַליסטאָק. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר זיך דאָ פאַרהאַלטן. צווישן דער דאָרפישער באַפעלקערונג זענען פאַרטיילט געוואָרן אַ פּאָר צענדליק עקזעמפּליאַרן פון אונדזער פּאַרטיזאַנישער צייטונג, וועלכע האָט אָנגעגעבן די לעצטע ידיעות פון פראָנט און גערופן צום ווידערשטאַנד. פאַר טאָג האָבן מיר פאַרלאָזט דאָס דאָרף. צעטיילט אין צוויי גרופּעס, האָבן מיר געצויגן צו אונדזער „פּאַרטיזאַנישער היים".

דערוויסנדיק זיך וועגן אונדזער וויזיט, האָרט ביי ביאַליסטאָק, אונטערן נאָז פון שטאַרקן דייטשן גאַרניזאָן, זענען די מערדער געוואָרן מלא רציחה צוליב אונדזער „חוצפּה". עס איז גלייך אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ ספּעציעלער באַטאַליאָן אונדז צו פאַרפאָלגן.

אין מיטן טאָג האָט זיך אין דער וואַלד־שטילקייט פּלוצעם אַריינגעריסן אַ וווייטער אָפּקלאַנג פון אַ געדיכטער שיסעריי. עס איז אונדז גלייך קלאָר געוואָרן, אַז אונדזערע חברים זענען אַריינגעטראָטן אין אַ קאַמף מיט די דייטשן. אַלץ איז גלייך געשטעלט געוואָרן אויף די פיס. ריכטנדיק זיך לויטן אָפּקלאַנג פון די שאָסן, האָבן מיר גענומען מאַרשירן צו דעם וואַלד־אָפּשניט. עטלעכע שעה האָט אָן אויפהער געדויערט די שיסעריי... מיטאַמאָל איז אין וואַלד שטיל געוואָרן... מיר האָבן צוגעאיילט אונדזער מאַרש. ווען מיר זענען אָנגעקומען צום קאַמפּס־

פּלאַץ, האָבן מיר קיין לעבעדיקע שוין נישט געטראָפן. אַכט פּאַרטיזאַנער זענען דאָרט געווען און אַלע אַכט זענען העלדיש אומגעקומען אין דעם אומגלייכן קאַמף מיט דעם שונא.

זיי האָבן געקעמפט ביז דער לעצטער קויל און אויסגעקליבן בעסער דעם טויט אין קאַמף איידער זיך אונטערצוגעבן די ברוינע מערדער. וועגן דעם האָבן עדות געזאָגט אַ סך גילזן פון אויסגעשאָסענע קוילן און דער ליידיקער דיסק פון „דעגטיאַראָוו"־פּולעמיאָט, דורכגעשאָסענע און צעשטערטע טיילן פון זייער באַוואָפענונג.

עס האָבן זיך אויך געוואַלגערט אַ סך פּאַרבלוטיקטע באַנדאַזשן — אַ באַווייז פון דייטשע פאַרלוסטן. די היטלעריסטן האָבן אָבער זייערע פאַרוווּנדעטע און טויטע דאָס מאָל מיטגענומען מיט זיך.

די קערפּערס פון אונדזערע געפאַלענע חברים זענען געווען דורכגעלעכערט פון צענדליקער קוילן און צעזייט אין אַ קרייז פון אַ הונדערט מעטער. איינצלנע פון זיי זענען נאָך געווען וואָרעם.

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן מיר זיך פאַרנומען מיטן מקבר זיין אונדזערע העלדישע פּאַרטיזאַנער. געשוווירן האָבן מיר דאַן פייערלעך ביי זייערע פרישע קברים, אַז אין אַ באַפרייטער וועלט, נאָכן באַזיגן דעם שונא, זייערע קערפּערס ברענגען אין אַן ערן־קבר, אויף אַ ייִדישן בית־עולם, כּדי דאָס ייִדישע פאָלק זאָל אָפּגעבן כּבוד די, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר זייער ערע און ווירדע... מיר האָבן אויך מיט דער גרעסטער פּיעטעט אויפגעזאַמלט די רעשטלעך פון צעשטערטן פּאַרטיזאַנישן געווער און דאָס מקבר געווען צוזאַמען מיט די געפאַלענע העלדן.

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן די נעמען פון צווישן די געפאַלענע:

1) נתן גאָלדשטיין, פּסעוודאָנים „גאַטעק" — אַן אָפּשטאַמיקער פון לאָדזש, קאָמיוניסט, העלדישער אויספירער פון צוויי טויט־אורטיילן אויף געסטאַפּאָ־אַגענטן אין ביאַליסטאָק, אַנטיילנעמער אין „עקס" אויפן דייטשן געווער־מאַגאַזין אויף וואַרשאַווסקאַ־גאַס אין ביאַליסטאָק, צוזאַמען מיט פּאַוועל קאַזשעץ, בערקנער — פּסעוודאָנים „סערגיי", געווען אַ פאַרבינדלער צווישן די פּאַרטיזאַנער און ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

2) דוד ווראָנאַ — אַ העברעיִשער לערער, אַן אַקטיוויסט פון דער גרופּע הנוער־הציוני, געשטאַמט פון וואַשילקאָוואָ.

3) לייבל וויינשטיין — שומר־הצעיר; דיכטער און געטאָ־כראָניקער. אין זיינע לידער האָט ער גערופן צום קאַמף און אויך געשפּיגלט אַ וויזיע פון צוקונפט. ער האָט געזאַמלט מאַטעריאַלן פאַר אַן אָקופּאַציע־אַרכיוו. זיינע כּתבים זענען

ערגעץ באַגראָבן, אָבער ביז היינט נישט געפונען. לייבל איז אויך שפּעטער דער רעדאַקטאָר פון וואַלד־צייטונג.

וועגן די איבעריקע קען איך בלויז איבערגעבן נעמען אָדער פּסעוודאָנימען, ווי: קרישע — אַ קראַנקן־שוועסטער, פּסח, וואָליאַ, אַ סאָוויעטישער אינזשעניער אומבאַקאַנט פון נאָמען און אַנדערע.

אין חודש יוני 1948 האָבן מיר אונדזער צוזאָג דערפילט. ביי דער מיטהילף פון ביאַליסטאָקער ייִדישן קאָמיטעט איז אָרגאַניזירט געוואָרן די עקסהומאַציע פון די אַכט העלדן. עס איז אויפגעגראָבן געוואָרן זייער קבר און זייערע הייליקע ביינער זענען מיטן גרעסטן כּבוד געבראַכט געוואָרן אויפן ייִדישן בית־עולם אין ביאַליסטאָק. דעם 16טן אויגוסט 1948, אין 5טן יאָרטאָג פון געטאָ־אויפשטאַנד, ווערט זיי געשטעלט אַן אָנדענק־טאָוול אין נאָמען פון דער ייִדישער געזעלשאַפט.

כּבוד זייער אָנדענק!

# דער אויפרוף צום קאַמף

## דערציילט פון פּאַרוטשניק משה בור, פּסעוודאָנים „מאַרעק״

דער אויטאָר פון די דאָזיקע זכרונות איז איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע אין ביאַליסטאָקער געטאָ. ער האָט אָנגעפירט מיט דער אַקציע ביים אַרויסבאַקומען געווער פון די דייטשע מאַגאַזינען. אין וואַלד איז ער געווען אַ מיטגליד פון שטאָב פון דער יידישער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג „פּאָרויס״. פאַרבינדלער מיטן געטאָ און מיט די ווייסרוסישע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען אין דער ביאַלאָוויעזשער פּושטשע.

שלמה שטראָוס־מאַרקאָ

פון טאָג צו טאָג איז די לאַגע אין געטאָ געוואָרן שווערער. די היטלעריסטן האָבן סיסטעמאַטיש גענומען צוגרייטן די פאַרניכטונג פון דעם יידישן ישוב אין ביאַליסטאָק. און אָט איז געקומען דער דערוואַרטער מאָמענט.

עס איז אַ ליכטיקע לבנהדיקע נאַכט פון 15טן אויפן 16טן אויגוסט 1943. דאָס געטאָ ווערט אַרומגערינגלט מיט אַ דרייפאַכיקער קייט פון ס.ס.־לייט. די נאַכט האָט די אָנפירונג פון דער פאַראייניקטער זעלבסטשוץ אָפּגעהאַלטן איינע פון אירע זיצונגען. געווען זענען אויף דער באַראַטונג: מצד דעם אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט — דניאל מאָשקאָוויטש, יאַשקע קאַווע, מיעטעק יאַקובאָוויטש, לייביש מאַנדעלבליט, זלמן פעדער, פּתחיה מאַלער. פון „השומר הצעיר״ — זרח זיסקינד־זילבערבערג און חיהקע גראָסמאַן. פון „דרור״ — מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו און ראובשטאָק. דער בונדיסט — קוסטין. פון „הנוער הציוני״ — פּיניע האַלפּערן און דער בית״ריסט — פליישער.

צוויי ביי נאַכט דערגרייכט צו זיי די טרויעריקע ידיעה. עס ווערט געענדערט די טאָג־אָרדענונג און פּראָקלאַמירט דער ווידערשטאַנד.

דעם 16טן מאַכן די היטלעריסטן די ערשטע פּרוּוון אַרייַנצומאַרשירן אין געטאָ. דאַן קומט פון קאָמענדאַנט דניאל מאָשקאָוויטש דער באַפעל:

— זייט גרייט צום באַוואָפנטן ווידערשטאַנד!

די זעלבסטשוץ איז שוין אויף די פיס. וועלוול וואָלקאָוויסקי טיילט פונאַנדער

דאָס געווער פון דעם געהיימען אַרסענאַל. עס באַווייזט זיך אַן אויפרוף, אונטער־געשריבן פון דעם צווישנפּאַרטייִשן עקזעקוטיוו, אין וועלכן מיר לייענען:

ברידער ייִדן!

שרעקלעכע טעג זענען אויף אונדז געקומען. נישט נאָר געטאָ און געלע לאַטע, האַס און שׂינאה, באַליידיקונג און דערנידעריקונג — דער טויט שטייט פאַר אונדז. פאַר אונדזערע אויגן ווערן אַרויסגעפירט צום אומקום אונדזערע פרויען און קינ־דער, טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער. טויזנטער זענען שוין אַוועק, צענדליקער טויזנטער וועלן נאָך אַוועקגעפירט ווערן. אין די דאָזיקע שווידער־לעכע שעהען, וועלכע דעצידירן וועגן אונדזער זיין און נישט זיין, ווענדן מיר זיך צו אייך מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

זייט וויסן — פינף מיליאָן ייִדן פון אייראָפּע זענען שוין דורך היטלערן און זיינע תּליונים געטויט געוואָרן. פון פּוילישן ייִדנטום איז דערווייל פאַרבליבן נישט מער ווי צען פּראָצענט. אין כעלמנאָ און אין בעלזשעץ, אין אָשוויענטשים און אין טרעבילנקע, אין סאָביבאָר און אין אַנדערע טויט־לאַגערן זענען פאַרפּייניקט גע־וואָרן דורך פאַרשידענע מיתות־משונות איבער דריי מיליאָן פּוילישן ייִדן. זייט וויסן:

אַלע אַרויסגעפירטע ווערן געפירט צום טויט. גלויבט נישט דער פּראָוואָ־קאַטאָרישער געסטאַפּאָ־פּראָפּאַגאַנדע וועגן כּלומרשטע בריוו פון די אַרויסגע־פירטע, דאָס איז אַ צינישער ליגן. דער וועג פון די אַרויסגעפירטע פירט צו ריזיקע קרעמאַטאָריעס און מאַסן־קברים אין די געדכטענישן פון די פּוילישע וועלדער. עדער איינער פון אונדז איז אַ טויט־פאַרמישפּטער.

מיר האָבן שוין גאָרנישט צו פאַרלירן! גלויבט נישט, אַז די אַרבעט וועט אייך ראַטעווען. נאָך דער ערשטער אַקציע וועט זיין אַ צווייטע און אַ דריטע, ביז צום לעצטן ייִדן!

די צעטיילונג פון געטאָ אויף פאַרשידענע קאַטעגאָריעס איז אַ ראַפינירטער געסטאַפּאָ־מיטל, כּדי אונדז צו באַשווינדלען און דורך פאַרשידענע געשאַפענע אילוזיעס פאַרלייכטערן זיך די אַרבעט.

ייִדן! מען פירט אונדז קיין טרעבלינקע!

ווי קרעציקע חיות וועט מען אונדז פאַרסמען מיט גאַז און שפּעטער קרעמאַ־טאָריש פאַרברענען. לאָמיר נישט גיין ווי שאָף צו דער שחיטה!

אויב מיר זענען צו שוואַך צו פאַרטיידיקן אונדזער לעבן, זענען מיר אָבער גענוג שטאַרק צו פאַרטיידיקן אונדזער ייִדישן כּבוד און מענטשלעכע ווירדע און ווייזן דער וועלט, אַז מיר זענען געבונדן, אָבער נישט געפאַלן!

גייט נישט פרייוויליק צום טויט. ביזן לעצטן אָטעמצוג ראַנגלט זיך פאַרן

לעבן! מיט ציין און נעגל, מיט האַק און מעסער, מיט וויטריאָל און אייזן נעמט אויף די תּלינים. זאָל דער שׂונא באַצאָלן מיט בלוט פאַר בלוט, מיט טויט פאַר טויט!

ווען איר זיך באַהאַלטן אין מייזן־לעכער, ווען אייערע נאָענטסטע ווערן געשלעפּט צו שענדונג און טויט?

ווען איר פאַר נאָך אַ פּאָר וואָכן קנעכטיש לעבן פאַרקויפן אייער פרוי און קינדער, עלטערן, אייער נשמה?

לאָמיר פון לויער באַפאַלן דעם שׂונא, הרגענען זיי, אַנטוואָפענען, פאַלן ווי אַ העלד און שטאַרבן — נישט שטאַרבנדיק!

אַ חוץ אונדזער כּבוד האָבן מיר שוין גאָרנישט צו פאַרלירן!

פאַרקויפט נישט ביליק אייער לעבן! נעמט נקמה פאַר די פאַרטיליקטע קהילות און אויסגעוואָרצלטע ישובים! פאַרלאָזנדיק די שטוב — צינד אונטער דיווירטשאַפט, צינדט אונטער און דעמאָלירט די פאַבריקן. זאָלן די תּלינים נאָך אונדז נישט נעמען קיין ירושה!

ייִדישע יוגנט!

נעמט אַ ביישפּיל פון דורות ייִדישע קעמפערס און מאַרטירערס, פון טרוימערס און בויערס, פון פּיאָנערן און פאַרווירקלעכער — גייט אַרויס אין קאַמף. היטלער וועט די מלחמה פאַרשפּילן, די אַקס פון קנעכטשאַפט און מענטשנפרעסעריי וועט אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד, אויסגערייניקט און געלייטערט וועט ווערן די וועלט, צוליב דער דאָזיקער זוניקער צוקונפט פון דער מענטשהייט טאָרסטו נישט שטאַרבן מיט אַ הינטישן טויט! אַרויס אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער!

אַנטלויף נישט פון געטאָ — אָן געווער וועסטו אומקומען — נאָכן דערפילן דיין נאַציאָנאַלן פליכט, באַוואָפנט, גיי אין וואַלד!

געווער קענסטו באַקומען ביי יעדן דייטש אין געטאָ!

זיי שטאַרק!״

דער רוף פון דער „זעלבסטשוץ האָט געווירקט. די ייִדישע מאַסן זאַמלען זיך אין קאַמפס־גרופּעס אויף די גאַסן פון ביאַליסטאָקער געטאָ. יעדעס הויז, יעדע גאַס איז פול מיט אויפשטענדלערס, וועלכע גייען אין פייער אונטער דער אָנפירערשאַפט פון אַזעלכע אויסגעפּרוווטע קעמפערס און אַרבעטער־טוערס, ווי: לייביש מאַנדעלבלאַט, מיטעק יאַקובאָוויטש, יאָשקע קאַווע, יודיטע נאָוואָגרודזקאָ, אַהרן אָסקאַלאַ, יאָסל ליכטנשטיין, ריווע וואַרשאַווסקאָ און אַנדערע.

די קאָמענדאַנטן פון אויפשטאַנד דניאל באָשקאָוויטש און מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָף, האָבן אַן אויסגעאַרבעטן פּלאַן פון טעטיקייט. אין דער געגנט פון

טשעפּלאָ און יוראַוויעצקאַ פאַרבאַריקאַדירן זיך די אויפשטענדלערס. די קאַמפנ־דאַנטן טרעפט מען אומעטום אויף די ערטער.

דעם 16טן אויגוסט, אַכט אַ זייגער פרי, עפענען זיך די טויערן פון געטאָ אויף יוראַוויעצקאַ־גאַס און עס מאַרשירט אַריין דער ערשטער ס.ס.־באַטאַליאָן אין שפּיץ מיט אַ העכערן אָפיציר. ווען דער באַטאַליאָן גייט אָפּ עטלעכע טריט אויפן געביט פון געטאָ, דערהערט זיך אַ שאָס און עס פאַלט אַ טויטער דער אָפיציר. די ס.ס.־לייט עפענען אַ שיסעריי פון אויטאָמאַטיש געווער און אַליין ציִען זיי זיך צוריק פון געטאָ... דאָס האָט אַ יונג ייִדיש מיידל געגעבן דעם טרעפלעכן שאָס.

צען אַ זייגער קומען שוין פאַרשטאַרקטע מאָטאָריזירטע כּוחות. זיי צעשפּרייטן זיך אָבער נישט איבער די גאַסן פון געטאָ, נאָר שטעלן זיך אָפּ ביים ייִדן־ראַט אויף קופּיעצקאַ־גאַס. פון דאָרט פּלאַנירן זיי די איבערפאַלן, נעמענדיק צו הילף אַלס אויסשפּירער און וועגוויַיזער די ייִדישע פּאָליציי.

די ערשטע סיגנאַלן פון קאַמף ווערן איבערגעגעבן דורכן אונטערציִנדן דעם ערשטן קאָמבינאַט. דאָס איז געווען דער צייכן, אַז דאָס געטאָ וועט זיך אין קאַמף נישט אונטערגעבן. די שׂריפה פון ערשטן קאָמבינאַט, אין וועלכן ס׳האָבן אויך געאַרבעט פּוילישע אַרבעטער, האָט מודיע געווען דער פּוילישער גאַס, אַז די פון לאַנג געפּייניקטע, אויסגעמאַטערטע, דערשלאָגענע ייִדן, טרעטן אַרויס מיט געווער אין האַנט און זאָגן זייער לעצט מוטיק וואָרט, אין דעם מיליטעריש פּאַרויס־פאַרשפּילטן געראַנגל.

אויף דער רוזשאַנסקאַ־ אין דער טיך־פאַבריק, פאַרבאַריקאַדירן זיך און וואַרטן אויף די הענקערס די ביאַליסטאָקער רעוואָלוציאָנערע שוסטערס. ווען עס באַווייזן זיך די ס.ס.־לייט טרעטן די יאַטן אַרויס אונטער דער אָנפירערשאַפט פון העלדישן קעמפער — זלמן פעלדער. אין אַ פאַרביטערטן און קורצן געראַנגל, אין וועלכן עס פאַלן פיל דערהרגעטע דייטשן, טראָגן זיך די שוסטערס אַריבער אויף יוראַוויעצקאַ־גאַס, אין דער סטאָלעריי, ווו עס איז כּלומרשט קיינער נישט פאַראַן. די דייטשן גייען אַריין דרייסט, אָבער פון די פאַרשטעקטע ערטער, צווישן די מאַשינען, דערהערן זיך רעוואָלווער־שאָסן, פון וועלכע עס פאַלט אַן אָפיציר און עטלעכע ס.ס.־לייט. דאָס האָט דער יונגער סטאָליער פון וואַרשע, העניעק פאַלק, געלאָזט הערן וועגן זיך...

אין יעדער פאַבריק טרעפן די דייטשן אויף אַ ווידערשטאַנד און די געבליבענע קעמפערס ציִען זיך צוריק אויפן אָפּשניט יוראַוויעצקאַ — טשעפּלאַ, כמיעלנאַ — נאָוואָגרודזקאַ... די דייטשן זעען, אַז דער קאַמף פאַרציט זיך, טוען זיי אַריינפירן טאַנקן. דער ערשטער טאַנק ווערט אָבער אויפגעריסן דורך אַן אונטערגעלייגטער מינע, אויף עק יוראַוויעצקאַ־גאַס און טשעפּלאַ. די געסטאַפּאָ זייענדיק אינפאָר־

מירט, אַז די זעלבסטשוץ גרופּירט זיך אַרום דעם גאָרטן אויף נאָוואָגרודזקאָ, שיקט אַרויס ערעפּלאַנען, וועלכע לאָזן זיך אַראָפּ זייער נידעריק און באַשיסן מיט מאַשין־געווער די קעמפּערס. אויך דאָס ברעכט נישט דעם ווילן צום קאַמף ביי די מוטיקע אויפשטענדלערס. זיי געפינען זיך דעקונגען אין די קעלערס און וואַרטן אויף דעם ס.ס.־מיליטער. דער ערשטער צוזאַמענשטויס אין יענער געגנט קומט פאָר אויף יוראַוויעצקאַ־גאַס נומער 26. דאָרט ליגט פאַרבאַריקאַדירט מאַרעק קראַמאַזשעס קאַמפס־גרופּע. לאַנג דויערט דער קאַמף פון דער שוואַך־באַוואָפנטער גרופּע מיט די דייטשן, וואָס זענען אויסגעשטאַט מיט געווער פון נייסטן סיסטעם. ווען עס איז שוין נישט געווען קיין מעגלעכקייט איינצוהאַלטן די פּאָזיציע, וואַרפט די חברטע רעניע וויערניק אַ גראַנאַט. עס צעפאַלט זיך דאָס הויז, אין וועלכן עס בלייבן פיל טויטע היטלעריסטן. מיט ענלעכע ערנסטע צוזאַמענשטויסן טרעפן מיר זיך כסדר אין פאַרשידענע טיילן פון געטאָ. די קאַמפן טראָגן זיך איבער פון די פאַבריקן אויף די גאַסן, ווי: פאַבריטשנאַ,ביים פרייהייטס־פּלאַץ, אויף כמיעלנאַ, נאָוואָגרודזקאַ, רוזשאַנסקאַ, עק ניי־וועלט און אַנדערע.

ווען די קאַמפן צעפלאַקערן זיך און אַמוניציע ווערט וואָס ווייניקער, פאַלט דער באַפעל פון שטאַב: אַלע שטורעמען דעם פּאַרקן אויף פאָלעסיער־גאַס. פריִער זענען די פאַרקנס אונטער אַ האָגל פון קוילן געוואָרן אונטערגעצונדן דורך דער פּרויען־גרופּע פון מיקע דאַטנער. ליידער איז געווען שווער דורכצוריייסן דעם דרייצעפּיקן קאָרדאָן פון היטלעריסטן. איינצלנע בלויז געלונגט זיך דורכצושלאָגן און זיך פאַראייניקן מיט די פּאַרטיזאַנער.

אַ וואָך צייט דויערט דער קאַמף אין געטאָ. פון פאַרשידענע זייטן הערט זיך אַלץ דאָס געדיכטע שיסעריי און גראַנאַטן־אויפרייסן.

אַ גרופּע פון צוויי און זיבעציק אויפשטענדלערס, נישט האָבנדיק מער קיין אַמוניציע, פאַרמאַסקירט זיך אין אַ ברונעם־בונקער אויף כמיעלנע נומער 7. דער ברונעם ווערט אויפגעדעקט שפּעטער און די לעצטע קעמפּערס ווערן געפירט צום טויט. מוטיק, מיט געזאַנג פון „טשערנאָווי שטאַנדאַר” אויף די ליפּן, מיט אויסרופן לכבוד דער רויטער אַרמיי, דעם יידישן פאָלק און אַ פריי פוילן, גייען די יונגע מאַטירער צום צוגעגרייטן גרוב, ווו זיי ווערן דערשאָסן שטייענדיק...

דעם 20סטן אויגוסט ווערט ליקווידירט דאָס שפּיטאָל אויף פאַבריטשנאַ־גאַס, וועלכעס האָט געגעבן הילף די פאַרוווּנדעטע קעמפּערס. דאָרט קומט אום דער לערער און אידעיִשער פירער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, דער פאַראַלי־זירטער חבר, יוסף דרייער. אומפאַרגעסלעך זענען זיינע וואַרעמע ווערטער, מיט וועלכע ער האָט אַזוי פיל מוט צוגעגעבן די פּאַרטיזאַנער און אויפשטענדלערס, ביז די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן...

אויף פאַבריטשנע געפינט זיך נאָך וועלוול וואָלקאָוויסקי. ער מיט אַ גרופּע טראַנספּאָרט־אַרבעטער, זאַמלען אויף דאָס געבליבענע געווער און פירן עס אַרויס אין וואַלד. וועלוול קערט זיך נאָך איין מאָל אום אָבער ער באַוויזט מער נישט זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ...

עס קעמפט דאָ אויך אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער, וועלכע זענען געקומען פון וואַלד מיט די חברים טאַדעק מאַלער און חיים לאָפּטשינסקי אין דער שפּיץ. זיי ווייזן דער געסטאַפּאָ, ווי שווער ס׳איז צו קעמפן מיט די שוואַך באַוואָפנטע, אָבער פאַרביסענע און העלדישע ייִדן, וואָס האַלטן אויס ביז צום לעצטן.

אַזוי גייט אויס דער ווידערשטאַנדס־קאַמף אין ביאַליסטאָקער געטאָ, וואָס האָט אַריינגעשריבן אַ העלדיש בלאַט אין דער געשיכטע פון די פּוילישע ייִדן...

עס רירן שפּעטער צענדליקער צוגן, געפּאַקט מיט זקנים, פרויען און קינדער אין דער ריכטונג פון טרעבלינקע, אָשוויענטשים, מאַידאַנעק... דאָס געטאָ ענדיקט זיין לעבן.

דער ייִדישער ישוב אין ביאַליסטאָק ווערט אָבער נישט אויסגעמעקט פון דער מאַפּע. דעם קאַמף אין די וועלדער פון ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדשאַפט איז ממשיך דער ייִדישער פּאַרטיזאַנען־אָטריאַד „פאָרויס״, וועלכער נעמט נקמה אין די מערדערס.

# צום אָנדענק די געפאַלענע אין קאַמף, צוויי העלדישע פאַרטיזאַנער — מנשה ליכטענשטיין און חיים קאָן

### דערציילט פון משה בוך, פרעוודאַנים „מאַרעק"

ווי לעבעדיק שטייען זיי פאַר די אויגן, די צוויי טייערע חברים און קעמפערס, די אומדערשראָקענע פאַרטיזאַנישע אויסשפּירערס — מנשה ליכטענשטיין און חיים קאָן.

מנשה איז געקומען צו די פאַריזאַנער אַלט זייענדיק קוים זיבעצן יאָר. גע־בוירן אין וואַרשע ביי אַ טאַטן אַ סטאָליער, האָט ער זייער פרי דערפילט דעם גורל פון זיין קלאַס אין סאַנאַציע־פוילן.

דערצויגן אין אַ סאָציאַליסטישער סביבה — דער טאַטע, יוסף ליכטענשטיין, אַן אַלטער מיטגליד פון ק.פ.פּ., פאַרזיצער פון לינקן האַלץ־פאַראיין אין וואַרשע, דער עלטערער ברודער שמואל ליכטענשטיין, באַקאַנט אין דער באַוועגונג אַלס „שמואליק", נאָך אַלס קאָמיוגיסט איז ער שוין אַ תושב אין דער בריסקער תפיסה. דער פלינקער, יונגער יאָט האָט ביי וועמען צו לערנען. עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס שוין אין צוועלפיאָריקן עלטער איז ער איינער פון די אַקטי־וויסטן אין דער פּיאָניער־אָרגאַניזאַציע.

מנשה איז אויך זייער באַגאַבט. ער איז איינער פון די בעסטע שילערס אין זיין קלאַס. ס'איז ווערט אונטערצושטרייכן, אַז אַלס ייִד אין סאַנאַציע־פוילן ווערט ער אויסגעצייכנט מיט אַ סטיפּענדיע אין גימנאַזיע. די מלחמה פון יאָר 1939 רייסט איבער זיינע טרוימען און דראַנג צו וויסן, צו בילדונג.

נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון וואַרשע איז די פאַמיליע ליכטענשטיין צוזאַמען מיט אַנדערע פּליטים אַוועק אויף מזרח. זיי קומען קיין בריסק, ווו עס געפינט זיך אין געפענגעניש זייער עלטערער זון „שמואליק"... די פרייד פון זיין באַפרייונג איז גרויס, אָבער דויערט נישט לאַנג. שמואל קומט צו דער רויטער אַרמיי, שפּעטער אויפן פראָנט און געזעגנט זיך מיט זיינע נאָענטסטע אויף אייביק...

דער שיקזאַל פאַריאָגט זיי קיין ביאַליסטאָק. דער טאַטע און דער זון טרעטן צו צו דער געהיימער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע. יוסף ליכטענשטיין איז אויך סעקרעטאַר פון קרייז אויף רוזשאַנע נומער 4, מיט וועלכן ער פירט אָן בעת דעם אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ. אויך די מאַמע פייגע שטייט דאָ נישט

אָפּ. זי איז די אמתדיקע מאַמע פון דעם קרייז. נישט איין מיטגליד פון דער אָרגאַ־ניזאַציע וואַשט זי אויס אַ העמד און דערקוויקט מיט אַ וואַרעמען טעלער זופּ.

דער יונגער מנשה ליכטענשטיין איז ווי אַ פויגל, וועלכער פילט זיך געפאַנגען ווי אין אַ גאָלדענער שטייג. טראָץ זיין אונטערערדישער טעטיקייט, אין וועלכער ער שטעקט מיט לייב און נשמה פון זיין ברויזנדיקן יונג לעבן, גיט דאָס אים נישט קיין באַפרידיקונג. דער בלאָנדער, שלאַנקער בחור, מיט דעם פאַררייסענעם גוייִשן נעזל, טרוימט וועגן אַן אָפענעם קאַמף מיט געווער אין האַנט. ער וויל נעמען נקמה פאַר זיין פאַררויבטער יוגנט, פאַר דער ווירדע און שטאָלץ פון זיין פאָלק.

נאָוועמבער 1942 הייבט זיך אָן די באַוועגונג פון אַרויסגיין פון געטאָ אין די ביאַליסטאָקער וועלדער, כּדי זיך אָרגאַניזירן אין פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען. אונטער דער אָנפירונג פון יוזשעק מאַרגוליס, גייט אַרויס אַ גרופּע פון זיבעצן יוגנטלעכע, צווישן וועלכע עס געפינט זיך מנשה ליכטענשטיין.

די היטלעריסטן דערפילן אַ נייעם כּוח, וועלכער איז אויפגעשטאַנען אין קאַמף קעגן זיי. עס קומט צו אַ סך צוזאַמענשטויסן מיט די יונגע פּאַרטיזאַנישע גרופּעס, וואָס די דייטשן באַמיִען זיך צו ליקווידירן, אָבער אָן גרויסן דערפאָלג. די גרופּעס, פאַרקערט, האַלטן אין איין וואַקסן. מיט יעדן טאָג קומען צו נייע כּוחות און עס ווערן דורכגעפירט אַלץ גרעסערע און גרעסערע אַקציעס קעגן שׂונא.

מנשה ליכטענשטיין איז דאָס אויג און די נשמה פון זיין פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג. מנשה איז אַן אויסשפּירער... ער גייט אויף די געפערלעכסטע אָפּשניטן, ער איז דער וועגווייזער צום אָנגריף אויפן שׂונא... אין איינעם אַזאַ קאַמף האָט אַ היטלעריסטישע קויל איבערגעשניטן זיין יונג העלדיש לעבן.

כּבוד זיין ליכטיקן אָנדענק!

אייביק וועט אויך בלייבן אין מיין זכּרון דער האַרציקער בעלכאַטאָוועער בחור, חיים קאָן. איז דען מעגלעך צו פאַרגעסן דעם טרוימער פון אַ זוניקן מאָרגן, פון גלייכהייט און פרייהייט, וועלכער האָט שוין אין זיינע יונגע יאָרן רעציטירט זיינע אייגענע לידער, דורכגעזאַפּטע מיט ליבע צום מענטשן?

פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט ווערט ער אין יאָר 1935 פאַראור־טיילט אויף אַנדערטהאַלבן יאָר תּפיסה, אָבער דאָס שרעקט נישט אָפּ זיין ברויזי־קע נאַטור. מיט נאָך אַ גרעסערן ברען וואַרפט ער זיך שפּעטער אין קאַמף פאַר דער אַרבעטער־זאַך.

אין די שוואַרצע טעג פון חודש סעפּטעמבער 1939 קומט חיים קיין וואַרשע.

ער נעמט אָנטייל צוזאַמען מיט דער פּוילישער פּאַטריאָטישער אַרבעטערשאַפט, מיט געווער אין האַנט ביים פאַרטיידיקן די אַרומגערינגלטע הויפּטשטאָט. וואַרשע פאַלט און חיים קומט קיין ביאַליסטאָק, ווו ער שטעלט זיך אין פאַרבינדונג מיט דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע.

דעם 2טן נאָוועמבער 1942 געפינט זיך חיים אין שטעטל סופּראַשל, נעבן ביאַליסטאָק. אין יענע טעג ווערן די דאָרטיקע יידן דעפּאָרטירט. געסטאַפּאָ־הענקערס טרייבן אַרויס די יידן צו דער באַן, וועלכע דאַרף זיי כלומרשט פירן צו אַרבעט. חיים רוט נישט. ער איבערצייגט און ווענדעט זיך צו די מיטפאָרערס מיט די ווערטער: „גלייבט נישט די הענקערס, מיר פאָרן נישט אויף קיין אַרבעט, מיר פאָרן קיין טרעבלינקע, ווו מיר וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַש!"

חיים, צוזאַמען מיט זיין פרוי שפּרינגען פון וואַגאָן־פּענצטער. די געסטאַפּאָ־וואַך עפנט אַ פייער. עס פאַלט זיין פרוי. אַ צעבראָכענער און פאַראייניזאַמטער קומט חיים אין וואַלד. עס הייבט זיך אָן זיין פון לאַנג אָנגעצייכנטער וועג פון קאַמף און נקמה.

מיר טרעפן אים אין דער יידישער פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונג „פאָרויס". אויף די שווערסטע אָפּשניטן פון קאַמף צייכנט ער זיך אויס מיט פול העלדישקייט און דרייסטקייט. חיים איז אַן אויספירער. ער גייט אין די געפערלעכסטע געביטן פון דייטשע גאַרניזאָנען, ליגט אויף אַ לאָקער־פּונקט, אַפּוואַרטנדיק דעם ווייס־רוסישן פאַררעטער קאַראַבאָוויטש, אויף וועלכן דער שטאַב האָט אַרויסגעגעבן אַ טויט־אורטייל. ער פעלט נישט ביים מינירן באַן־רעלסן, בריקן, ביים אונטערשניידן טעלעפאָן־סלופּעס, ביי איבערפאַלן אויף דייטשע גאַרניזאָנען. אומעטום טרעפט מען חיימען.

דעם 18טן אויגוסט 1943 קומט צו אַ קאַמף מיט אָפּטיילונגען פון ס.ס. ביים דאָרף טעלעטשאַנקאַ, ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדשאַפט. דער קאַמף איז אַ פאַרביי־טערטער. נישט ווייט פון אים פאַלט די באַזעצונג פון אַ קוילנוואַרפער, ער קייקלט זיך צו, כדי אים צו באַדינען. ער באַוויזט נישט. אַ קויל דערגרייכט אים און ער בלייבט אויפן שלאַכטפעלד.

ביי נאַכט, נאָך דער שלאַכט, ווען מיר ברענגען צו קבורה דעם דורכגע־לעכערטן קערפּער פון יונגן העלד, אויף אַ בערגל אונטער אַ בערעזע, גיבן מיר אַ שבועה: „נישט אַוועקלייגן דאָס געווער, ביז דער פאַשיזם וועט נישט באַזיגט ווערן".

היינט דערמאָנען מיר חיימען מיט נישט געמינערטן ווייטיק. דער ליכטיקער אָנדענק וועגן אים וועט בלייבן אויף אייביק.

# די צוגרייטונגען צום באַוואָפנטן ווידערשטאַנד

## דערציילט פון מלכּה רוזשיצקאַ, פּסעוו׳ „מאַרילאַ״, זאָפיאַ סאַמאַילאַ״

אין דעצעמבער 1941 איז פאָרגעקומען די ערשטע פאַרזאַמלונג פון אַ גרופּע אַנטיפאַשיסטישע טוערס פון ביאַליסטאָק. ס׳איז באַרירט געוואָרן די פראַגע וועגן שטענדיקן פאַרויסמאַרש פון היטלעריסטישע חילות און דעם שאַפן אין הינטערלאַנד אַ דיווערסיע־אַרבעט.

דער אויסגעאַרבעטער פּלאַן האָט שוין דאַן פאָרויסגעזען: אָרגאַניזירן פּאַרטיזאַנישע גרופּעס, געבן הילף די סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע, פאַרשפּרייטן די סאָוויעטישע ראַדיאָ־ידיעות, שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע אין געטאָ און אויסערן געטאָ.

אין הסכּם מיטן באַשלוס זענען מאַרילאַ און עווע שוואַרץ אַרויס פון געטאָ, כּדי אַנצובינדן קאָנטאַקטן מיט פּוילישע און ווייסרוסישע חברים.

מאַרילאַ ברענגט אין געטאָ אַריין דעם פּוילישן חבר, אַנטאָני יאַקובאָווסקי, אַלס ייִד „אַברהם לעווין״. עס קומט צו דער זיצונג אין געטאָ־שפּיטאָל, אין וועלכער עס נעמען אָנטייל: שלמה לאַזער יאַקובאָוויטש, פּסעוודאָנים „מיעטעק״, עווע שוואַרץ, בלומע לאַקס — פּסעוודאָנים „קוויעטאַ״, רבקה שינדלער־וואַיסקאָווסקאַ, אַסעלע הערץ און מאַרילאַ. דאָס איז געווען דער ערשטער פּראָוויזאָרישער קאָמיטעט פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ.

זיי קניפּן אויך שפּעטער אָן אַ קאָנטאַקט מיט דער ווייסרוסישער גאַס, מיט וועלכער עס פירט אָן די העלדישע ווייסרוסישע אַנטיפאַשיסטקע — אַננאַ טשערוויאַקאָווסקאַ, פּסעוודאָנים „ניוראַ״, מיט איינציקע סאָוויעטישע בירגער און אויך מיט אַנטיפאַשיסטישע דייטשן.

שוין אין פעברואַר 1942 האָט מען ביי די ברידער פּאַוועל און שלום קאָזשעץ אַריינגעשטעלט אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט און אָנגעהויבן אַרויסגעבן טעגלעכע קאָמוניקאַטן. די קאָמוניקאַטן, אין אָנהייב געשריבענע מיט דער האַנט, זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין די פאַבריקן אין געטאָ און אויסער אים.

די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אין אַ קורצער צייט אַרום געציילט אין געטאָ איבער זעכציק מיטגלידער. אויך אויסערן געטאָ האָבן זיך געפונען טעלעכע קעמערלעך און ווייטער געהאַלטן אין איין וואַקסן.

אַ גרויסער קלאַפּ פאַר די אונטערערדישע קעמפערס איז געווען דער טויט פון חבר יאַקובאָווסקי. אין שייכות מיטן שאַפן די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי

פּ.פּ.ר. אין וואַרשע, ווערט ער אַרויסגערופן אין צענטער. דאָרט האָט מען געהאָפט אויף אַ קאָנטאַקט מיטן צענטראַל־קאָמיטעט פון דער נײַ־אַנטשטאַנענער פּאַרטיי. יאַקובאָווסקי ווערט אויפן וועג אַנטפּלעקט דורך אַ פּראָוואָקאַטאָר און ער פּאַלט אַרײַן אין די הענט פון געסטאַפּאָ...

די חברים לאָזן אָבער נישט אַראָפּ די הענט. דורך דער פאַרמיטלונג פון חיהקע גראָסמאַן, פּסעוודאָנים „האַלינאַ", באַקומען זיי אַ בריוו פון חבר יוסף לעוואַרטאָווסקי פון וואַרשע צו שאַפן אַ געמיינזאַמען פראָנט פון אַלע אָרגאַניזאַציעס, מיט אַן איינהייטלעכער אָנפירונג. עס ווערט געשאַפן אַ זעלבסטשוץ. זי ווערט פונאַנדערגעטיילט אויף ראַיאָנען, בלאָקן, הײַזער. דער הויפּט־קאָמענדאַנט איז דער פינף־און־דרײַסיק יאָריקער דניאל מאָשקאָוויטש, פּסעוודאָנים „יעזשי".

דער געמיינזאַמער קאָמפּס־פראָנט איז געשאַפן געוואָרן אונטערן לאָזונג: „וואָס מער געווער, צעמענטירן די כּוחות, שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, מיט ווירדע אומקומען, אָדער זיך אַרויסרײַסן אין וואַלד".

אין געטאָ האָט מען אין משך פון אַ קורצער צײַט אויסגעאַרבעט אַרום פינף טויזנט גראַנאַטן. דער איניציאַטאָר פון דער אַרבעט איז דניאל מאָשקאָוויטש. עס ווערן אָרגאַניזירט צוויי איבערפאַלן. איינער אויף די מיליטערישע וואַר־שטאַטן אויף דער קרושעווסקאַ־גאַס, בעת וועלכע מען האָט זיך אײַנגעשאַפט אַכצן ביקסן און זעקס רעוואָלווערן. אין דעם איבערפאַל האָבן זיך באַטייליקט: ראובן לעווין — „סערגיי", נתן גאָלדשטיין — „באַטעק", וועלוול וואָלקאָוויסקי, פאַניע האַלפּערן, משה בוך — „מאַרעק", שלום קאָזשעץ, מלכּה רוזשיצקאָ און אַנדערע. דער צווייטער איבערפאַל אויף דער געסטאַפּאָ, אויף דער שיענקיעוויטשאַ־גאַס נומער 15, ווו זיי האָבן דערוואָרבן דרײַסיק ביקסן.

אַ קוואַל פון געווער און אַמוניציע ווערט פאַר די אונטערערדישע קעמפערס דער 42סטער פּאָלק, ווו עס אַרבעטן אייגענע יאַטן. טאָג נאָך טאָג, טראָגט מען אַרויס פון די מאַגאַזינען געגנבעטע געווער, פאַרשידנאַרטיקע ביקסן און טײלן פון ביקסן, קוילן און גראַנאַטן. מיט די אוצרות ווערט רײַכער דער אַרסענאַל פון די ייִדישע קעמפערס, וואָס זענען זיכער אַז איצט וועלן די דײַטשן דערפילן אַז זיי זענען נישט גרייט זיך אונטערצוגעבן אָן קאַמף.

אין דער צוגרייטונג צום באַוואָפנטן קאַמף זענען אַרײַנגעצויגן געוואָרן אַ סך מענטשן פון געטאָ, וואָס זענען נאָר געווען אַנטשלאָסן צו שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד דעם ברוטאַלן מערדער. אַזוי אַרום האָט די פאַראייניקטע קאָמפּס־אָרגאַניזאַציע אין דער דאָזיקער צײַט שוין געציילט בײַ טויזנט פיר הונדערט מיטגלידער.

אַ ביז גאָר באַדייטנדיקע ראָל האָבן אין דער אַרבעט געשפּילט די מיידלעך

מיט אַרישן אויסזען און אַרישע דאָקומענטן, ווי: ליזע טשאַפּניק — פּסעוודאָנים „מאַרישאַ מראַזאָווסקאַ", אַניאַ רוד — פּסעוודאָנים „אַגאַטאַ",ביידע אָפּשטאַמיקע פון גראָדנע, חיהקע גראָסמאַן — פּסעוודאָנים „האַלינאַ וואָראָניעזש", אַ טוערין פון השומר הצעיר, כאַסיע ביעליצקאַ — פּסעוודאָנים „האַלינאַ סטאַסיוק", יאַנקע מאַלעווסקאַ — פּסעוודאָנים „עדזיאַ", גראָסמאַן מירל — פּסעוודאָנים „יוליאַ", זשעלנסקאַ האַנקאַ, מלכּה רוזשיצקאַ — פּסעוודאָנים „זאָפיאַ סאַמאָילאָ" און אַנדערע.

אונטער דער אָנפירונג פון אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט זענען די מיידלעך געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער „אַרישער" זייט, מיט די פּאַרטיזאַנען אין וואַלד און ערב דעם אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי — אויפן באַפעל פון דער פּאַרטיזאַנישער אָנפירונג — צוגעגרייט דעם קבלת פּנים אין שטאָט, און שפּעטער אַנגעוויזן אויף וויכטיקע פּונקטן מינירטע דורך די דייטשן.

# די כאַראַקטעריסטיק פון מלפּה רוזשיצקאַ — מאַרילע „סאַמאָילאָ״

דער שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנישער בריגאַדע אויפן נאָמען פון
ק. קאַלינאָווסקי.
גראָדנע, דעם 12טן סעפּטעמבער 1944.
באַשטעטיקונג.

די חברטע מאַרילע רוזשיצקאַ, געבוירן אין יאָר 1920 אין לאָדזש, האָט גע־אַרבעט אין אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק (זייט מאַי 1944, אָנגע־פירט דורכן שטאַב פון דער בריגאַדע אויפן נאָמען פון קאָסטיוס קאַלינאָווסקי, פאַראייניקונג פון גענעראַל־מאַיאָר קאַפּוסטאַ).

די חברטע רוזשיצקאַ מאַרילאָ האָט געהערט צו דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע זייט סעפּטעמבער 1941 ביז יולי 1944. זי איז געווען איינע פון די אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירערס פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע. אין דער אונטערערדישער אַרבעט האָט זי זיך געוויזן אַלס דרייסטע, אויסגעהאַלטענע, דעצידירט און שנעל אָריענטירנדיקע זיך אין אַלע פאַרהעלטענישן.

זייט יאַנואַר 1943 האָט זי געאַרבעט אונטערן פּסעוודאָנים „זאָפיאַ סאַמאָילאָ״. ריזיקירנדיק מיטן לעבן פלעגט זי ביי נאַכט איבערטראָגן מאַשין־געווער און ביקסן צו די יידישע פּאַרטיזאַנען, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די ביאַליסטאָקער וועלדער. זי נעמט אָנטייל אין באַזאָרגונג פון געווער. אַזוי, צום ביישפּיל, אין איבערפאַל אויפן געסטאַפּאָ־מאַגאַזין פון וועלכן מ׳האָט אין איין נאַכט אַרויסגע־טראָגן דרייסיק ביקסן.

די חברטע רוזשיצקאַ האָט אַריבערגעפירט צו די פּאַרטיזאַנען מענטשן אַנטלאָפענע פון די טראַנספּאָרטן, געפירטע צום טויט, פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן און פון דער געסטאַפּאָ.

דעם אָטריאַד פון א. מאַטראַסאָוו פון דער בריגאַדע ק. קאַלינאָווסקי האָט זי איבערגעגעבן קאָמפּאַסן, מאַפּעס, אויסשפּיר־מאַטעריאַלן וועגן דער דיסלאָקאַציע פון די פיינטלעכע מיליטערישע פאָרמאַציעס, שוץ־מיטלען קעגן פליִערס, פּאָליציי געסטאַפּאָ און ערטער מינירטע דורך דעם שונא.

די חברטע מ. רוזשיצקאַ האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן ליטעראַטור, אַרויסגעגעבענע פונעם אונטערערדישן קאָמיטעט פון ל.ק.ס.מ.ב. און ק.פּ.ב./ב. און



פון רעכטס — חייקה גראָסמאַן, פון לינקס —
מלכה רוזשיצקאַ — מאַרילאַ „סאַמאָילאָ"

ידיעות פון סאָוויעטישן נאַכריכטן־ביוראָ, וואָס זי האָט געבראַנגט פון די פּאַרטי־זאַנען.

די חברטע רוזשיצקאַ האָט איבערגעטראָגן פאַר די פּאַרטיזאַנען פון א. מאַטראָסאָוו אַ גרויסע צאָל מעדיקאַמענטן, לאָמפּן פון ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, וואָלטאַ־מאַטערן און אַנדערע נייטיקע זאַכן.

פון פּאַרטיזאַנישן שטאַב „ק. קאַלינאָווסקי" פלעגט זי טראָגן טאָל, פאַר דער אָרגאַניזאַציע אין שטאָט, מיט וועלכן מען פלעגט זיך באַנוצן ביים אויספירן פאַרשידענע דיווערסיע־אַקטן.

נישט געקוקט אויף איר שוואַכן געזונט האָט זי ענערגיש זיך גענומען צו יעדער אָנפאַרטרויטער אויפגאַבע און אויסגעפירט זי געטריי.

די חברטע רוזשיצקאַ איז צוגעשטעלט געוואָרן צו אַן אויסצייכענונג. פאַרטרעטער פון בריגאַדע־קאָמאַנדיר פון „ק. קאַלינאָווסקי" פּאָדפּאָלקאָווניק (וואָיטשעכאָווסקי).

דער פאָרשטייער פון אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק. בריגאַדע־קאָמיסאַר פון „ק. קאַלינאָווסקי" (אָסיפּאָוו). (טשאַפּניק־מאַראָזאָווסקאַיאַ).

# די קרינקער פּאַרטיזאַנער

## דערציילט פון היסטאָריקער, דאָצענט פּאַוועל קאָזשעץ, פּסעוודאָנים „אַנטאָני באַלינסקי"

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער געציילט אין גאַנצן 19 יאָר. אינסטינקטיוו האָט ער געפילט, אַז עס רוקן זיך אָן טראַגישע טעג פֿאַר דעם פּוילישן פֿאָלק בכלל און פֿאַר דעם יידישן בפרט. פּאַוועל מעלדעט זיך פריי־וויליק אין דער פּוילישער אַרמיי, כּדי צו קעמפן קעגן די היטלעריסטישע אַריינ־דרינגערס. ווי היישעריקן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף דער פּוילישער ערד די ברוינע היטלעריסטישע רויב־אַרמייען. מיט רויב, בראַנד, מאָרד האָט פּאַרזייט איר מאַרשרוט די בעסטיע. צום ביטערן באַדויערן זענען די אייגענע כּוחות געווען צו שוואַך צו קענען אויפהאַלטן דעם מאַרש פון די באַוואָפנטע ביז די ציין, מיט דער נייסטער מיליטערישער טעכניק, דייטשע חילות. און די דערוואַרטע הילף, וועלכע האָט געדאַרפט קומען פון די פּאַרבינדעטע מלוכות פון מערב איז געבליבן בלויז אויפן פּאַפּיר.

די פּוילישע אַרמיי וואַרפט די גרעסטע כּוחות כּדי צו פּאַרטיידיקן די הויפּט־שטאָט, אָבער אָן דערפֿאָלג. איבערלאָזנדיק אַ סך קרבנות, האָט וואַרשע קאַפּיטו־לירט. צוזאַמען מיט אַנדערע פּליטים, האָט קאָזשעץ זיך אַוועקגעלאָזט אויף מזרח. ער קומט קיין ביאַליסטאָק. דאָ, אין שטאָט פון רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס, ווערט ער אַריינגעצויגן אין דעם צווייטן עטאַפּ פון קאַמף מיט די ברוינע באַרבאַרן.

אין ביאַליסטאָקער געטאָ שליסט ער זיך אָן אין דער געהיימער אַרבעט, וואָס האָט דאָ אַ גאַנץ ברייטן פּאַרנעם. אין שטוב, ווו ער וווינט צוזאַמען מיט זיין ברודער שלום, איז אינסטאַלירט אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט. עס קומט צו זיי דער אינזשי־ניער אָשר פּאָלמאַן און צוזאַמען הייבט מען אָן אַרויסצוגעבן העקטאָגראַפישע ביולעטינען, לויט די אויפגענומענע געהיימע ראַדיאָ־ידיעות. כּדי נישט אַרויס־צורופן קיין חשד צום געטאָ, ווערט דער ביולעטין אַרויסגעגעבן אין דער פּוילישער שפּראַך און נישט אין יידיש. פּאַוועל ציט אויך אַריין אין דער אַרבעט זיין חבר ראובן לעווין, פּסעוודאָנים „סערגיי" — אַן אָפּשטאַמיקער פון דעם שטעטל וויש־קווו. דער ביולעטין ווערט פּאַרשפּרייט אויך אויף דער פּוילישער גאַס, מיט וועל־כער — צווישן אַנדערע — אויך ער איז דער פּאַרבינדלער. ער גייט אָן אַלס פּאָליאַק „אַנטאָני באַלינסקי".

זיי גיבן אויך אַרויס אַ בראָשור וועגן דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער טרע־בלינקע און דעקן אויף דעם גאַנצן אמת וועגן דאָרטיקן גהינום.

די בראָשור איז געווען אָנגעשריבן לויט דער דערציילונג פון אַ גראָדנער ייִד, וועמען ס׳איז געלונגען פון דאָרטן צו אַנטלויפן.

לאַנג איז אים אָבער דאָ נישט אויסגעקומען זיך פאַרהאַלטן. אין חודש נאָוועמבער 1942, גייען זיי אַרויס אין וואַלד, אַ באַוואָפנטע גרופּע פון 17 מאַן. בראש פון דעם קליינעם אָטריאַד שטייט דער קאָמאַנדיר משה סלאָפּאַק, פּסעוו־דאָנים „מאַקסים״ — אַן אינטעליגענטער בחור, פון אַ יאָר אַכט און צוואַנציק. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער מיליטער־מאַן, אַן אָפּשטאַמיקער פון שטעטל קרינעק. די דאָזיקע פּיאָנערישע גרופּע טראָגט טאַקע דעם נאָמען „קרינקער פּאַרטיזאַנער״.

זיי טרעטן גלייך צו צום בויען אַ בונקער אין וואַלד, נישט ווייט פון דאָרף ליפּאָווי־מאָסט און גלייכצייטיק הייבן זיי אָן אַ טייל אַקציעס קעגן שׂונא. הויפּט־זאַכלעך באַמיִען זיי זיך צו דעראָבערן געווער. זיי רייסן אויך נישט איבער מיטן געטאָ. סלאָפּאַק באַשטימט פאַרבינדלערס, וועלכע זענען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער אָנפירונג פון זעלבסטשוץ. די ראָל פירן אויס: נתן גאָלדשטיין — „נאָטעק״, בערקנער — פּסעוודאָנים „סערגיי״ און פּאַוועל קאָזשעץ.

אָנהייב פעברואַר 1943. אויפן באַפעל פון קאָמאַנדיר, משה סלאָפּאַק, איז פּאַוועל קאָזשעץ מיט די פּאַרטיזאַנער זלמן פּאָזנאַנסקי, דער קונסט־מאָלער רודי און אַנדערע, געגאַנגען מיט אַ מאַשין־געווער און עטלעכע ביקסן, כּדי דאָס צו געבן אַ מתּנה דעם געטאָ. עס זענען שוין דעמאָלט געווען ידיעות וועגן דער אַקציע צו וועלכער די דייטשן גרייטן זיך. ליידער זענען זיי געקומען צו שפּעט... די שטאָט און איבערהויפּט דאָס געטאָ איז געווען אַרומגערינגלט און די גרופּע האָט זיך נישט געקאָנט אַריינבאַקומען.

די פּאַרטיזאַנישע גרופּע הייבט אָן שטאַרק באַאומרויִקן די דייטשן, זיי דער־פילן די געהיימע קראַפט, וואָס קאָן זיי ברענגען גרויסע שאָדנס און אַ סך שטערן אין זייערע טייוולאָנישע פּלענער. זיי הייבן אָן צו שפּיאָנירן מיט דער הילף פון דעם ווייסרוסישן וואַלד־וועכטער, קאַראַבאָוויטש און זיין פאַמיליע. עס אַנטשטייט ביי זיי אַ פּלאַן די פּאַרטיזאַנישע גרופּע צו פאַרניכטן...

דאָס איז געווען דעם 13טן פעברואַר 1943, אַ זייגער צוויי נאָך מיטאָג, ווען זיי ווערן אַלאַרמירט, אַז זיי זענען אַרומגערינגלט דורך אַ שטראָף־עקספּעדיציע פון ס.ס. אַלע זענען גלייך אַרויס פון בונקער, וועלכער האָט זיך געפונען אין די קרינקער וועלדער, ביים דאָרף ליפּאָווי־מאָסט און פאַרנומען קאַמפּס־פּאָזיציעס. עס איז ווערט צו באַמערקן, אַז זיי זענען געווען גוט באַוואָפנט. אין זייער באַזיץ איז דעמאָלט אויך געווען פיר סאָוויעטישע קוילנוואַרפערס פון טיפּ פ.פ.ד. און גענוג אַמוניציע.



דער פאַרוטשניק פאַוועל קאַזשעץ —
פסעוודאָנים „אַנטאָני באַלינסקי"

עס קומט צו אַ פאַרביסענעם קאַמף, אין וועלכן די פּאַרטיזאַנער גייען אָפּ מיט בלוט. אין דעם אומגלייכן געראַנגל האָבן זיי שוין זעקס טויטע פּאַרטיזאַנער און דער קאָמאַנדיר, משה סלאָפּאַק, איז שווער פאַרווונדעט. דאָס נקמה־געפיל און דער קאַמפּס־מוט איז גרויס, וואַקסט טראָץ די פאַרלוסטן. זיי טרעטן נישט אָפּ. זיי באַשיסן דעם שׂונא מיט אַ האָגל פון בליי.

טראָץ דער געוואַלטיקער איבערמאַכט פון די דייטשן, זענען זיי געצוווּנגען אָפּצוטרעטן, מיטנעמענדיק מיט זיך טויטע און פאַרווונדעטע. די פּאַרטיזאַנער דעראָבערן צוויי דייטשע קוילנוואַרפערס.

דער גורל האָט זיי אָבער פאַרפאָלגט און פיר פון זיי פאַלן אַריין דורך אַ פאַררעטערישער האַנט. צו שוואַך איז נאָך דעמאָלט געווען זייער פּאַרטיזאַנישע דערפאַרונג. שלאָפנדיק אין אַ פויערישער סטאָלאָדע, אין דאָרף באָבקאָווי, ווערן זיי אַרומגערינגלט פון דייטשן, וועלכע באַוואַרפן זיי מיט גראַנאַטן און אַלע קומען אום און צווישן זיי דער יוגנטלעכער שמואל וויינער.

ס׳איז ווערט צו באַמערקן, אַז אין דאָרף האָבן געוווינט די מאַמע און די טאָכטער פון דעם פאַררעטער קאַראַבאָוויטש, וועלכע האָבן אויך אויסגעליפערט דער געסטאַפּאָ צוויי סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע. אַלס נקמה ווערט די מאַמע מיט דער טאָכטער שפּעטער דערשאָסן און זייער הויז אָנגעצונדן.

מיט די איבערגעבליבענע פון דער „קרינקער גרופּע״ פירט שפּעטער אָן דער וואַרשעווער בחור פּתחיה מאַלער, פּסעוודאָנים „מאַרעק״. אין דער זעלבער צייט האָט שוין עקזיסטירט אַ צווייטע פּאַרטיזאַנישע גרופּע, אונטער דער אָנפירונג פון עליע בוימאַץ, פּסעוודאָנים „עליאַש״. די דאָזיקע גרופּע איז קאָזשעצן גע־לונגען אַרויסצופירן פון געטאָ איין טאָג פאַר דעם ערשטן פּאָגראָם — דאָס איז געווען דעם 4טן פעברואַר 1943.

אין דער דערמאָנטער גרופּע זענען צווישן אַנדערע געווען: עליע בוימאַץ, זיין פרוי פעליע בוימאַץ, גאָלדע קאַמיניעצקאַ, חיים קאָן, משה קאָן, הינדע קאָן, זיין ברודער שלום קאָזשעץ און זיין פרוי רעגינע.

אַלע יידישע גרופּעס האָבן זיך שפּעטער פאַראייניקט אין איין גרויסער פּאַרטיזאַנישער מחנה, אונטער דעם נאָמען „פּאַרויס״. דער אָנפירער איז געווען איינער פון דער „קרינקער גרופּע״, יונה סאָכאַטשעווסקי, פּסעוודאָנים „סאַשאַ״, אָבער דאָס האָט זייער קאָמאַנדיר משה סלאָפּאַק, „מאַקסים״ נישט דערלעבט. עטלעכע טעג נאָך דעם קאַמף ביים דאָרף ליפּאָווי־מאַסט — צוליב דעם שטאַרקן בלוט־אָפּפלוס פון דער שווערער ווונד — האָט ער אויסגעהויכט די נשמה.

כּבוד זיין ליכטיקן אָנדענק!



„ЗА ПОБЕДУ НАД ГЕРМАНИЕЙ
В ВЕЛИКОЙ ОТЕЧЕСТВЕННОЙ ВОЙНЕ
1941—1945 гг."

УДОСТОВЕРЕНИЕ

За участие в Великой Отечественной войне
ст. лейт.
Кожец Павел
Мисевич.

указом Президиума Верховного Совета СССР от 9 мая 1945 года награжден медалью
„ЗА ПОБЕДУ НАД ГЕРМАНИЕЙ В ВЕЛИКОЙ ОТЕЧЕСТВЕННОЙ ВОЙНЕ 1941—1945 гг."
От имени Президиума Верховного Совета СССР медаль вручена
„10" мая 1946 г.
Кап. Лодзинский В.О.
(должность, воинское звание и подпись лица, вручившего медаль)
М. П.
Тех. лейт. /Зарaковский/

די אויסצייכענונג פון פּאַוועל קאַזשעץ — פּסעוודאָנים „באַלינסקי"

# די דייטשע אַנטיפאַשיסטישע גרופּע אין ביאַליסטאָק

### לויט דער רעלאַציע פון דאָצענט פּאַוועל קאָזשעץ, פּסעוודאָנים „באַלינסקי״

צו די נאָך פאַרהעלטנישמעסיק ווייניק באַקאַנטע בלעטער פון דער געשיכטע פון דער לינקער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין דער תּקופה פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, געהערט אויך די געשיכטע פון דער דייטשער אַנטיפאַשיסטישער גרופּע, וועלכע איז געווען טעטיק אין ביאַליסטאָק אין די יאָרן 1942 — 1944.

אין דער אַרבעטער־שטאָט, מיט אַלטע רייכע רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס, האָבן זיך אין דער צייט געפונען אַ סך פּליטים פון וואַרשע, לאָדזש און אַנדערע שטעט, פון וועלכע מען איז אַהער געקומען שוין אין יאָר 1939, אַנטלויפנדיק פון דעם דייטשן אַריינדרינגער.

די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין דער צייט פון דער סאָוויעטן־מאַכט, האָט אין אַ געוויסער מאָס קאָנסאָלידירט די אָרטיקע אַקטיוויסטן מיט די אַזוי גערופענע „ביעזשענצעס״. אַ גרויסער טייל, זייענדיק „קאָמפּראָמיטירט״ צוליב זייער פּאָליטישער אַרבעט, האָבן גלייך ביים אַריינמאַרש פון די דייטשן געמוזט אַראָפּ אין טיפער קאָנספּיראַציע און אויסנוצנדיק די געלעגנהייט זיך אָנשליסן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

דער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק איז געווען אַ ביישפּיל פון ענגער צוזאַמענאַרבעט פון פאַרשידענע נאַציאָנאַלע גרופּעס. נעבן די ייִדישע און פּוילישע גרופּעס, וועלכע האָבן געהאַט אין זייערע רייען אַ סך צוגעקומענע פון צענטראַל־פּוילן, זענען געווען רוסן, ווייסרוסן, סאָוויעטישע בירגער, צווישן זיי אַ סך אָפיצירן און זעלנער, וועלכע האָבן געמוזט זיך אויסבאַהאַלטן פאַר דער דייטשער מאַכט, אַ ברייט־פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציע אויפן געביט פון געטאָ. נאָר אַ ממיינסטן באַמערקונגסווערט איז דער פאַקט, וואָס אין דעם טעטיקייטס־קרייז פון אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט האָבן זיך געפונען אויך דייטשן, אַזוי גערופענע „רייכס־דויטן״, און צווישן זיי מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אויף וויכטיקע אַמטן אין דער אָרטיקער אָקופּאַציע־היעראַרכיע. אָט דער גרופּע טאָקע שענקט דער דאָצענט קאָזשעץ די דאָזיקע שורות.

די קאָנטאַקטן מיט די דאָזיקע מענטשן, דערציילט פּאַוועל, זענען אָנגעקניפּט

Name Balinski
Geborene
Vorname Antoni
Geburtstag 28.10.1919
Geburtsort Sokółka
Wohnort B-stok, Ogrodowa Str. Nr. 7
Kreis Bialystok
Beruf Weber
Volkstumszugeh. polnisch
Glaubensbek. röm.-kath.
Staatsangeh. am 1.9.39 polnisch
Personenbeschreibung:
Grösse 177
Gestalt schlank
Gesicht länglich
Haar blond
Augen grau
Besondere Kennzeichen keine

Linker Zeigefinger Rechter Zeigefinger

Balinski Antoni
Unterschrift des Ausweisinhabers

Bialystok, 8.10. 1942
Polizeipräsident
~~Der Bürgermeister~~
~~Amtskommissar~~
Dienststempel
Unterschrift des ausstellenden Beamten

די לעגיטימאַציע פון פּאַוועל קאַזשעץ — פסעוודאָנים „באַלינסקי"

געוואָרן דורך די ייִדישע צוואַנגס־אַרבעטער שוין אין יאָר 1942, אויף פאַרשידענע אַרבעטס־פּלעצער, ציווילע ווי מיליטערישע. אַ זייער וויכטיקער קאָנטאַקט איז אָנגעקניפּט געוואָרן דורך אַ גרופּע פון זייער אָרגאַניזאַציע מיט די צוויי דייטשע זעלנער, אויף דעם געביט פון „בויטן־לאַגער״ (אַ מאַגאַזין פון מלחמה־רויב, איבערהויפּט געווער), ביידע זענען געווען אין עלטער פון דרייסיק יאָר. מיט זייער הילף, און איבערהויפּט אַ דאַנק דעם מיטן נאָמען וואַלטער — אַן אָפּשטאַמיקער פון ווין, האָט מען סיסטעמאַטיש אַרויסגעטראָגן טיילן פון געווער און סאָוויעטישע אויטאָמאַטן. פון דעם „בויטען־לאַגער״ האָט טאַקע געשטאַמט די באַוואָפענונג פון די ערשטע 17 פּאַרטיזאַנער, וועלכע זענען אַרויס אין וואַלד אין נאָוועמבער 1942.

וועגן דער איידעלער געשטאַלט פון וואַלטערן באַווייזט דער כאַראַקטעריס־טישער פאַל מיט מאַרעק בוך. איין מאָל האָט ער פון „בויטען־לאַגער״ אַרויסגע־טראָגן אין וואַלד אַרייַן אַ באַקומענעם פון וואַלטערן סאָוויעטישן אויטאָמאַט. זייענדיק שוין אויסער דער שטאָט, האָט מאַרעק באַמערקט, אַז וואַלטער גייט אים נאָך, און דאָס האָט ער געטאָן מיטן צוועק זיך איבערצייגן אַז ס׳איז אים געלונגען מיט דעם אויטאָמאַט זיך דורכצושמוגלען...

וואַלטער האָט אויך געזאַמלט מאַטעריאַלן וועגן טרעבלינקע און געטאָ, די מאַטעריאַלן איבערגעזעצט אויף דייטש און זיי אָװעקגעפירט קיין עסטרייך.

לויט די דערציילונגען פון מאַרעק בוך איז אויך אויף דעם געביט פון די קאַשאַרן פון אַמאָליקן 42סטן פּאָלק אינפאַנטעריע אין ביאַליסטאָק, געווען אַ גרופּע זעלנער, וועלכע זענען נישט געווען דירעקט פאַרבונדן מיט דער אָרגאַ־ניזאַציע, אָבער אַ סך איר געהאָלפן. אַ דאַנק זיי האָט מען באַקומען עטלעכע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, וועלכע זענען שפּעטער דער באַוועגונג זייער צו נוץ געקומען.

צו די אַממיינסטן אַקטיווע האָבן געהערט די צוויי דייטשן: גוסטאַוו מאַראַט און פּאַול סאַהן. ביידע זענען פון פאַך געווען שאָפערן. מיט זיי האָט אָנגעהאַלטן דעם קאָנטאַקט די וויסרוסישע פרוי עליזאַוועטאַ בורדאַ. מיט דער גרופּע האָט אויך מיטגעאַרבעט דער פעלדפעבל פון דער דייטשער אַרמיי — אַנטאָן שמידט, אַ קאָמוניסט, אויך אַ ווינער.

שמידט האָט סטאַציאָנירט אין ווילנע און ער האָט אַריבערגעפירט די „דרור״־גרופּע פון ווילנע קיין ביאַליסטאָק. בעת איינער אַן ענלעכער אויפגאַבע איז ער אַריינגעפאַלן און דורך די היטלעריסטן אויף אַן אַכזריותדיקן אופן דערמאָרדעט געוואָרן.

פאַרדינט האָבן אויך דערמאָנט צו ווערן די דריי סילוועטן, דייטשע אַנטי־

פּאַשיסטן, מיט וועלכע דער דאָצענט פּאַוועל קאָזשעץ איז פּערזענלעך געווען אין קאָנטאַקט. דאָס זענען: בענישעק, שאַדע און קודלאַטשעק.

לויטן ערשטן רושם זענען דאָס געווען טיפּישע פּאָרשטייערס פון דייטשן מלוכה־אַפּאַראַט אין די אָקופּירטע לענדער. ווי עס ווייזט אויס, האָבן אַלע דריי געהערט צו דער נ.ס.ד.א.פּ. עס ווערט באַשטעטיקט דורך דעם פּאַקט, וואָס אַלע דריי האָבן פאַרנומען הויכע און רעגטירטע פּאָסטנס אין דער ציווילער אַדמיניס־טראַציע. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן געשאַפן אַ באַזונדער קעמערל, אַרויסווייזנדיק גרויס העלדישקייט. גלייכצייטיק זענען זיי געווען ווייניק פּאַרזיכטיק.

וועגן זייער מיטאַרבעט מיט דער באַוועגונג האָבן געוווּסט ווייניקסטנס איבער אַ צענדליק מענטשן. אַז די דירעקטאָרן בענישעק און שאַדע זענען „אָנשטענדיקע מענטשן", האָבן געוווּסט אין די הונדערטער באַשעפטיקטע אין זייערע פאַבריקן און דאָס אויך ייִדן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס גוטע באַהאַנדלען אַ פּאָליאַק און איבערהויפּט אַ ייִד, האָט דאָך בכלל קאָמפּראָמיטירט אַ דייטש אין די אויגן פון זיינע שעפן.

בענישעק איז געווען דירעקטאָר פון ערשטן טעקסטיל־קאָמבינאַט. דער גרעסטער קאָמבינאַט אין ביאַליסטאָק איז געלעגן אויף דער גרענעץ פון „צוויי וועלטן" — פון געטאָ און פון אַרישן טייל שטאָט, אַזוי אַרום זענען פון איין זייט אַריינגעגאַנגען די ייִדישע אַרבעטער און פון דער צווייטער — די איבעריקע באַ־שעפטיקטע אין דעם קאָמבינאַט. שוין דעריבער איז דאָס געוואָרן אַ פאַרהעלט־נישמעסיק זיכערער טראַנזיט, צווישן די צוויי טיילן שטאָט.

דורך דעם ערשטן קאָמבנאַט זענען אַרייַנגעגאַנגען אין געטאָ די פאָרשטייערס פון פּ.פּ.ר. פון וואַרשע. זעלבסטפאַרשטענדלעך, בענישעק האָט דערפון געוווּסט. ער איז געווען אַ פאַרמיטלער און פאַרבינדלער פאַר דער אונטערערד. בענישעק פלעגט העלפן די פּאַרטיזאַנער מיט טראַנספּאָרט, געלט און אַרבעטס־קאַרטעס. צווישן אַנדערע, קאָזשעץ אַליין, שוין זייענדיק ביי די פּאַרטיזאַנער, פלעגט איין מאָל אין צוויי וואָכן קומען צו בענישעקן און אַקטואַליזירן זיין אַרבעטס־קאַרטע פון ערשטן קאָמבינאַט.

מיט אים האָט מיטגעאַרבעט זיין פריינד און דער דירעקטאָר פון פערטן און שפּעטער אויך פינפטן קאָמבינאַט, דער סאָציאַל־דעמאָקראַט, וועלכן ס'איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן און אויסמיידן דעם קאָנצ.־לאַגער — שאַדע. שאַדע איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון היטלעריזם. דער אַנטיפאַשיסט האָט רעגולער צוגעטיילט געווער פאַר דער ייִדישער זעלבסטשוץ. נאָך דעם ליקווידירן פון געטאָ האָט ער אויסבאַהאַלטן אין זיין פאַבריק איבער אַ צענדליק ייִדן — מיטגלידער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג.

שאַדע איז געווען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער אָרגאַניזאַציע דורך דער גרופּע ייִדישע מיידלעך, וועלכע האָבן געלעבט אויף „אַרישע" דאָקומענטן, מיט וועלכע עס האָט אָנגעפירט מלכּה רוזשיצקאָ, פּסעוודאָנים „סאַמאָילאָ".

דורך די מיידלעך פלעגט שאַדע איבערשיקן צו די פּאַרטיזאַנער קאַמפּאַסן, געווער און אַלע נויטיקע אינפאָרמאַציעס.

אויף אַ זייער מוטיקן שריט האָט זיך שאַדע דערלויבט פרילינג 1944 — עס איז געקומען צו אַ באַגעגעניש אין וואַלד מיט דעם פירער פון דער סאָוויעטי־שער פּאַרטיזאַנישער בריגאַדע אויפן נאָמען פון „קאָנסטאַנטין קאַלינאָווסקי" — פּאָלקאָווניק וואָיטשעכאָווסקי. צו דער באַגעגעניש איז שאַדע געקומען מיט אַ זייער געוווּנטשענעם פּרעזענט — ער האָט איבערגעגעבן דעם קאָמאַנדיר צוויי דייטשע פּיסטאָלעטן.

פּאַוועלס ברודער, שלום קאָזשעץ, וועלכער איז געווען ביי דער באַגעגעניש, האָט דערציילט, אַז שאַדע איז געווען שטאַרק גערירט, דערזעענדיק די גוט באַ־וואָפנטע און נישט שלעכט אָנגעטוענע פּאַרטיזאַנער. לויט די רעלאַציעס פון די היטלעריסטן האָט ער אַנדערש זיך עס פאָרגעשטעלט, מודה זייענדיק דערביי, אַז אין אָנהייב האָט ער זיך פאַר דער באַגעגעניש אַפילו אַ ביסל געשראָקן...

שאַדע איז געווען אַ מענטש מיט גרויסע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקייטן. אין יולי 1944, ווען די דייטשע „בראַנד־קאָמאַנדאָס" האָבן באַקומען דעם באַפעל אַלץ אונטערצינדן און איבערהויפּט די פאַבריק, איז אים געלונגען זיינע פאַבריקן אָפּצוראַטעווען. אין לעצטן מינוט נעמט ער איבער די פירונג איבער אַ סאַניטאַר־אָפּטיילונג און מאַנעווורירט אַזוי, אַז זיי פאַלן אַריין אין דער סאָוויעטישער גע־פאַנגענשאַפט.

גלייך נאָך דער באַפרייונג איז די געוועזענע מיטגלידער פון אַנטיפאַשיס־טישן קאָמיטעט געלונגען אויסצוזוכן שאַדען. ער האָט זיך געפונען אין אַ לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע. מען האָט גלייך אינטערווענירט ביי די געהעריקע סאָוויע־טישע מאַכט־אָרגאַנען, און מ׳האָט אים פון דאָרט אַרויסגענומען.

גרויסע פאַרדינסטן האָט אויך דער סודעטן־דייטש, קודלאַטשעק, וועלכער איז געווען באַשעפטיקט אַלס טראַנספּאָרט־לייטער פון די טעקסטילפאַבריקן אין ביאַליסטאָק.

מיט דעם אויטאָ, וועלכער איז געווען צו זיין דיספּאָזיציע, איז אַ סך מאָל איבערגעפירט געוואָרן געווער, פון גראַדנע און אַנדערע אָרטשאַפטן, קיין ביאַלי־סטאָק, און פּאַרטיזאַנער פון שטאָט אין וואַלד אַריין. צווישן אַנדערע, האָט אויך קאָזשעץ אַ סך מאָל מיט אים געוואַנדערט. וואָס אַזאַ רייזע האָט באַדייט, איז איבע־ריק, גלויב איך, צו דערמאָנען.

אין די שטענדיקע דיסקוסיעס מיט אים האָט קודלאַטשעק נישט פאַרבאָרגן די שווערע פאַרברעכנס פון די דייטשן, אָבער אים, דעם דאַצענט קאָזשעצן, אויך געוואָלט איבערצייגן, אַז נישט אַלע דייטשן זענען נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן, און אַז אויך דייטשן ווערן דורך די היטלעריסטן אומברחמנותדיק געמאָרדעט.

מען דאַרף אויך דערמאָנען די צוויי דייטשע אַנטיפאַשיסטן: באַלע און בוסן. באַלע האָט שטאַרק געהאַסט די היטלעריסטן, וואָס האָבן ביי אים צוגענומען און דערהרגעט זיין יידישע פרוי און טאָכטער.

בוסע איז געווען אַ קונסט־מאָלער. זיין קעגנערשאַפט צום נאַצישן רעזשים האָט זיך גענומען דערפון, וואָס ער האָט געהערט צו דער סעקטע ביבל־פאָרשערס און דערפאַר געווען אויסגעשטעלט אויף פאַרשידענע שיקאַנעס. אויך מיט אים איז געווען דער קאָנטאַקט דורך די מיידלעך פון מאַרילע רוזשיצקעס גרופּע.

ס'איז כּדאַי אונטערצושטרייכן, אַז אין די פינצטערע טעג פון נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם האָט די טעטיקייט פון דער קליינער גרופּע דייטשע אַנטיפאַשיסטן געהאַט פאַר די פּאַרטיזאַנער אויך אַ גרויסע מאָראַלישע באַדייטונג. זייער גלויבן אין דער אומפאַרמיידלעכער און שנעלער מפּלה פון די היטלעריסטישע הענקערס, האָט צוגעגעבן כּוח און אויסדויער אין דעם שווערן און אומגלייכן קאַמף.

זייער האַלטונג האָט באַוויזן, אַז טראָץ אַלעם איז די פאַשיסטן נישט געלונגען צו צעברעכן אַלע דעמאָקראַטישע און לינקע כּוחות פון דייטשן פאָלק.

# מיין ערשטער באַוואָפנטער צוזאַמענשטויס מיטן שׂונא אין די פּאַרטיזאַנישע רייען

דערציילט פון פּאָדפּאָרוטשניק שמעון פייערשטיין־קאָנאַרסקי

נישט קיין לייכטער איז געווען זיין וועג צו די פּאַרטיזאַנישע מחנות. ער האָט זיך אָנגעהויבן שוין אין דער ראַוויטשער תּפיסה, וווּ ער איז אָפּגעזעסן אַן אורטייל פון פינף יאָר פאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. דער טרוים פון יעדן געפאַנגע־נעם איז געווען די פרייהייט, אָבער נאָך שטאַרקער איז געווען די האָפענונג און דער ווילן צו דערלעבן דעם טאָג צו קענען מיט וואָפן אין די הענט שלאָגן דעם שׂונא, אַפילו ווען עס זאָל אויסקומען צו פאַלן אין קאַמף.

שמעונס וועג האָט געפירט דורך די אויפגעבראָכענע תּפיסה־טויערן אין ראַוויטש אין יאָר 1939, דורך דעם בלוטיקן ווידערשטאַנד פון דער אַנטיפאַשיס־טישער אָרגאַניזאַציע, קעגן די ברוינע תּלינים אין ביאַליסטאָקער געטאָ אין יאָר 1943.

דאָ, ביי דער אונטערערדישער אַרבעט, באַגעגנט ער זיך מיט זיין חברטע פון זיין היימשטאָט וולאָצלאַוועק — שׂרה יונגערמאַן. זי איז ווי ער געקומען אַהין פון דער תּפיסה אין ווראָנקי, אין וועלכער זי איז אָפּגעזעסן אַן אורטייל פון זעקס יאָר. זיי הייבן אָן זייער לעבנסוועג צוזאַמען. זי קעמפט שפּעטער ביי זיין זייט אויף דער קופּיעצקאַ־גאַס, ביים אויפשטאַנד אין געטאָ.

אין זיין גרופּע קעמפן אויך די צוויי ברידער העניעק און סעוועק פעלץ, וועלכע זענען די פאַרבינדלערס מיט דער אָנפירונג אין אויפשטאַנד. עס איז ווערט צו דערמאָנען, אַז די צוויי העלדישע יאָטן האָבן זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אין יולי 1943 אין דער אונטערנעמונג צו באַפרייען די גרופּע מעדיקער — סאָוויע־טישע קריגס־געפאַנגענע אין ביאַליסטאָק. אויפן באַפעל פון דער אָנפירונג פון דער יידישער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג „פאָרויס" ווערן די סאָוויעטישע גע־פאַנגענע אַרויסגעפירט אין וואַלד, ווו זיי גרינדן אַ באַזונדערע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג אונטער דעם נאָמען „מעדיקער".

טראָץ זייער געוואַלדיקן מוט און אויסדויער זענען זיי צו שוואַך קעגן פּאַנצער־געווער און אַרטילעריע, וואָס די דייטשן און אוקראַאינישע פאַשיסטן האָבן אַרויס־געשטעלט קעגן דער קליינער אָפּטיילונג, וואָס ווערט צעקלאַפּט.

שמעון פייערשטיין־קאָנאַרסקי ווערט איצט, צוזאַמען מיט אַנדערע אויפ־

שטענדלערס געפירט אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע. אָבער די מוטיקע גרופּע איז צעשמעטערט נאָך נישט באַזיגט. ביים שטעטל לאַפּע מאַכן זיי דעם ערשטן פּרווו צו אַנטלויפן פון די וואַגאָנען. צום באַדויערן האָט זיך דאָס מאָל זיי דאָס נישט איינגעגעבן. נאָר זיי רעזיגנירן נישט פון זייער פּלאַן. אויף דער צווייטער העלפט וועג ברעכן זיי אויף דעם טויער פונעם וואַגאָן און איינער נאָכן אַנדערן שפּרינגען פון לויפנדיקן צוג...

די וועכטערס, וועלכע האָבן זיי באַגלייט, זענען געווען מיינסטנס אוקראַאינישע פאַשיסטן. זיי עפענען אַ מוראדיק פייער פון מאַשין־ביקסן. עס פאַלן עטלעכע און צוואַנציק קעמפערס, צווישן זיי זיין פרוי שרה יונגערמאַן.

דאָס זעלבע חזרט זיך איבער אויך אין אַנדערע וואַגאָנען. בלויז אַ קליינער צאָל איז געלונגען צו אַנטלויפן און קומען צו די פּאַרטיזאַנער. פון פיירשטיינס גרופּע זענען געבליבן קוים פינף גליקלעכע, וואָס האָבן געקענט שפּעטער זיך אָנשליסן אין ווייטערדיקן קאַמף מיט דער ווילדער היטלעריסטישער חיה.

נאָך אַ מסירת־נפשדיקן וואַנדערן האָבן זיי זיך דערשלאָגן צו די ביאַליסטאָקער וועלדער, צו דער פּאַרטיזאַנישער גרופּע פון קלמן באַראַקאַן...

זיי זענען צוזאַמען פּופּצן פּאַרטיזאַנער און זענען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט אַן ענלעכער יידישער גרופּע, מיט וועלכער עס פירט אַן עליע בוימאַק. זייער גאַנצע מיליטערישע אויסשטאַטונג באַשטייט ליידער פון איין ביקס, איין רעוואָלווער און אַ ביסל אַמוניציע, אַלע איבעריקע האָבן שטעקנס אָדער מעסערס.

די גרופּע האַלט אין איין וואַקסן. עס קומען מענטשן, וואָס האָבן זיך ווי זיי, אַרויסגעריסן פון די נעגל פונעם מלאך־המוות. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט שטייט איצט דרינגענדיק די פראַגע פון באַוואָפענונג... צעטיילט אין גרופּעס הייבן זיי אָן ממש מיט ליידיקע הענט לויערן אויף דייטשע אָדער אוקראַאינישע זעלנער און זיי אַנטוואָפענען, זיי קויפן געווער ביי די פּויערים אין די דערפער, וועלכע האָבן עס געהאַט פאַרגראָבן נאָך פון דער מלחמה־צייט.

אַ גרופּע פון ניין פּאַרטיזאַנער, אונטער דער אָנפירונג פון קלמן באַראַקאַן, לאָזט זיך צו דער בריק פון טייך סופּראַסל, ווו עס שטייען צוויי דייטשע וואַכפּאָסטנס און היטן דעם טראַקט. מיט איין קויל ווערט דער ערשטער היטלעריסט ליקווידירט. דעם צווייטן פּאָסטן איז געלונגען צו אַנטלויפן, אָבער דאָך זענען זיי געווען צופרידן פון דער אונטערנעמונג. אָן קרבנות זענען זיי רייכער געוואָרן מיט איין ביקס און אַ רעוואָלווער און איבער אַ צענדליק שטיק אַמוניציע צו ביידע שיס־כּלים. אַזוי האָט סיסטעמאַטיש גענומען פאַלגן איין נקמה־אַקט נאָך דעם אַנדערן.

דאָס איז געווען נאָוועמבער 1943. זיי האָבן זיך דערוווסט פון זייערע אויס־

שפּירערס, אַז די דייטשן האָבן איינגעאָרדנט אַ וואַרשטאַט פון מעבל אין דאָרף טשאַרנאַ־וויעש פאַר די מיליטער־לייט פון אונטער דעם פראָנט. דער וואַרשטאַט איז געווען באַוואַכט בלויז פון עטלעכע זעלנער. נעמט די אָנפירונג פוןביידע פּאַרטיזאַנישע גרופּעס אָן אַ באַשלוס דורכצופירן אין דעם דאָרף אַ דאָפּלטע אונטערנעמונג — ליקווידירן דעם וואַרשטאַט מיט די שומרים און דורכפירן אַ ברויט־אַקציע.

נאָך מיטאָג האָבן זיי אַרויסמאַרשירט, אַן אָפּטיילונג פון אומגעפער דרייסיק פּאַרטיזאַנער פון ביידע גרופּעס, אונטער דער אָנפירונג פון קאָמאַנדיר עליע בוימאַק. זיי האָבן געהאַט פאַר זיך אַ וועג פון איבער צוואַנציק קילאָמעטער. דער הימל איז געווען פאַרצויגן מיט געדיכטע וואָלקנס ווי בליי, פון וועלכן ס׳האָט געגומען שיטן מיט דראָבניטשקע טראָפּנס רעגן, פאַרשטאַרקנדיק זיך פון מינוט צו מינוט. מאָדנע שנעל איז צוגעפאַלן דער בין־השמשות. די וואָלקנס האָבן זיך ווי אַראָפּגעלאָזט נידעריק און פאַרטונקלט דעם גאַנצן אַרום. מאַרשירט די גרופּע איבער די צעווייקטע וועגן, טאַפּטשענדיק אין דער בלאָטע ביז צו די ליטקעס, ציִענדיק די פיס פון דער מאַזשע מיט אַ הויכן כלופּען פון די פליסנדיקע וואַסערן. יעדער קוקט פאַר זיך, ער זאָל נישט פאַרלירן אין דער פינצטער די קאָנטורן פון זיין חבר, וועלכער גייט פאַר אים. טראָץ אַלעם איז קיינער נישט טרויעריק, עס אַרט אויך נישט דאָס וואַסער, וואָס רינט אין האַלדז איבערן קאָלנער. זיי האָבן דערפילט עפּעס אַ מאָדנעם כוח, וואָס האָט צוגעגעבן ווילן און מוט. כמעט אַלע פון די מאַרשירנדיקע זענען שוין געווען באַוואָפנט...

שפּעט אין אָוונט זענען זיי געקומען צום ציל. האָפּערדיק, זיכער ווי אויף אַ פּאַראַדע־מאַרש, אָן אַ ספּעציעלער פאַרזיכערונג, וואָס נויטיקט זיך ביי מיליטערישע אונטערנעמונגען — האָבן זיי אַריינמאַרשירט אין דאָרף, אויסגעטיילט אין צוויי גרופּעס, יעדע מיט איר באַשטימטער אויפגאַבע. ווי איבערראַשט זענען זיי אָבער געוואָרן, ווען אַנשטאָט עטלעכע זעלנער, וועלכע זיי האָבן זיך פאַר־געשטעלט צו נעמען אָן איין שאָס — האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ באַוואָפנ־טער ביז צו די ציין מיליטערישער אָפּטיילונג, וואָס האָט געציילט ביי די פערציק מאַן. ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, זענען זיי גראָד דעם טאָג געקומען אויף אַ צייטווייליקער סטאַנציע.

די אונטערנעמונג האָט זיך געקאָנט פאַר דער גרופּע קעמפערס זייער טראַגיש ענדיקן, ווען נישט די בליץ־שנעלע אָריענטאַציע פון זייער אָנפירער און פעיִקן מיליטערמאַן, עליע בוימאַק.

זעענדיק די געשאַפענע סיטואַציע, האָט ער געגעבן אַ באַפעל צו עפענען אַ פייער און אויסנוצנדיק די צעטומלטקייט פון די היטלעריסטן פון דעם פּלוצעמ־

דיקן איבערפֿאַל און שאָק פֿון די ערשטע קרבנות אין זייערע רייען — גלייכצייטיק באַפֿוילן ווי אַמשנעלסטן זיך אַרויסצוציִען פֿון דאָרף.

די דייטשן זענען אָבער באַלד געקומען צו זיך און גענומען זיי פֿאַרגיין דעם וועג פֿון עטלעכע זייטן. די לאַגע איז נישט געווען קיין פֿריילעכע, זיי האָבן אָבער געהאַט דעם „פּאַרטיזאַנישן פֿאַרבינדעטן״ — די פֿינצטערע נאַכט און דעם רעגן.

אונטער אַ סיסטעמאַטיש פֿייער, וואָס האָט באַשוועררט דעם דייטשן פֿאָרויס־מאַרש און קאָנצענטראַציע, האָבן זיי פֿאַרלאָזט דאָס קאַמפּס־פּלאַץ, הונגעריקע אָבער אָן שום פֿאַרלוסטן.

דאָס איז געווען שמעון פֿייערשטיין־קאָנאַרסקיס ערשטער באַוואָפֿנטער צוזאַ־מענשטויס און זיין גענעראַל־פּראָבע צום ווייטערדיקן קאַמף און נקמה מיט דעם פֿאַרהאַסטן שונא.

# אויף דער ליניע ביאַליסטאָק—גראָדנע

**דערציילט פון מינער, בערל שאַצמאַן — פסעוודאָנים „באָריס"**

שווער, זייער שווער איז אים געווען צו דערציילן און אויפצופרישן די דער־אינערונגען פון דעם 24סטן יוני 1941. אָנגעגריפן פון דייטשע עראָפּלאַנען איז ער, זיין פרוי און קינד געלעגן אויפן וועג, צוגעפּרעסט צו דער ערד און געוואַרט יעדן מאָמענט אויפן טויט. ממש על־פּי־נס זענען זיי געבליבן ביים לעבן. פון דעם גאַנצן טאַבאָר עוואַקויִרטע איז נאָך דער באָמבאַרדירונג קיין זכר נישט געבליבן. יעדער איז געלאָפן ווו די אויגן האָבן געטראָגן. אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן פון די דייטשן, האָבן זיי באַשלאָסן צוריקצוקערן זיך קיין ביאַליסטאָק.

הונגעריק, מיד און דערשלאָגן האָבן זיי זיך דערשלעפּט צוריק אַהיים. נישט לאַנג האָט געדויערט און זיי זענען איינגעשלאָסן געוואָרן אין אַ געטאָ. צום גרויסן באַדויערן האָט בלויז אַ קליינער טייל פון דער באַפעלקערונג פאַרויסגעזען דעם פאַרניכטונגס־פּלאַן פון די דייטשע מערדערס לגבי די יִדישע איינוווינערס און צוגעטראָטן צו אַ געהיימער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

עס אַנטשטייען צוויי גרופּעס: איינע אונטער דער אָנפירונג פון יודיטע נאָוואָ־גראָדזקאָ, צו וועלכער שאַצמאַן האָט געהערט, און די צווייטע גרופּע פון דניאל מאָשקאָוויטש, יאָשקע קאָווע, רבקה וואָיסקאָווסקאָ און אַנדערע.ביידע גרופּעס האָבן זיך שפּעטער פאַראייניקט.

ווי געוויינלעך איז דער ערשטער שריט געווען זאַמלען געווער. די הויפּט־קוואַלן זענען געווען די מאַגאַזינען און וואַרשטאַטן, אין וועלכע יִדן זענען געווען באַשעפטיקט. מיט גרויס מסירת־נפש האָט מען געגומען אַרויסטראָגן טיילן פון ביקסן און רעוואָלווערן. אַ גרויסן טייל האָט מען אויך געקויפט פאַר געלט דורך פאַרשידענע פאַרמיטלערס אויסערן געטאָ.

שוין אין נאָוועמבער 1942 גייט אַרויס די ערשטע באַוואָפנטע גרופּע אין די ביאַליסטאָקער וועלדער, אונטער דער אָנפירונג פון דעם קרינקער בחור משה סלאָפּאַק, פסעוודאָנים „מאַקסים".

שאַצמאַנען איז נאָך אויסגעקומען אָנטייל צו נעמען אין אויפשטאַנד פון ביאַליסטאָקער געטאָ און מיט נאָך אַ סך אַנדערע לעבן־געבליבענע אויפשטענד־לערס זיך שפּעטער געפונען אין תפיסה. עס געלונגט אים צו אַנטלויפן. צום יאָר פון דעם אַרויסמאַרש פון דער ערשטער גרופּע אין די ביאַליסטאָקער וועלדער איז ער איינער פון דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג.

צווישן זיי האָט ער זיך געפילט אין אַ גאָר אַנדערער וועלט. ער האָט זיך אויף ס׳ביי געפונען צווישן אייגענע יאַטן. נישט קוקנדיק אויף די גרויסע שווערי־קייטן, וואָס זיי האָבן געהאַט אַדורכצומאַכן, די גרויסע צרות און זאָרגן, מאַנגל אין לעבנסמיטל, קליידונג, געווער, מעדיקאַמענטן, איז אָבער דאָך געווען אַ פעסטער גייסט, אַ גלויבן, אַ כוח זיך נישט צו לאָזן מיטרייסן פון אַ פאַרצווייפלונג, נאָר שטענדיק זיך דערהויבן איבער דער טראַגישקייט פון אַרום און זוכן אַ באַפרי־דיקונג אין דעם קאַמף מיט דעם גרעסטן שׂונא פון דער מענטשהייט און מיט די מערדערס פון זיין פרוי און קינד. דאָ, צווישן די פּאַרטיזאַנער, זענען געווען פאַר אים גרויסע טעג — טעג פון נקמה.

ער דערמאָנט די דאַטע פון 25סטן מאַי 1944. זייער אָפּטיילונג „פּאַרויס״ איז שוין דעמאָלט געווען אָנגעשלאָסן אין דער סאָוויעטישער בריגאַדע אויפן נאָמען „קאַסטיוש קאַלינאָווסקי״. די בריגאַדע האָט געהערט צו דער ביאַליסטאָקער פאַראייניקונג פון די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער, אונטער דער אָנפירונג פון גענע־ראַל קאַפּוסטאַ... ער, מיט נאָך זעקס רוסישע יאַטן, האָבן אַרויסמאַרשירט פון דער באַזע. דער וועג האָט געפירט צום דאָרף באָגושעוואָ, וואָס איז געלעגן אויף דער ליניע ביאַליסטאָק — גראָדנע. לויט דער מעלדונג פון די אויסשפּירערס, האָט אין מיטן דער נאַכט געדאַרפט אויף דער ליניע דורכגיין אַ דייטשער טראַנספּאָרט מיט טאַנקן פאַרן מזרח־פראָנט.

— געדענקט, יאַטן! — האָט געזאָגט ביים געזעגענען דער קאָמאַנדיר פון אָטריאַד סאַשאַ פיליפּאָוו, אַ שטאַרקער רוסישער בחור פון אַ יאָר אַכט און צוואַנ־ציק — קיין טראָפּן ספּירט זעט איר נישט מער פאַר אייערע אויגן, ווי באַלד איר לאָזט מיר דורך דעם טראַנספּאָרט.

זיי האָבן זיך טאַקע אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פון דער וויכטיקער אויפגאַבע, וואָס זיי האָבן אויסצופירן און בלויז צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

דער וועג איז נישט געווען קיין לייכטער, מיט אַזאַ „משכּן״ ווי אַ טריטאָל־באָמבע פון צען קילאָ, געמאַכטע אין אַ קאַן פון מילך. מען האָט געמוזט גיין פאָרזיכטיק, מען זאָל זיי אויף דעם וועג נישט באַמערקן און שוין אַמוויכטיקסטן — זיך נישט אָנשטויסן אויף אַ דייטשן פּאַטראָל.

כּדי צו פאַרזיכערן זיך פון אַ פּלוצעמדיקן איבערפאַל מצד פּאַרטיזאַנער, ווי אויך צו זיכערן דעם באַן־פּאַרקער, האָבן די דייטשן גענומען אויסשניידן אויף אַלע אָפּשניטן די וועלדער, אויף אַן ערך פון דריי הונדערט מעטער פון די באַן־רעלסן, איבערלאָזנדיק ביים ראַנד פונעם וואַלד די צווייגן, צווישן וועלכע זיי האָבן אָנגעוואָרפן בלעכענע פּושקעס פון קאָנסערוון. אויך אויף דעם האָבן זיי



דער פּאַרטיזאַן באָריס שאַצמאַן

געמוזט אויפּפּאַסן, כּדי זיך נישט צו פאַרפּלאָנטערן צווישן די צווייגן און נישט מאַכן קיין רעש.

זיי האָבן אויסגעקליבן אַ פּונקט, ווו די באַן־רעלסן האָבן אויסגעדרייט אויף רעכטס צום וואַלד, שאַפנדיק דערביי אַ קליינעם בויגן. שטיל זענען זיי אַרויס פון וואַלד, צעטיילט אין דריי גרופּעס: צוויי מיט דער מינע און פון ביידע זייטן אויף אַ מהלך פון אומגעפער פופציק מעטער, די שוץ. די גאַנצע אַרבעט האָט נישט מער געדויערט ווי פופצן מינוט. פלינקע מינערישע הענט האָבן מיט גרוב־אייזנס שנעל אַרויסגעוואָרפן די ערד פון אונטער דער שינע, אַריינגעלאָזט די קאַן מיט דער מינע, צוגעריכטעט דעם דרוק־צינדער, עס איז אַפילו נישט געווען נויטיק צו מאַסקירן, און זיך צוריקגעצויגן אין וואַלד אַריין...

זיי זענען געלעגן צווישן די ביימער און נאָכגעפאָלגט יעדן שאָרך, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער ווייטנס. די צייט האָט זיך שרעקלעך לאַנג געצויגן. עס זענען געווען מאָמענטן, ווען עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער טראַנספּאָרט וועט שוין נישט אָנקומען און די גאַנצע מי איז אַ פאַרפאַלענע. יעדעס מאָל האָט אַן אַנדערער פאַרריסן דעם קאָפּ, כּדי צו זיין דער ערשטער, וואָס וועט אָנזאָגן די דערוואַרטע ידיעה, אָבער באַלד זיך צוריק געלייגט אויף דער ערד.

— דו הערסט עפּעס? האָט באָריס געפרעגט זיין שכן מיט די צוויי מאָנגאָ־לישע אייגעלעך און דעם זילבערנעם רינג אויף דעם רעכטן אויער, וואָס האָט זיך מיט אַ מאָל אַרויסגעריסן פון דער ערד.

— ניין.

— צו וואָס־זשע טראָגסטו דעם רינג?

— דו זעסט, באָריס — האָט ער אָנגעהויבן גאַנץ ערנסט — אַזאַ רינג דאַרף טראָגן יעדער פּאַרטיזאַן, עס העלפט שטאַרק צום געהער, ווּעסט זען, איך וועל זיין דער ערשטער צו וועלכן עס וועט דערגיין דער גערויש פון צוג.

נאָר באַלד האָבן שוין אַלע דערהערט דאָס כאַראַקטעריסטישע שאָרכן און קלאַפּן פון די רעדער. עס רייסט איבער דעם שמועס אַ פייף פון לאָקאָמאָטיוו. דער צוג האָט זיך שנעל דערנענטערט. ביי יעדן האָט עס פאַרשפּאַרט ממש דעם אָטעם. ער יאָגט אויף דעם בויגן. ווי אויף אַ באַפעל האָבן אַלע אַריינגעצויגן די קעפּ צווישן די אַקסלען. דער אויפרייס האָט אַזש אַ ריס געטאָן די לופט. דאָס האַרץ וואַקסט פאַר פרייד. נאָך איין היטלעריסטישער צוג פאַרניכטעט. נאָך מיט איין טראָט נענטער צום זיג. זיי זעען, ווי עס פלאַצט דער קעסל, זיינע טיילן פליִען אין דער הויך, שניידנדיק מיט אַ פייף די לופט. די וואַגאָנען יאָגן מיט אימפּעט איינע אויף די אַנדערע, ווערן צעשמעטערט, קייקלען זיך פון די רעלסן די פּלאַטפאָרמען מיט די טאַנקן, וואָס גראָבן אונטער זיך די קערפּערס פון דער

באַזעצונג. דער גערויש, דער טומל איז אַזוי גרויס, ווי עס וואָלט חרוב געוואָרן די גאַנצע וועלט. די געשרייען און הילפס־רופן פון די היטלעריסטן זענען אָן אַ סוף. עס לויפן, ווי די פאַרסמטע מייז די, וואָס זענען אַרויס גאַנץ פון דער קאַטאַסטראָפע. אַ טייל פון זיי עפענען אַ זינלאָז שיסעריי אין דער לופטן אָן אַ ציל.

עס איז נישט געווען וואָס לענגער צו וואַרטן... זיי האָבן זיך מיט ראַשע טריט געלאָזט אין וועג, צוריק צו זייער „פאַרטיזאַנישער היים", כדי צו מעלדן דעם אויסגעפירטן באַפעל.

# דער איבערפאַל אויפן דאָרף קאָפּיסק

דאָס פּאַרטיזאַנישע לאַנד איז געוואָרן פאַר זיי ווי אַן אייגענע רעפּובליק. זיי האָבן פאַרנומען די קאָנטינגענטן, וועלכע זענען געווען באַשטימט פאַר דעם אָקופּאַנט. אויסגעפירט אורטיילן איבער פאַררעטערס און אַגענטן פון געסטאַפּאָ. אין מיטן העלן טאָג באַזעצט אַ רעגירונגס־געביידע און פאַרניכטעט אַלע שטייער־דאָקומענטן און ליסטעס פון די, וואָס האָבן געדאַרפט אַרויסגעשיקט ווערן אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין דייטשלאַנד. שוין אָפּגערעדט פון די הויפּט־אויפגאַבעס, ווי אויסשפּיר און דיווערסיע.

די פּאַרטיזאַנער האָבן געהאַט אומעטום אייגענע מענטשן, אינפאָרמאַטאָרן, רעזידענטן, מיט וועמענס הילף זיי זענען אַריינגעדרונגען אין אַלע טיילן פונעם דייטשן אַפּאַראַט, דעם אַדמיניסטראַטיוון ווי דעם מיליטערישן, אויפן גאַנצן געביט.

דאָס איז געווען יוני 1944. די אויסשפּירערס האָבן זיך דערוווּסט פון אַ ניי פּאָרטל, וואָס די דייטשן האָבן פאַרטראַכט כּדי דאָס פּאַרטיזאַנער־טייל צו פאַר־ניכטן. צו דעם צוועק זענען אויסגעקליבן געוואָרן דריי הונדערט וולאַסאָווצעס און אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן, וועמען זיי האָבן איבערגעטאָן אין סאָוויעטישע מונדירן. זיי האָבן געדאַרפט אַריינדרינגען אין זייערע רייען ווי כּלומרשטע פּאַר־טיזאַנער און מיט זייער הילף לייגן די האַנט אויף די גרופּעס און זיי פאַרניכטן.

שאַצמאַן האָט גראַדע געענדיקט זיין מיטאָג עסן, ווען עס איז געקומען דער לויפער מיט אַ באַפעל ער זאָל דרינגענדיק קומען צום בריגאַדע־קאָמאַנדיר וואָיטשעכאָווסקי. אויפן וועג האָט ער זיך נאָך געטראָפן מיט דעם מענטשן, וואָס האָט געבערענגט די ידיעה, אַז אַן אָפּטיילונג פון כּלומרשטע פּאַרטיזאַנער מאַרשירן אין דער ריכטונג פון די קונישענער וועלדער, ווו ס׳האָט זיך געפונען די באַזע פון זייערע אָפּטיילונגען.

באָריס האָט באַקומען אַ באַפעל צו שאַפן אַ לאָקערונג אויף דער באַנדע און ווי מען זאָגט אויף פּאַרטיזאַנישן לשון „זיי געבן צו פאַרשטיין״, אַז מען ווייסט ווער זיי זענען״. צו דעם צוועק האָט אים דער בריגאַדע־קאָמאַנדיר צוגעטיילט פערציק מאַן, גוט אויסגעשטאַטע מיט מאַשין־ביקסן, גראַנאַטן און אַמוניציע.

— געדענקט, באָריס !! — האָט געזאָגט וואָיטשעכאָווסקי ביים געזעגענען — ביי אַ נישט זיכערער לאַגע גלייך אַרויסשיקן אַ מעלדער.

— לויט דעם באַפעל! טאָוואַרישטש קאָמאַנדיר.

אין צוויי רייען האָבן זיי פאַרלאָזט דעם לאַגער און אַזוי מאַרשירט ביז צום ראַנד פונעם וואַלד. דאָ האָבן זיי זיך איבערגרופּירט אין דריי אָפּיטלונגען, אַרויס־



ВРЕМЕННОЕ УДОСТОВЕРЕНИЕ № 62028

Предъявитель сего Шацман
(фамилия)
Борис Рафаилович
(имя и отчество)
Награжден приказом начальника Белорусского штаба партизанского движения № 265/н от 11 Сентября 1944 г
за доблесть и мужество, проявленные в партизанской борьбе против немецко-фашистских захватчиков
медалью „Партизану отечественной войны"
1 степени медаль №

Начальник Белорусского штаба
партизанского движения

Подпись вручающего
(должность и фамилия)

194 г.

די פּאַרטיזאַנישע אויסצייכענונג פון באָריס שאַצמאַן

שיקנדיק צוויי אויסשפּירערס. זיי זענען געווען ביי דער מיינונג טאַקע דאָ, אויף דעם אָרט, צו פאַרנעמען פּאָזיציעס און שאַפן די לאָקערונג. יעדע גרופּע האָט גענומען אויף איר אָרט זיך מאַסקירן. די זון איז נאָר וואָס פאַרגאַנגען ווען די אויסשפּירערס האָבן זיך אומגעקערט מיט דער בייעס, אַז די באַדע האָט זיך אויפגעטיילט אין צוויי קאָמפּאַניעס, צו הונדערט פּופציק מאַן, פון וועלכע איינע מאַרשירט אין דער ריכטונג פון טשאַרנאַ־וויעש, בשעת די צווייטע טוט זיך איינ־קוואַרטירן אויף איבערצונעכטיקן אין דאָרף קאָפּיסק. דאָס האָבן די פּאַרטיזאַנער באַשלאָסן אויסצונוצן.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג איז געענדערט געוואָרן דער פּלאַן און מ׳האָט באַשלאָסן צו בלייבן ביז אין מיטן נאַכט און אַנשטאָט דער לאָקערונג צו מאַכן אַן איבערפאַל אויפן דאָרף קאָפּיסק.

די לאַגע איז פאַר זיי געווען זייער אַ גינסטיקע. ערשטנס האָבן זיי געהאַט קעגן זיך בלויז אַ העלפט פון דער באַנדע, צווייטנס איז דאָס דאָרף געלעגן נישט ווייט פונעם וואַלד, ווו מען האָט געהאַט פאַרנומען די פּאָזיציעס. מ׳האָט אַרויס־געשטעלט וואַך־פּאָסטנס און אַלע איבעריקע האָבן זיך געלייגט אָפּרוען.

האַלבע נאַכט. אין וואַלד איז שטיל און אָנגענעם, עס הערט זיך קוים בלויז דאָס שעפּטשעניש פונעם וואַלד. די פּאַרטיזאַנער דערנענטערן זיך צום דאָרף פון דריי זייטן, אָן מינדעסטן שאָרך. ווי די שדים גנבענען זיי זיך אַריין און נישטערן צווישן די הייזלעך. לויטן צייכן פון אַ ראַקעטע האָבן אַלע איינצייטיק געדאַרפט עפענען אַ פייער.

ביי אַ גרויסער סטאָדאָלע, צו וועלכער באָריס האָט זיך דערנענטערט מיט זיין גרופּע, איז געזעסן אַ האַלב באַטרונקענער וועכטער אָנגעשפּאַרט אויף זיין ביקס און געשלאָפן. אייגנטלעך האָבן זיי נישט געהאַט פאַר וואָס מורא צו האָבן: פאַר די דייטשן זענען זיי געווען זיכער, און וואָס שייך די פּאַרטיזאַנער? — צו זיי זענען זיי דאָך לויטן פּלאַן געגאַנגען זיך אָנשליסן.

דעם וועכטער האָט מען שטיל אַראָפּגענומען און פאַר די שלאָפנדיקע אין דער סטאָדאָלע איז געווען צוגעגרייט אַ בינטל גראַנאַטן. גאַנץ קאָפּיסט האָט געציטערט פון דעם אויפרייס, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן מיט אַ ווייטן ווידערקויל אין דעם נישט ווייט ליגנדיקן וואַלד. פון די שטיבעלעך האָבן גענומען אַרויסשפּרינגען באַטרונקענע, האַלב אָנגעטוענע וולאַסאָווצעס, וועמען ס׳האָט באַגעגנט אַ פייער פון מאַשין־ביקסן.

דער אומגערעכטער איבערפאַל האָט געשאַפן אַ געוואַלדיקע פּאַניק. באָרוועס, אָן געווער, האָבן אַ סך געלאָזט זיך איבער די פעלדער, כּדי צו ראַטעווען דאָס טריפענע לעבן. אָבער אויך דאָ האָט אַ טייל דערגרייכט די פּאַרטיזאַנישע קויל.

בלויז געציילטע גרופּעס, האַלב אויסגעניכטערטע פון שרעק, האָבן גענומען זיך פּאַרטיידיקן, פּרווונדיק זיך אַרויסצורייסן פון דער נעץ. עס איז אַפילו געקומען צו אַ קאַמף מיט ווייס געווער, דאָס זענען אָבער שוין געווען די גסיסה־פּרוּוון פון דער באַנדע.

עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס זענען געפאַלן אויף די קני און געבעטן, מען זאָל זיי שענקען דאָס לעבן, דערפאַר וועלן זיי אָנטייל נעמען אין אַ ווירדיקן קאַמף קעגן די דייטשן, כּדי דערמיט אָפּצווישן זייער שאַנד... אָבער האָבנדיק פאַר די אויגן זייערע אומגעבראַכטע משפּחות, איז דאָס נקמה־געפיל געווען אַזוי גרויס, אַז דאָס געוויין פון די טריפענע אויסוואורפן האָט נישט גערירט זייערע הערצער.

פאַר טאָג האָבן זיי מיט דריי פאַרוווּנדעטע זיך צוריקגעקערט אויף דער באַזע, מעלדנדיק דעם בריגאַדע־קאָמאַנדיר — וואַיטשעכאָווסקין — דעם אויס־געפירטן באַפעל.

די צווייטע באַנדע, וואָס האָט גענעכטיקט אין טשאַרנאַ־וויעש, האָט שוין רעזיגנירט פון איר פּלאַן.

# אין טאָל פון דער קאָלאָניע מירעסקאָ

נאָך דעם אָנטייל פון בערל שאַצמאַן אין דער מינירונגס־אַקציע פון דעם ריבניקער טראַקט, דורך וועלכן ס׳האָבן געדאַרפט אַדורכגיין די דייטשע טאַנקן, האָט ער באַקומען אַן אַזוי גערופענעם פּאַרטיזאַנישן אורלויב, כּדי זיך אַ ביסל אויסצושלאָפן, אויסגלייכן די ביינער און פאַרריכטן די אָפּגעריסענע און אָפּגע־שליסענע קליידער.

אין וואַלד איז געווען אַנגענעם קיל, און אַ פאַרגעניגן אין דעם הייסן יולי־טאָג צו זיצן אין שאָטן פון די ביימער. ער איז געזעסן צוזאַמען מיט שמואל גאָלדבערג — אַ בחור פון קאַריטשין ביי ביאַליסטאָק, און פאַרריכט די צעריסענע שיך. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ קנאַלן פון ביקסן.

— דו הערסט? — האָט זיך אָנגערופן שמואל.

— יאָ — האָט שאַצמאַן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און ביידע האָבן זיך איינגע־הערט אין דער שיסעריי, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער זייט, ווו ס׳איז געלעגן דאָס דאָרף קאָזשענצע.

— זאָל דאָס זיין אַ לאָקערונג אויף פיליפּאָוון?...

דער קאָמאַנדיר־ פון אָטריאַד, סאַשאַ פיליפּאָוו, האָט זיך געלאָזט צו דער קאָלאָניע מירעסקאָ ביים דאָרף קאָזשענצע אויף אַ טרעפונג מיט אַן אינפאָרמאַטאָר, מיטנעמענדיק מיט זיך אַ שוץ פון פינף מאַן.

שאַצמאַן איז געוואָרן ווי עלעקטריזירט. ווי אויף אַ באַפעל האָבן זיי ביידע אַוועקגעוואָרפן די שיך, זיך געכאַפּט צו די מאַשין־ביקסן און אין אַ גײעג זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון דאָרף קאָזשענצע.

דאָס גרעגערן פון מאַשין־ביקסן איז געוואָרן יעדעס מאָל שטאַרקער, עס האָט שוין אָפּגעהילכט פון עטלעכע זייטן. דאָס איז טאַקע געווען אַ סטימול צו פאַרשנעלערן דעם לויף.

פאַרסאָפּעטע האָבן זיי דערגרייכט דעם ראַיאָן פון קינישינער וואַלד. פאַר זייערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שרעקלעך בילד. דאָס הייזל אין טאָל פון דער מירעסקער קאָלאָניע, ווו פיליפּאָוו האָט זיך געדאַרפט טרעפן מיט דעם אינפאָר־מאַטאָר איז געווען אַרומגערינגלט פון אַן אָפּטיילונג קאַוואַלעריסטן פון ס.ס.־לייט, וועלכע האָבן עס אַן אויפהער באַשאָסן פון מאַשין־געווער.

אַרויסצורייסן זיך פון דעם הייזל און פאַרנעמען פּאָזיציעס איז געווען אומ־מעגלעך. דאָס איינציקע פענצטערל אין דעם הייזל, ביי וועלכן עס האָבן געקענט פאַרנעמען שיס־פּאָזיציעס זיך צו פאַרטיידיקן, האָט געסטייעט בלויז פאַר צוויי

מאַן און דאָס האָט געקאָנט אָפּשלאָגן די אָנגרייפּערס בלויז פון פאָרנט. אויף דעם געדאַנק זענען געקומען די היטלעריסטן און גענומען פאַרגיין די פאַרטיזאַנער פון הינטן. די באַנדיטן, האָבנדיק אַזאַ איבערמאַכט, האָבן אַפילו נישט געוואָלט פּרווון דאָס הייזל אונטערצוצינדן, זייענדיק איבערצייגט, אַז ס׳וועט זיי געלונגען אויפצוצווינגען די פאַרטיזאַנער זיך אונטערצוגעבן.

די לאַגע האָט אויסגעזען אַ האָפענונגסלאָזע. בליץ־שנעל איז געקומען אַ אַ פּלוצעמדיקן איבערפאַל אויף די קאָוואַלעריסטן און דאָס פון צוויי זייטן. ס׳איז נישט געווען קיין צייט צו פאַרלירן. זיי באַשליסן, אַז שמואל זאָל עטלעכע הונדערט מעטער פאַרויס אומבאַמערקט אַריבערשפּרינגען דעם וועג און דורך דער תבואה קומען צו דער הייך קעגן־איבער שאַצמאַנען פון דער אַנדערער זייט הייזל, און פון דאָרט וועלן זיי צוזאַמען עפענען אַ פייער.

שמואל האָט געריררט פון פּלאַץ ווי אַ סאַרנע, בערל האָט בלויז געזען, ווי ער איז גליקלעך אַריבער דעם וועג צו דער תבואה. דאָך האָבן די מינוטן זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט.

ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, איז דאָס נישט געווען קיין שום לאָקע־רונג, אויך נישט קיין פאַרראַט. צופעליק האָבן די היטלעריסטן באַמערקט אַ גרופּע מענטשן און זיך געלאָזט אין זייער ריכטונג, אויפפּאַסנדיק אויף דעם הייזל, וווּ זיי זענען אַריינגעגאַנגען און שוין איבערהויפּט נישט וויסנדיק, אַז זיי האָבן פאַר זיך דעם קאָמאַנדיר סאַשאַ פיליפּאָוו.

ווי דער שטייגער ביי די דייטשן, ווען זיי האָבן זיך געפונען ביי אַ וואַלד, האָבן זיי געעפנט אַ פייער, כּדי זיך צוצוגעבן מוט און לויט זייער מיינונג אָפּצו־שרעקן די פאַרטיזאַנער. דאָס מאָל איז באַלד נישט געפאַלן אַ קרבן דער שומר, וואָס איז געשטאַנען אין דרויסן אויף דער וואַך. אַלאַרמירט דורך דער שיסעריי האָבן זיי געפּרווט אַרויס, ס׳איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. די קוילן האָבן אַן אויפהער געשלאָגן אין דער טיר, וואָס איז שוין געווען צעלעכערט ווי אַ זיפּ.

מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ גרעגערן פון צווישן די תבואות און גלייך האָט שאַצמאַן זיך אָפּגערופן פון דעם וואַלד. זיי האָבן געהאַט פאַר זיך אַ גע־ווּנטשענעם ציל. אין טאָל זענען די רייטערס צעמישט געוואָרן. צוויי פאַרווונ־דעטע פערד זענען געבליבן ליגן דירעקט ביים הייזל. דעם טומל האָט אויסגענוצט פיליפּאָוו און זיינע מענטשן, זיך אַרויסגעריסן פונעם הייזל, האָבנדיק דערביי גלייך אַ דעקונג די צוויי טויטע פערד.

די ס.ס.־לייט זענען איצט געווען צווישן דריי פייערן. די צעקאַליעטשעטע פערד האָבן גענומען גאַלאָפּירן מיט זייערע רייטערס ווי ווילדע, שטעלנדיק זיך טייל מאָל אויף די הינטערשטע פיס, פאַרטאַראַסירנדיק מיט זיך דעם שמאָלן

וועג. די היטלעריסטן זענען געווען איבערצייגט, אַז זיי זענען אַרומגערינגלט און אין פּאַניק גענומען אַרויסציִען זיך פון טאָל, איבערלאָזנדיק אויפן שלאַכטפעלד צוועלף טויטע.

פון די דריי געפאַנגענע האָט מען גענומען אַ „צונג", כּדי אויסצופּרעסן וועגן דער דיסלאָקאַציע פון מיליטער, פּאָליציי, סקלאַדן פון אַמוניציע און נאָך אַ סך נויטיקע פאַר די פּאַרטיזאַנער אינפאָרמאַציעס, וועלכע זענען גלייך איבערגעשיקט געוואָרן צום שטאָב פון דער בריגאַדע.

פאַר דער אַקציע האָט שמואל גאָלדבערג און בערל שאַצמאַן„ באָריס", באַקומען אַ ספּעציעלע אָנערקענונג פון דער פּאַרטיזאַנישער אָנפירונג.

# דער קאָמיסאַר פון פּאַרטיזאַנער אָטריאַד
# „סרעגיי לאַזאָ" — הערש סמאָליאַר
# („סטאָליאַרעוויטש")

עס דערציילן דאָקומענטן *:

ער האָט מיט אַלע מעגלעכקייטן געזוכט וועגן, ווי אַזוי זיך צו דערקלייבן צו דער פראָנט־ליניע, נאָר קיין וועגן זענען נישט געווען, און ער — הערש סמאָליאַר, דער 35־יאָריקער יונגערמאַן, דער ייִד, דער קאָמוניסט, דער שרייבער — האָט קיין אַנדער אויסוועג נישט געהאַט און געמוזט פאַרבלייבן אין מינסק ביי די דייטשן. ער האָט זיך געטראָפן פּנים אל פּנים מיט די מענטשנפרעסערס און האָט דערזען, מיט וואָס פאַר אַ קאַלטער רציחה זיי ברענגען אום יעדן טאָג הונדערטער און טויזנטער ייִדן, ווייסרוסן, רוסן און אַנדערע.

באַלד ביים אַריינמאַרש האָבן זיי דערשאָסן הונדערט „ייִדן באָלשעוויקעס", אומגעבראַכט די גאַנצע אינטעליגענץ; פאַרטריבן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער און אין תּפיסה איבער פופצן טויזנטן מענטשן — בלויז מענער; אַרויפגעלייגט אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג אַן אומגעהויערע גרויסע קאָנטריבוציע — צוויי מיליאָן רובל, צען קילאָגראַם גאָלד אאַז"וו. און געשאַפן אַ געטאָ, וועלכע האָט געבראַכט צו מאַטעריעלער רויִנירונג און איזאָלירט די ייִדישע באַפעלקערונג פון אירע נאָענטע פריינד און קרובים פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן.

הערש סמאָליאַר איז אַריינגעפאַלן אין געטאָ ווי אַ ייִד מיט געלע לאַטעס אויף דער רעכטער זייט ברוסט און אויף דער פּלייצע. ער האָט געקענט אויסמיידן דאָס געטאָ, געקאָנט בלייבן וווינען ביי גוטע חברים פון רוסישן ראַיאָן און האָבן אַ רוסישן פּאַס. מען האָט אים אויך פאַרגעלייגט אַרבעט הינטער דער שטאָט מיט גאַראַנטיע, אַז קיינער וועט אים נישט זען און קיינער וועט אים נישט טשעפּען. נאָר ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. הערש סמאָליאַר האָט נישט געוואָלט זיין ענלעך צו דער מויז, וואָס אַנטלויפט פון דער זיך טרינקנדיקער שיף.

— איך בין אַ ייִד — האָט ער געזאָגט — און מיין אָרט איז דאָרט, ווו עס געפינען זיך מיינע ברידער.

---

* איינִיקייט — אָרגאַן פון דעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין פ.ס.ס.ר. סעפּטעמבער 1944.

הערש סמאָליאַר איז געקומען אין געטאָ און דערזען סאַראַ שרעק די דייטשן האָבן אָנגעוואָרפן אויף דער יִדישער באַפעלקערונג, סאַראַ געפּיל פון הילפלאָ־זיקייט און צעטומלטקייט עס האָט געהערשט אין געטאָ און ער האָט דעמאָלט געזאָגט צו זיך:

— אַלע רעכט האָסטו, הערשל, כּל־זמן דו לעבסט, נאָר איין רעכט האָסטו נישט — זיצן ליידיק״...

און דער קאָמוניסט הערשל סמאָליאַר האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט; ער איז אַוועק אין דער אונטערערד. אונטערערד איז אייגנטלעך די גרונט־אַרבעט אין זיין לעבן. די רויטע אַרמיי האָט ער, אַלס קאָמוניסט, באַגעגנט אין יאָר 1920 נעבן ביאַליסטאָק, ווו ער האָט געאַרבעט אין אונטערערד דאָס צווייטע מאָל אונטערערד דויערט עלף יאָר (אין צווישן זעקס יאָר תּפיסה), ביז ס׳האָט אים אין יאָר 1939 באַפרייט די רויטע אַרמיי. און איצט... איצט — האָט ער געפילט — קומט אָן דער שווערסטער און פאַראַנטוואָרטלעכסטער מאָמענט אין זיין לעבן — די אונטערערד אין געטאָ.

הערשל האָט אין די פאַרבאָרגענע ווינקעלעך פון געטאָ גענומען נישטערן און זוכן חברים, קאָמוניסטן און אומפּאַרטייִישע, אויף וועמען מען זאָל זיך קענען פאַרלאָזן. ער האָט זיך געטראָפן מיט יאָשע קירקאַיעשטאַ, נאַטקע ווײַנהויז, מאיר פעלדמאַן, הערשל ראַבין און אַנדערע. ס׳איז באַשטימט געוואָרן צו שאַפן אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע, כּדי צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן.

אויף דער ערשטער אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג איז באַשטימט געוואָרן צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן צענטער, אין וועלכן ס׳זענען אַריין דריי מענטשן: הערשל סמאָליאַר אַלס סעקרעטאַר, נאָטקע ווײַנהויז און יאָשקע קירקאַיעשטאַ (אַ בעסאַראַבער ייִד). די ערשטע גרונט־אויפגאַבע פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע איז געווען: געבן די ייִדן אין געטאָ ריכטיקע ידיעות וועגן דער לאַגע אויפן פראָנט.

צוליב דעם צוועק האָט מען געבראַכט אין געטאָ אַ פּאָר ראַדיאָ־אויפנעמערס. מען פלעגט פאַרשרייבן די באַריכטן פון דער סאָוויעטישער אינפאָרם־ביוראָ און אַנדערע וויכטיקע מאַטעריאַלן, איבערגעדרוקט אויף אַ שרייב־מאַשין און פונאַנ־דערשיקן איבערן געטאָ און אין די רוסישע ראַיאָנען.

יעדער מיטגליד פון אָרגצענטער האָט באַקומען אַן אויפגאַבע צו שאַפן אַרום זיך אַ גרופּע פאַרטרויִלעכע קאָמוניסטן און אומפּאַרטייִישע.

דאָ, אין געטאָ, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אַלשטאָטישע אונטערערדישע דרוקעריי. אין די שווערע באַדינגונגען פלעגן אַרויסגעלאָזט ווערן פלוגבלעטלעך:



הערש סמאָליאַר — פסעוודאָנים „סטאָליאַרעוויטש"

„נייעס פון סאָציאַליסטישן היימלאַנד" און אַנדערע, וואָס פלעגן איבערגיין פון האַנט צו האַנט, מונטערן און רופן צום קאַמף קעגן די דייטשע פאַרכאַפּערס.

אַ גרויסע געשעעניש איז געווען, ווען ס'איז דערשינען דער ערשטער נומער פון דער אונטערערדישער צייטונג „זוויעזדאַ".

צו דער צייט וואַקסן אָן די ערשטע בלוטיקע אַרויסטרעטונגען פון די דייטשן אין געטאָ. דאָס זענען געווען בייַנאַכטיקע באַנדיטישע אָנפאַלן. דאָס געטאָ האָט געוואַרט אויף פּאָגראָמען. סמאָליאַר שטעלט די פראַגע פאַר דעם אָרגצענטער וועגן באַוואָפנטער זעלבסטשוץ אין געטאָ און וועגן קריגן געווער.

איניקע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין די נעכט אויף די אַלטע וווינונגען, ווו זיי האָבן געהאַט באַגראָבן געווער. צו דער צייט קומט אום יאַשע קירשאַיעשטאַ. אַ פּאָליציאַנט האָט אים באַמערקט אויף יענער זייט שטעכיקע דראָטן און פאַר־לאַנגט, ער זאָל זיך אָפּשטעלן. ביי די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע איז אָבער געווען אָפּגערעדט: „קיין לעבעדיקער זיך נישט אונטערגעבן". קירקאַיעשטאַ האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט און דערשאָסן געוואָרן. ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ מאַסן־לוויה פאַר דעם אומגעקומענעם חבר. דאָס איז געווען די איינציקע און ערשטע אָפענע לוויה אין געטאָ. געקומען איז אַ גרויסער עולם. הערשל סמאָליאַר האָט אויפגעשטעלט אויפן קבר אַ ברעטל מיט אַן אויפשריפט: „געפאַלן אין קאַמף".

אין דער צייט איז מען שוין געווען אין פאַרבינדונג מיט דער אונטערערדי־שער באַוועגונג אין דער שטאָט. עס זענען שוין געווען די גרופּעס פון אייזנבאַנער, שטאָטישע אָנגעשטעלטע, די אונטערערדישע גרופּע פון ראַיאָן קאָמאַרעווקע, די סטודענטן־גרופּע און אַנדערע.

צו דער גרופּע פון געטאָ האָבן געהערט די חברים: הערש סמאָליאַר (פּסעוו־דאָנים „יעפים", „סקראָמני", „סטאָליאַרעוויטש"), וו. ל. געבעלעוו, מ. ל. עקעל־שטיק, מ. מ. פרויסליין, ח. מ. פרויסלינאַ, ב. ל. פעלדמאַן און אַנדערע.

סוף אָקטאָבער האָט סמאָליאַר באַקומען אַ ידיעה פון איינעם אַ שניידער אַברהם געלמאַן, וועלכער האָט געאַרבעט אויף צוואַנגס־אַרבעט אין דער דייטשער זיכערהייטס־פּאָליציי, אַז עס גרייט זיך אַ פאַרשמעלערונג פונעם געטאָ. די איינ־וווינערס פון יענעם טייל געטאָ, וועלכן די דייטשן האָבן זיך געקליבן צו „פאַר־שמעלערן", האָט מען באַלד וועגן דעם געוואָרנט און פיל פון זיי האָבן באַצייטנס זיך אַריבערגעקליבן אין אַנדערע ראַיאָנען.

סמאָליאַר אַליין זוכט אויך אַן אַנדער דירה. עס העלפט אים דערביי דער דאָקטער לייב קוליק. ער האָט געוווסט, אַז די דייטשן האָבן מורא צוצוגיין נאָענט צו דעם שפּיטאָל פון אָנשטעקנדיקע קראַנקע. אַזוי אַרום איז דאָס שפּיטאָל דאָס זיכערסטע אָרט.


Пролетарыі ўсіх краін, еднайцеся!

**БАРАНАВІЦКІ АБЛАСНЫ КАМІТЭТ КОМУНІСТЫЧНАЙ ПАРТЫІ (большэвікоў) БЕЛАРУСІ**

№ ........ „17" августа 1944 г.

-СПРАВКА-

Настоящая дана тов. С м о л я р Григорию Давыдовичу в том, что он в партизанах с 17 октября 1942 г. и занимал следующие должности :-
1. С 1 марта по [illegible] мая 1943 г. комиссар отряда им. [illegible] /бр. им. Фрунзе/
2. С 1 июня 1943 г. по 1 сентября 1943 г. - пол. рук. отр. им. Кутузова /бригада им. Фрунзе/.
3. С 1 сентября 43 г. по 15 июля 1944 г. - редактор газеты "Голос Селянина" - орган подпольного Столбцовского Райкома КП/б/Б.

С е к р е т а р ь
Барановичского Обкома КП/б/Б и
Командир соединений партизанских бригад и отрядов
Генерал-Майор Герой Советского Союза /В. Чернышев/.

Типография [illegible]. Зак. [illegible] Тир. [illegible]

באַשטעטיקונג פון דער פאַרטיזאַנישער טעטיקייט פון הערש סמאָליאַר

די „קאַטשעגאַרקע" פון שפיטאַל, ווו סמאָליאַר האָט איצט געאַרבעט, איז געוואָרן דער שטאַב פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. אַהער פלעגן קומען פאַרשידענע מענטשן פון פּאַרטיזאַנישע מחנות, פאַרשטייערס פון מינסקער שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט און אַנדערע.

די מיטגלידער פון „יודן־ראַט" האָבן סמאָליאַרן נישט געקענט. זיי האָבן בלויז געהערט, אַז אין אונטערערד אַרבעט איינער אַ יעפּים סטאָליאַרעוויטש. ער האָט אָנגענומען מיטלען, אַז אַלע קאָנטריבוציעס, וואָס די דייטשן פלעגן אַרויפלייגן אויף דעם געטאָ, ווי לעדערוואַרג, מאַנופאַקטור, מעדיקאַמענטן, ווערט־פולע זאַכן ווי גאָלד און אַנדערע, זאָלן מערסטנטייל אַריינפאַלן אין די הענט פון די פּאַרטיזאַנער. אַזוי אַרום האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען אין דער „קאַטשע־גאַרקע" אויך מיטגלידער פון „יודן־ראַט", וועלכע האָבן זיך פאַרבונדן מיט דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע.

שפּעטער איז סמאָליאַר אַוועק פון שפיטאַל, כּדי צו בלייבן פולשטענדיק אומלעגאַל. ווו ער האָט געטאָגט, האָט ער נישט געגעבן קיין אַדרעס ... ? די שטאָטישע פּאַר־טיי־אָרגאַניזאַציע האָט געקריגן פאַר אים אַ דאָקומענט, געחתמעט דורך דעם פּאָליציי־גענעראַל פון מינסק. די הויפּט־קוואַרטיר פון דער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ איז איצט געווען ביי איינער פון די אַקטיווסטע קעמפערינס אין אונטער־ערד — נינאַ ליס.

צוליב אַ פּראָוואָקאַציע איז די געהיימע קוואַרטיר דורכגעפאַלן. אין איינער אַ נאַכט האָבן געסטאַפּאָ־לייט זיך אַריינגעריסן אין נינעס הויז און געפאָדערט, זי זאָל אַרויסגעבן יעפּים סטאָליאַרעוויטשן.

נינאַ ליס האָט געוווּסט, ווו סמאָליאַר געפינט זיך, ווייל מיט עטלעכע שעה צוריק האָט זי אים אין שכנותדיקן הויז אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן איר רייזע אין דער געגנט פון די נאַליבאָקער וועלדער, כּדי זיך צו דערוויסן וועגן אַ מעגלעכ־קייט אַרויסצופירן אין וואַלד יידן פון געטאָ. נינאַ איז געשטאַנען מיט איר קינד אויף דער האַנט און האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. אין דער נאַכט האָבן די געסטאַפּאָ־מערדערס דערשאָסן די איינוווינערס פון דעם הויז — איבער זיבעציק מענטשן — צווישן זיי נינאַ ליס מיט איר קינד און איר אַלטע מוטער.

צו יענער צייט איז אַרעסטירט געוואָרן דער אומלעגאַלער מיליטערישער ראַט, ביים פּאַרזיצער פון „יודן־ראַט", יאַפע. די געסטאַפּאָ האָט פון אים געפאָ־דערט ער זאָל אַרויסגעבן די פיר הויפּט־אָנפירערס פון דער אומלעגאַלער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ. אין דער ערשטער ריי סטאָליאַרעוויטשן. די געסטאַפּאָ האָט געשטעלט אַן אולטימאַטום: אויב ער גיט נישט אַרויס סטאָליאַרעוויטשן

צו דער און דער צייט, ווערט אומגעבראַכט דער גאַנצער „יודן־ראַט" און אַ טייל פון געטאָ.

יאָפען איז געלונגען צו באַקומען אַ ריינעם בלאַנק פון אַ פּאַספּאָרט, אויסגע־פילט אים אויף סטאָליאַרעוויטשעס נאָמען, איינגעטונקט אין בלוט און אָפּגע־פירט דעם פּאַספּאָרט אין געסטאַפּאָ.

— אָט דעם פּאַספּאָרט האָט מען געפונען אין הויז — האָט ער געזאָגט — ווו ס'איז פאָרגעקומען דער ביינאַכטיקער פּאָגראָם.

די געסטאַפּאָ איז געווען זיכער, אַז סטאָליאַרעוויטש איז אומגעקומען צוזאַ־מען מיט די איבעריקע איינוווינערס פון הויז.

סמאָליאַר האָט זיך גישט געטאָרט ווייזן אויף דער ליכטיקער שיין. דער דאָקטער קוליק האָט אַוועקגעשיקט אַ גרופּע סאַניטאַרן, כדי איבערצוטראָגן סמאָליאַרן אויף אַ טראַגבעטל אַלס אַ טיפוס־קראַנקן אין אינפעקציע־שפּיטאָל. אין פּאַלאַטע האָט מען נעבן אים אַוועקגעזעצט פאַרלעסלעכע מענטשן, ווי פּימע וואַפּנע און סאַשאַ יאַקובאָוויטש (סטודענטן פון דריטן קורס מעדיצין), וועלכע זענען געווען סמאָליאַרס אויפזעערס און גלייכצייטיק די פאַרבינדלערס מיט דער אַרומיקער וועלט.

דאָ, אין שפּיטאָל, צווישן טיפוס־קראַנקע, האָט סמאָליאַר ווידער אָנגעהויבן אָנקניפּן די איבערגעריסענע קאָנטאַקטן און אָרגאַניזירן יידישע קאַמפס־גרופּעס, וועלכע זאָלן זיין גרייט אַרויסצוגיין אין וואַלד. די אַרבעט איז צוריק אויפגע־שטעלט געוואָרן און האָט זיך פאַרברייטערט. יעדער איינער האָט זיך אַרומגע־טראָגן מיט דעם געדאַנק: „אַרויסגיין פון געטאָ!". נאָר אַרויסגיין מיט ליידיקע הענט וואָלט געווען אַ פאַרברעכן. יעדע גרופּע האָט זיך גענומען צוגרייטן געווער. עס האָט גענומען שמעקן מיט מאַסן־באַוואָפענונג. אַפילו קינדער האָבן גענומען ברענגען אין געטאָ געווער. מיט דער הילף פון רוסישע און ווייסרוסישע חברים פלעגט מען אָפט קויפן געווער ביי דייטשן, ביי דער פּאָליציי; ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז מען האָט געבראַכט אין געטאָ אַ קוילנוואַרפער מיט אַן אויטאָמאַט.

## סאַבאָטאַזש־אַרבעט אין מינסקער געטאָ

פונעם דייטשן אַוויאַ־טייל, ווו יידן האָבן געאַרבעט, פלעגט מען, גייענדיק אַהיים, ברענגען גראַנאַטן און אויפרייס־מאַטעריאַלן.

גלייכצייטיק קומען פאָר אָרגאַניזירטע דיווערסיע־אַקטן דורך די געטאָ־

איינוווינערס: אַ יידישער שמיד, וואָס אַרבעט אויפֿן ספּירט־זאַוואָד, פֿאַרסמט מיט אַ ספּעציעלן סם, אַן אויסגעאַרבעטן אין דער לאַבאָראַטאָריע פֿון געטאָ, אַ גאַנצן טראַנספּאָרט מיט ספּירט, וואָס איז אַוועק אויפֿן פֿראָנט.

די שוסטערס, וועלכע אַרבעטן אין דייטשן „אַרבעטס־לאַגער פֿאַר דייטשער אַוויאַציע", קלאַפּן אַן אין די שטיוול אַ מאַסע טשוועקעס, אַזוי אַז מען זאָל די שטיוול נישט קענען אָנטאָן.

נאַדיע שוסער און לענע מייזעלס פֿירן אָן מיט אַ גרופּע יידישע פֿרויען, וואָס מאַכן קאַליע פֿאַרטיקע פֿאַלשירעמס, קליידונגען; זיי שלעפּן פֿון די דייטשע לאַגערן וואַרעמע וועש, וואַלענע הענטשקעס און אַנדערע קליידער פֿאַר פּאַרטיזאַנער.

פֿאַר אַ דיווערסיע־אַרבעט האָט זיך געפֿאָדערט אַ מונדיר פֿון אַ דייטשן אָפֿיציר. נאַדיאַ שוסער טוט אָן אונטערן מאַנטל אַ מונדיר פֿון אַן אויבערלייטענאַנט און דעם זעלבן טאָג איז דער מונדיר אָנגעקומען צו די פּאַרטיזאַנער.

עס זענען, פֿאַרשטייט זיך, אויך געווען דורכפֿאַלן: ביים אַריינשיטן סם אין אַ קעסל מיט געקעכטס פֿאַר דייטשע מיליטער־לייט, האָט מען אויף דער מינסקער פֿאַבריק־קיך געכאַפּט עטלעכע מיטגלידער פֿון דער אָרגאַניזאַציע און זיי דערשאָסן.

דורכגעפֿאַלן איז אויך דער אויפֿרייס אויף דער וויליקעס־פֿאַבריק, אָרגאַניזירט צוזאַמען דורך יידן מיט סאָוויעטישע קריגס־געפֿאַנגענע.

די געסטאַפּאָ האָט געכאַפּט און אומגעבראַכט אַ גרופּע ספּעציאַליסטן אויף דעם „פֿאַרפֿלעגונגס־לאַגער פֿון דער דייטשער לופֿטוואַפֿע" מיטן בריגאַדיער חיים גאַרוועץ בראש. די גרופּע האָט איבערגעפּעקלט געווער פֿאַר די פּאַרטיזאַנער און צוגעגרייט אַן אויפֿרייס פֿון דער פֿאַבריק.

די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע האָט גענומען זיין מער פֿאַרזיכטיק און אָנגעהויבן אויסראָטן די פּראָוואָקאַטאָרן. עס איז אויך באַשטימט געוואָרן צו העלפֿן און מיט פֿאַרשידענע מיטלען צו ראַטעווען סאָוויעטישע קריגס־געפֿאַנגענע. די פֿרויען אין געטאָ האָבן גענייט פֿאַר זיי ציווילע קליידער, מען האָט פֿאַר זיי איינגעשאַפֿן פּאַספּאָרטן און פֿאַרבונדן מיט די פּאַרטיזאַנער. אַזוי איז אַרויסגעריסן געוואָרן פֿון מינסקער קאָנצענטראַציע־לאַגער דער עלטערער לייטענאַנט סעמיאָן גאַנזענקאָ. ער איז געוואָרן אַ קאָמאַנדיר פֿון אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע, אַנטלאָפֿענע פֿון מינסקער געטאָ. שפּעטער איז ער געוואָרן קאָמאַנדיר פֿון דער פּאַרטיזאַנער־בריגאַדע אויפֿן נאָמען „פּאָנאָמאַרענקאָ".

די געסטאַפּאָ, זעענדיק, אַז נישט געקוקט אויף די נאַכט־פּאָגראָמען און צו־



**אַ גרופע יידישע קאָמאַנדירן**

שטייען פון רעכטס אויף לינקס: נ. פעלדמאַן, וו. קראַווטשינסקי, ר. פייגעלמאַן.
זיצן: ה. סמאָליאַר, ש. זאַרין, ב. כיימאָוויטש.

שיסונגען, ווערט דאָך די פּאַרטיזאַנישע אַרבעט פאַרגעזעצט, הייבט אָן צו רעדן מיט אַ פּראָוואָקאַטאָרישן טאָן : — גייט נישט צו די פּאַרטיזאַנער, גיט אונדז אַרויס די פירערס און אייער לעבן וועט זיין געזיכערט. מער וועלן קיין אַקציעס אין געטאָ נישט פאָרקומען.

דער שטראָם און דראַנג צו דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג ווערט אָבער אויף קיין איין מאָמענט נישט אָפּגעשוואַכט.

דעם 28סטן יולי 1942 אָרגאַניזירן די דייטשן די סאַמע שוידערלעכסטע שחיטה, וועלכע האָט געדויערט איבער פיר מעת־לעת. הערשל סמאָליאַר האָט דעמאָלט גראַדע געגרייט דאָס אַרויספירן צו די פּאַרטיזאַנער הונדערט און פופציק מאַן. פּלוצעם איז אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם... דאָס געטאָ איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַלע זייטן. הערשל איז אַוועק צו זיך אין דער באַהעלטעניש.

עטלעכע טעג פאַר דער שחיטה האָט אַ באַקאַנטער מוליער אין איין נאַכט אויסגעבויט אַ דאָפּלטע וואַנט אויפן בוידעם פון אינפעקציע־שפּיטאָל. דאָס ליידיקע אָרט צווישן די ווענט איז געווען זיין באַהעלטעניש.

די דייטשן האָבן געשליידערט גראַנאַטן אין אַלע ערטער, אויף וועלכע זיי האָבן נאָר געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז דאָרט באַהאַלטן זיך מענטשן. מיט אַ דייטשן קינזשאַל אין די הענט איז סמאָליאַר אָפּגעשטאַנען אין זיין באַהעלטעניש פיר מעת־לעת, נאָר די דייטשן האָבן זיך אין שפּיטאָל נישט באַוויזן. אין שכנותדיקן שפּיטאָל האָבן זיי דערשאָסן אין די בעטן אַלע קראַנקע.

אין די גאַסן האָבן זיך געוואַלגערט טויטע קערפּערס פון זקנים, וועלכע האָבן קיין כוח נישט געהאַט צו גיין צו דער שחיטה, פרויען און קינדער, וואָס האָבן נישט געוואָלט גיין צו די „גאַז־אויטאָמאָבילן״. די יִדן פון די אַרבעטס־קאָלאָנעס האָט מען די גאַנצע צייט פון פּאָגראָם געהאַלטן פאַרשפּאַרט אויף דער אַרבעט. אימהדיקע קולות האָבן אויפגעריסן די לופט. איבער אַלע גאַסן האָט זיך געטראָגן אַ שוידערלעכער יאָמער. מענטשן האָבן זיך געריסן פאַר די האָר, געפאַלן צו דער ערד, אויפגעהויבן טויטע קינדער פון די גאַסן. מוטערס זענען געלאָפן פון די הייזער, טראָגנדיק ווער אַ העמדל פון אַ קינד, ווער אַ קינדעריש שיכל — דאָס אַלץ וואָס איז געבליבן פון זייערע עופעלעך.

מיט דער אַרבעטס־קאָלאָנע, וואָס האָט זיך דעם פינפטן טאָג צוריקגעקערט אין געטאָ, איז אַריין אַ רוסיש מיידל — מאַריאַ גאַראַכאָוואַ, וועלכע האָט געלעבט אונטער אַ פאַלשן פאַמיליע־נאָמען — מאַיאָראָוואַ. זי איז געקומען אין געטאָ מיט געלע לאַטעס אויף דער ברוסט און אויף דער פּלייצע און זיך גלייך געלאָזט צום שפּיטאָל, זוכן סמאָליאַרן.

דאָס איז געווען די פאַרבינדלעריין צווישן דעם שטאַטישן קאָמיטעט און סמאָליאַרן אין געטאָ. זי איז געקומען מיט אַ שריפטלעכן באַפעל, ער זאָל גלייך פאַרלאָזן דאָס געטאָ. און אַריבער אויף דער אַרישער זייט.

## אין שכנות מיטן גענעראַל־קאָמיסאַר קובע

הערשל סמאָליאַר האָט איבערגעלאָזט אַ פאַרטרעטער און איז אַרויס פון זיין באַהעלטעניש. דאָס צווייטע מאָל פאַר די לעצטע זעקס חדשים האָט ער דעמאָלט אָנגעקוקט די ליכטיקע שיין.

דורכגעפירט דורך דעם געטאָ האָבן אים מאַריאַ גאַראַכאָווּאַ און עמע ראַדאָווּאַ — אַ צוואַנציק־יאָריק ייִדיש מיידל, וואָס האָט פאַר קיין זאַך זיך נישט געשראָקן און איז געווען איינע פון די זעלטנסטע טוערינס פון דערמינסקער אונטערערד. סמאָליאַר איז געגאַנגען צווישןביידע מיידלעך, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט אים זיך אַריינגעגאָסן אין דער אַרבעט־קאָלאָנע, וואָס איז געווען באַשעפטיקט ביי דעם גענעראַל־קאָמיסאַר פון ווייסרוסלאַנד — קובע.

ווי נאָר זיי האָבן זיך דערנענטערט צו דער קאָלאָנע, האָט זיי באַגעגנט אַ יאַט, וועלכער האָט זיך אומבאַמערקט איבערגעוווּנקען מיט מאַריאַן און האָט זיי אין דרייען אַריינגעשטעלט אין מיטן דער גרופּע. דאָס איז געווען אַ חבר פון דער באַוועגונג; איינער פון די בריגאַדירן פון די קאָלאָנעס. ער האָט געגעבן סמאָליאַרן אין די הענט אַ זעג מיט אַן עמער און באַפוילן צו מאַרשירן. אויפן וועג האָט הערשל אַ פרעג געטאָן ביי מאַריאַן:

— וווּהין פירט מען מיך?

מאַריאַ האָט אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט:

— אויף אַ וויזיט צום גענעראַל־קאָמיסאַר קובע.

און עס איז טאַקע אַזוי געווען. אַ ביסל שפּעטער האָט סמאָליאַר ווירקלעך דערזען, אַז ער געפינט זיך אין אַ הויף פול מיט ס.ס.־לייט. ס'איז אים שווער געווען זיך פאַרצושטעלן, וואָס דאָ וועט ווייטער פאָרקומען. אין גיכן האָט אים מאַריאַ אַרויסגעפירט פון דער גרופּע אַרבעטער און אים געבראַכט צו פירן אין אַ ווינבונג אויפן ערשטן שטאָק. דאָ האָט זי געוווינט. ווי פאַרוווּנדערט איז ער געוואָרן, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז איבער אים, אויפן צווייטן שטאָק, וווינט קובעס אַדיוטאַנט, איינער פון די שעפן פון געסטאַפּאָ, און שוין גאָר גרויס איז געווען זיין פאַרוווּנדערונג, ווען מאַריאַ האָט אים געזאָגט, אַז פון דעם מאָמענט

אָן וועט זי אויסער דעם אויבן דערמאָנטן אַדיוטאַנט, האָבן נאָך צוויי שכנים, דאָס איז ער, דער ייִד און קאָמוניסט, יעפּים סטאָליאַרעוויטש און דער צווייטער שכן אויפן צווייטן הויף — דער גענעראַל־קאָמיסאַר פון ווייסרוסלאַנד — דער מענטשן־פרעסער און אויסוווּרף — קובע.

— דאָ וועסטו בלייבן — האָט מאַריאַ געזאָגט — ביז ס׳וועט נישט קומען קיין אַנדער פאַראָרדענונג.

ווי סמאָליאַר האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט זיך מאַריאַ — לויט אַן אָנווייזונג פון אונטערערדישן קאָמיטעט — איינגעאָרדנט דאָ אין דער קיך אַלס קאַרטאָפל־שיילערין, כּדי צו האָבן דאָס רעכט צו וווינען אין דעם הויז.

אַהער האָבן געגומען קומען פאָרשטייערס פון קאָמיטעט, דאָ פלעגן זיך באַווייזן מיטגלידער פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ. דאָ האָט מען זיך דעררעדט וועגן אָרגאַניזירן ברייטערע מעגלעכקייטן פאַר אַפּשיקן מענטשן אין די פּאַרטיזאַנישע מחנות.

דאָ, ביי דעם דייטשן גענעראַל־קאָמיסאַר אין הויף, „אָפּגעהיט״ דורך צענדליקער ס.ס.־לייט און געסטאַפּאָ־טוערס, פאַרנעמט זיך הערש סמאָליאַר מיט זיין דירעקטער אַרבעט אַלס שרייבער און זשורנאַליסט. ער שרייבט אויפרופן, וואָס וועקן דאָס פאָלק אַרויסצוטרעטן מיט געווער אין האַנט קעגן די בלוטיקע פאַשיסטישע חיות, בראָשורן, פאַמפלעטן קעגן דער ווייסרוסישער אַגענטור פון דייטשן פאַשיזם, קעגן דער באַנדע אויסוווּרפן: אָסטראָווסקי, סאָבאָליעווסקי, אַקינטשיץ און אַנדערע.

ביי מאַרינען אין דער וווינונג איז ער אָפּגעווען אַנדערטהאַלבן חדשים און ענדלעך איז פאַרווירקלעכט געוואָרן זיין לאַנג געגאַרטער טרוים — אַוועקצוגיין אין וואַלד, צו די פּאַרטיזאַנער.

הינטער מינסק האָט ער מיט נאָך צוויי חברים געוואַרט אויף אַ פאָרשטייער פון די פּאַרטיזאַנער. די נאַכט איז געווען אַ שווידערלעכע. פּונקט דעמאָלט, ווען זיי זענען געזעסן אין וואַלד און געוואַרט, איז געווען אַן אָנפאַל פון דער סאָוויעטישער אַוויאַציע. דער גאַנצער אַרום איז געווען העל באַלויכטן פון די אויפרייסן און פייערן. געקלאַפּט האָט די זעניט־אַרטילעריע, שפּליטערס האָבן זיך צעשאָטן ווי האָגל. דאָס וועלדל איז געווען אַ שיטערס. זיי האָבן זיך פאַרטייעט צווישן די קוסטעס און פאַרבליבן ביז פאַר טאָג.

די באַגעגעניש האָט זיך נישט איינגעגעבן און סמאָליאַר האָט געמוזט זיך אומקערן צוריק קיין מינסק. ער האָט געוואָלט אומבאַמערקט אַדורכגנבענען זיך צו מאַרינען, נאָר פּלוצעם האָט ער דערפילט, אַז מען האָט אים באַמערקט.

ער איז שנעל פאַרשווונדן. דעם זעלבן טאָג האָט מען אים אַוועקגעפירט צו

אַ לעקטאָרין פון מעדיצינישן אינסטיטוט און שפּעטער האָט אים געגומען צו זיך דער סעקרעטאַר פון אומלעגאַלן סטאָלינער ראַיאָן־קאָמיטעט — ניקאָלאַי גראַ־סימענקאָ, וועלכער האָט געאַרבעט אַלס הייצער אין דעם פּאַרפלעגונגס־לאַגער פון דער דייטשער לופטוואַפע.

— אויב אומקומען, איז צוזאַמען — האָט ער געזאָגט, פירנדיק סמאָליאַרן צו זיך אַהיים.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט ער באַקומען אַ ידיעה, אַז עמע ראַדאָווא איז אַרעסטירט געוואָרן און די געסטאַפּאָ האָט זי שוידערלעך געפּייניקט. זי האָט געוווסט זייער פיל, זי האָט אָבער קיינעם נישט אַרויסגעגעבן. איידער מען האָט זי אויפגעהאָנגען, איז איר נאָך געלונגען איבערצושיקן אַ בריוול צו סמאָליאַרן — „נישט געקוקט אויף אַלע שווערעקייטן, האַלט איך פעסט די צונג. וואַרט נישט אויף מיר, חבר סטאָליאַרעוויטש, גייט אַוועק אין אָטריאַד. מיר שיקט צו בלויז אַ ביסל סם, איך זאָל מער דעם שונאס פּרצוף נישט אָנקוקן!!״

אַזוי איז אומגעקומען די העלדישע טאָכטער פון ייִדישן פאָלק, די קאָמיוּ־גיסטין — עמע ראַדאָווא...

די געסטאַפּאָ האָט ווידער געבושעוועט, דורכגעפירט פּילצאָליקע אַרעסטן. אין איינער אַ נאַכט, ווען ניקאָלאַי גראַסימענקאָ האָט זיך אומגעקערט אַהיים פון אַ רייזע איבער די וועלדער, זוכנדיק אַן אָרט פאַר אַ באַזע, וווּ אַרויסצופירן חברים פון מינסק, האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּעריי אין דער טיר. גראַסימענקאָס פרוי איז גלייך געלאָפן וועקן סמאָליאַרן.

— שפּרינג גיכער! — האָט זי אָנגעוויזן אויפן פענצטער — דייטשן!...

עס האָט זיך דערהערט אַ טופּעריי פון שווערע שטיוול אויף די טרעפּ און אַן אויסגעשריי: „עפענען!״ אין די אונטערוועש איז ער צו צום פענצטער פון דעם האַלב פינצטערן צימער, אַראָפּגעשפּרונגען אויפן דאַך פון שטאַל און געבליבן ליגן פאַרטייעט, וואַרטנדיק, אַז די מינוט וועט אַרויסשפּרינגען אויך גראַסימענקאָ. נאָר באַלד האָט ער געהערט אַ שטימע פון דייטשן און אַ שטראַל פון אַן עלעקטריש לעמפּל האָט אַ שיין געטאָן אין פענצטער.

— פאַרפאַלן — האָט סמאָליאַר אַ טראַכט געטאָן — קיין אויסוועג איז נישטאָ. אומקומען. אַראָפּשפּרינגען האָט קיין זין נישט, מען וועט באַמערקן; עס וועט זיך וואַרפן אין די אויגן דאָס ווייסע וועש.

אַזוי איז ער אָפּגעלעגן ביז פאַר טאָג. ווען ער האָט דערהערט דאָס קלאַפּן פון די טירן, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז מען גייט שוין אַוועק. צוגעוואַרט נאָך אַ ווײַלע, האָט ער זיך אַראָפּגעגליטשט פון דעכל, דורכגעקראָכן דורך דער שטאַל אויף יענער זייט הויף. דאָרט האָט ער באַמערקט, אַז אויף דער טיר הענגט אַ

שלאָס. הייסט עס, אַז דאָרט איז קיינער נישט געבליבן. דורך דעם זעלבן פענצ־טערל, דורך וועלכן ער איז אַרויסגעקראָכן, איז ער צוריק אַריין. אין שטוב איז געווען ווי נאָך אַ פּאָגראָם. סמאָליאַר האָט געוווּסט, ווו ס׳איז געלעגן אַ בריוו פון צענטער, פון חבר פּאָנאָמאַרענקאָ. הינטער די טאַפּעטן איז אויך געווען עטלעכע בלאַנקעטן פאַר פּאַספּאָרטן, ער האָט גענומען די קליידער און איז אַרויס.

— וווהין גייט מען? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט. אין גערדאַנק איז געקומען דער בוידעם פון דעם אינפעקציע־שפּיטאָל... ער האָט זיך דערוואַרט ביזן אָוונט, ווען די אַרבעטס־קאָלאָנען האָבן זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט און צוזאַמען מיט זיי אַריין אין געטאָ.

עס איז גלייך צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַ גרופּע, מיט וועלכער סמאָליאַר האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין — צו די פּאַרטיזאַנער.

דער זון פון אונדזער פאָלק, עהרשל סמאָליאַר, האָט איצט גענומען פירן מיט די דייטשן אַ נייעם חשבון, אַ חשבון פון אַ פאָלקס־נקמה־נעמער.

# דער 14־יאָריקער ליאַנקע אָקון

## דערציילט פון פּאַרטיזאַנער־קאָמאַנדיר הערש סמאָליאַר *

זייער אַ סך העלדישע יידישע יוגנטלעכע האָבן געקעמפט אין אונדזערע פּאַרטיזאַנישע רייען, נאָר צום שטאַרקסטן איז מיר געבליבן אין זכרון דאָס יאַטל פון מינסקער געטאָ, ליאָנקע אָקון.

עס שטייט צום לעצטן מאָל אַ פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד, וואָס איז פאַרזאַמלט אויסצוהערן דעם באַפעל פון דער אָנפירערשאַפט. קאָמאַנדירן פון די רויט־אַרמייִ־שע פראָנט־טיילן, רעדן וועגן דער גרויסער פעלקער־שלאַכט, וואָס דערנענטערט זיך שוין צום סוף, נאָר יעדער פון די פּאַרטיזאַנער, וועט נאָך מוזן — יעדער אויף זיין פּלאַץ — אָנשטרענגען די כּוחות, כּדי צו דערנענטערן דעם טאָג פונעם גרויסן נצחון.

באַלד קומט אַ באַפעל פון שטאַב.

— גרייטן זיך צום אָפּמאַרש אין דער הויפּטשטאָט מינסק!

— נאָך וואָס קיין מינסק? — פרעגט שטיל ליאָנקע... זיין מאַמע און שוועס־טער האָבן די פאַשיסטן אין געטאָ דערהרגעט, פון טאַטן און ברודער ווייסט ליאָנקע גאָרנישט. וווהין וועט ער זיך אומקערן און וואָס אַזוינס וועט ער דאָרט קענען טאָן צו שטילן דאָס אויפגעברויזטע האַרץ, צו זעטיקן די גיריקייט נאָך נקמה פאַר זיין יתומשאַפט, פאַר זיין באַרויבטער יוגנט?...

ליאָנקע איז שטיל אַוועקגעגאַנגען אין אַ זייט, אָפּגעוואַרט, ביז דער עלטסטער פון צווישן די רויטאַרמייִשע אָפיצירן האָט זיך אָפּגעקערט אויף אַ ווײַלע פון זיין גרופּע און מיט געבעט זיך צו אים געווענדעט:

— נעמט מיך מיט זיך... איך קען גוט שיסן...

ליאָנקע אָקון קען ווירקלעך גוט שיסן. נאָך אין מינסק האָט ער ביי אַ היטלעריסטישן אָפיציר צוגעשלעפּט אַ פּיסטאָלעט. ער האָלט אויסגעצייכנט געווער אין האַנט. דער רויטאַרמייִשער אָפיציר האָט אים מיטגענומען.

פון וואַלד האָט ליאַנקע געבראַכט אין דער אַרמיי די קענטשאַפט צו לויערן און באַווייזן זיך דאָרט, ווו דעם פיינטס חייל פילט זיך גאָר זיכער. ער איז אין זיין אָפּטיילונג געוואָרן אַ ספּעציאַליסט פון פאַנגען „צינגער".

---

* פון מינסקער געטאָ — מאָסקווע 1946.

ס׳איז געווען פאַר דער היסטאָרישער שלאַכט ביי די גרענעצן פון דייטש־לאַנד. אַ „צונג״ איז נויטיק ווי דאָס לעבן. ליאָנקע בעט זיך — ער וועט ברענגען...

דעם היטלעריסט, אויף וועלכן ליאָנקע האָט געלייגט אַן אויג, האָט פאַר אַלץ געפלעפט דעם יינגלס פיינע דייטש רעדן, וואָס ער האָט זיך נאָך אין מינסק אויסגעלערנט. באַלד האָט ער אים מיטן אויטאָמאַט אַזאַ טשמעלע געטאָן איבערן קאָפּ, אַז יענער איז געבליבן ליגן ווי אַ קלאָץ. אין אַזאַ צושטאַנד האָט אים ליאָנקע געברענגט אויפן קאָמאַנדיר־פונקט...

פאַרן אויסגעשטעלטן פראָנט־טייל איז פאַרגעלייענט געוואָרן דער באַפעל וועגן באַלוינען ליאָנקע אָקון מיט אַן אָרדן פון 3טער שטופע.

אַ צווייט מאָל ערב אַ וויכטיקער שלאַכט, איז ליאָנקע מיט נאָך עטלעכע זעלנער אַוועק און געבראַכט גאַנצע צוויי „לשון־געבערס״. זיין שמאָלע יוגנטלעכע ברוסט איז באַצירט געוואָרן מיט אַן אָרדן פון רום פון 2טער שטופע.

געווען זענען אין זיינע קאַמפּס־טעג גאָר שווערע, קריטישע מאָמענטן. באַזונ־דערס איז אים צו נוץ געקומען די האַרטקייט און קאַלטבלוטיקייט, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון פאַרטיזאַנישן אָטריאַד.

ס׳איז געקומען אַ באַפעל צו שטורעמען אַ הויכפּונקט, פון וואַנען דער שונא האָט געהאָגלט מיט קוילן. מיט אַ שטורעמדיקן הוראַ זענען די רויטאַרמייער אַוועק אין אָנגריף. פאָרויס די קאַמפּס־פאָן... דער פאָנען־טרעגער פאַלט, אַ צוויי־טער כאַפּט זי אונטער. אויך דער צווייטער פאַלט. ליאָנקע שפּרינגט פלינק צו, הייבט זי אויף און טראָגט זי ווייטער פאָרויס. ער איז דער ערשטער אויפן הויכ־פּונקט. לאַנג פאַרהאַלטן טאָר מען זיך נישט דאָ, מ׳דאַרף טרייבן דעם שונא, ער זאָל ברעכן האַלדז און נאַקן. ליאָנקע פילט, ווי די כוחות גייען אויס. עס באַגיסט אים אַ קאַלטער שוויס, ער לויפט אָבער פאָרויס מיט דער פלאַטערנדיקער פאָן און צוזאַמען מיט אים די אָנגרייפנדיקע קאַמפּס־חברים.

— לייג זיך! שרייט דער קאָמאַנדיר צו ליאָנקען. די סאַניטאַרן וועלן דיך צונעמען! דו וועסט דאָך מיט בלוט אָפּגיין!

ליאָנקע שטעלט זיך נישט אָפּ, ווייל גרעסער ווי דער ווייטיק פון דער ווונד איז געווען די פרייד, די גרויסע פרייד פון אָנגרייפן און זיגן, וואָס האָט אָנגעפילט דאָס האַרץ פון דעם געטאָ־קינד.

ווי אַזוי ער איז אין שפּיטאָל געקומען געדענקט ליאָנקע נישט. רויטאַרמייער דערציילן, אַז אַ פאַרחלשטער איז ער געפאַלן, האַלטנדיק אַזוי פעסט צוגעדריקט צו זיך די פאָן, אַז מען האָט זי מיט כוח געמוזט ביי אים אָפּנעמען.

נאָך האָבן רויטאַרמייער ליאָנקען דערציילט — ווען ער איז געקומען צום ערשטן מאָל צו זיך אין שפּיטאָל — אַז דאָ איז געווען דער קאָמאַנדיר און

געמאָלדן: „דער געוועזענער פּאַרטיזאַן, דער רויטאַרמייער ליאָנקע אָקון, געבוירן אין מינסק 1930, ווערט פאַר העלדישקייט און דרייסטקייט אין קאַמף קעגן די דייטשע פאַרכאַפּערס, צוגעשטעלט צום באַלוינען מיט די אָרדנס ,רויטער שטערן' און ,רויטע פאָן' ".

ווען דער סאַניטאַר־צוג, מיט וועלכן ליאָנקע איז געפאָרן, האָט זיך דערנענטערט צו מינסק, האָט דאָס האַרץ ביי אים גענומען האַסטיקער קלאַפּן. ווי זעט אויס איצטער די היימשטאָט, נאָך חדשים און יאָרן אין געטאָ, וואַלדקאַמפן און פראָנט ?...

אַוועק איז ער נאָך כמעט אַ קינד און קערט צוריק זיך אום אַ פאַרהאַרטעוועטער מאַן — כאָטש אַלט איז ער קוים פופצן יאָר.

# דער קריגס־ראַפּאָרט

אין נומער 8/64 פונעם טעאָרעטישן און פּאָליטישן אָרגאַן פון צ.ק. פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ראַטנפאַרבאַנד — „קאָמוניסט" — איז געווען אָפּגע־דרוקט אַ גרויס אַרטיקל א"נ „וועגן דער ריכטיקער אָפּשאַצונג פון דער געשיכטע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון מערב־ווייסרוסלאַנד". צווישן אַנדערן ווערט דאָרטן דערמאָנט די גרויסע ראָל פון די מענטשן פון דער פּאַרטיי אין דער צייט פון אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זייער אַנטייל אין באַפרייונגס־קאַמף פון זייער פּאַטערלאַנד. עס ווערן דערמאָנט אַ טייל אָנפירערס פון דער רומפּולער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג אין ווייסרולאַנד און — צווישן זיי — דער קאָמיסאַר פון פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד אויפן נאָמען פון „סערגיי לאַזאָ" — הערש סמאָליאַר, פּסעוודאָנים „סטאָליאַרעוויטש".

מיט גאָלדענע אותיות האָבן זיך אָפּרצייכנט די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען אין דער געשיכטע פון באַפרייונגס־קאַמף פון ווייסרוסישן פאָלק. די נעכטיקע מענטשן מיט געלע לאַטעס אויף זייער ברוסט האָבן העלדיש און מיט גרויס ווירדע פאַרטיידיקט דעם שטאָלץ פון זייער פאָלק און שטאַם. הערשל סמאָליאַר איז איינער פון זיי.

סמאָליאַר איז איינער פון די, וואָס האָבן געשאַפן די פּאַרטיזאַנישע באַזע אין דער נאַליבאָקער פּושטשע און דערמעגלעכט אַרויסצופירן פון מינסקער געטאָ קרוב 10 טויזנט ייִדן — מענער, פרויען און קינדער. אַ גרויסן טייל פון זיי באַוואָפנט און אַנגעשלאָסן אין די קעמפערישע רייען קעגן די ברוינע קאַניבאַלן.

נאָך דעם ווי ער האָט באַקומען אַ קליין צעטעלע מיט דער אונטערשריפט „זינע" (דאָס איז געווען דער פּסעוודאָנים פון דער פאַרבינדלערין דינה מאַדייס־קער), וועגן דורכפאַל פון אַלע אָנפירנדיקע חברים פון שטאָט־קאָמיטעט אין מינסק, איז געבליבן בלויז איין וועג און צו רעכענען בלויז אויף אייגענע כּוחות.

עס ווערט באַשלאָסן אַרויסצושיקן מענטשן אין דריי ריכטונגען, כּדי אָנצור־קניפּן אַ קאָנטאַקט מיט פּאַרטיזאַנער. גלייך ווי דער קאָנטאַקט וועט געשאַפן ווערן, שיקן פאַרבינדלערס אין געטאָ.

אין דער ריכטונג פון די רודינסקער וועלדער גייט די אונטערערדישע טוערין — דאָראַ בערסאָן. אין דער ריכטונג פון סטאַראָסעלסקער וואַלד, צו גע־פינען די בודיאָנאָוצעס, ווערט אַרויסגעשיקט די חברטע פון יענער געגנט — סאָניע לעווין. צו די קוידאַנאָווער וועלדער, מיטן ציל זיך צו דערקלייבן ביז דער נאַליבאָקער פּושטשע גייט הערש סמאָליאַר מיט זיין גרופּע: ראובן הייבלום,

נחום גאָלדזאַק, דוד לונגין און ג. פרידמאַן. אַלע זענען באַוואָפנט. דער שונא לויערט אויף אַלע וועגן, דערצו גייט מען אָן אַ וועגווייזער און אויב מען וועט זיך באַגעגענען מיטן פיינט אויף דעם וועג, וועט קיין ברירה נישט זיין.

זיבעצן מעת־לעת האָבן זיי געוואַנדערט, ביז זיי האָבן זיך דערשלאָגן צו דער נאַליבאָקער פושטשע.

אין שטאַב פון דעם פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד אויפן נאָמען פון „פרונזע", האָט מען זיך דערוואוסט צו שאַפן פון די פינף געקומענע פון מינסקער געטאָ, אַ נייעם אָטריאַד. עס וועט זיין די באַזע, צו וועלכער עס וועלן קומען די אַנטלאָפענע פון נאָך געטאָס און לאַגערן. אַלס קאָמאַנדיר ווערט דאָ צוגעטיילט דער ווייסרוסישער חבר מיכאַיל קאָשינסקי, עס ווערן אויך גלייכצייטיק באַשטימט פאַרבינדלערס מיטן געטאָ.

דער פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד באַשטימט זיך צו רופן אויפן נאָמען פון „פעליקס דזשערזשינסקי". הערשל סמאָליאַר נעמט זיך דאָ צו דער אַרבעט אַלס געווייני־לעכער פּאַרטיזאַן.

אין גיכן איז אין וואַלד געקומען אַ צווייטע גרופּע און אַ דריטע. די פּאַרטי־זאַנישע מחנה איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. עס קומט אַברהם שילאָכטאָוויטש, וועלכער ווערט באַשטימט אַלס „סטאַרנישאַ" אין אָטריאַד, די קראַנקן־שוועסטער — יאַדזיע שפּירער, וועלכע האָט באַלד פולע הענט מיט אַרבעט, די פאַרבינד־לערין צילע קלעבאַנאָוו און אַנדערע.

כּדי צו שאַפן נאָך ברייטערע מעגלעכקייטן פון אויפנעמען מענטשן, ווערט מיט אַ צייט שפּעטער פון אָטריאַד „דזשערזשינסקי" אויסגעטיילט אַ גרופּע פּאַר־טיזאַנער מיט דעם ציל צו שאַפן נאָך איין אָפּטיילונג, וועלכע באַקומט דעם נאָמען פון דעם העלדישן פּאַרטיזאַן „סערגיי לאַזאָ". אַלס קאָמאַנדיר פון דעם נייעם אָטריאַד ווערט באַשטימט דער חבר פון מינסקער געטאָ — זוסקינד, פּסעוודאָנים „זאַלעווסקי" און אַלס קאָמיסאַר — הערש סמאָליאַר, פּסעוודאָנים „סטאָליאַרע־וויטש".

דעם גרויסן פּאַרטיזאַנישן כּוח און זיין גאַנצן פאַרנעם האָבן אַלע ערשט געזעען אָפּגעשאַצט אין היסטאָרישן באַפרייונגס־טאָג פון חודש יולי 1944.

אָטריאַד נאָך אָטריאַד האָט ראַפּאָרטירט פאַר די פאָרשטייערס פון דער פּאַרטיי און רעגירונג וועגן זייער בייטראָג אין דעם אַלפאָלקישן קאַמף קעגן דעם פאַשיס־טישן באַצווינגער און זייער גרייטקייט צום קאַמף ביזן ענדגילטיקן נצחון.

אין דעם גרויסן ראַפּאָרט האָט אויך אָפּגעקלונגען די שטימע פון די קעמפערס פון מינסקער געטאָ, די שטימע פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון זיבן פאַרשידענע פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן:

1) פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד „406" — וואָס האָט זיך שפּעטער פּאַראייניקט מיטן רומפּולן פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד פון „דיאַדיאַ וואַסיאַ".

2) „5טער פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד קוטוזאָוו" — פון דער 2טער מינסקער פּאַרטיזאַנישער בריגאַדע.

3) פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד אויפן נאָמען פון „בודיאָני" — פון דער בריגאַדע אויפן נאָמען פון „פּאָנאָמאַרענקאָ".

4) פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד אויפן נאָמען פון „דזשערזשינסקי" — פון דער בריגאַדע אויפן נאָמען פון „פרונזע".

5) פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד אויפן נאָמען פון „סערגיי לאַזאָ" — שפּעטער פּאַראייניקט מיטן „קוטוזדוו"־אָטריאַד פון דער בריגאַדע אויפן נאָמען פון „פרונזע".

6) פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד אויפן נאָמען פון „פּאַרכאָמענקאָ" — פון דער בריגאַדע אויפן נאָמען פון „טשאַפּאַיעוו".

7) פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד „106", אין וועלכן עס זענען געווען העכער זעקס הונדערט יידן פון מינסקער געטאָ, מיט זייער העלדישן אָנפירער שלום זאָרין און קאָמיסאַר — חיים פייגעלמאַן.

מיט גרויס ווייטיק מוז מען צוגעבן, אַז אַ גרויסער טייל קעמפערס פון די דערמאָנטע העלדישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, האָבן דעם ענדגילטיקן נצחון נישט דערלעבט. מיט זייערע קברים האָבן זיי פאַרזייט די שלאַכט־פעלדער און וועלדער פון דער ווייסרוסישער ערד.

# קאַמף און נקמה

צוויי באַזונדערע בלוטיקע קאַמפס־תּקופות האָט דער גורל געצייכנט אין דער פּילפּאַרביקער ביאָגראַפיע פון דעם געוואָגטן קעמפער אַברהם אינגבער.

דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, אין די רייען פון 13טן פּאָלק לייכטע אַרטילעריע אין דער פּוילישער אַרמיי, ווערט אינגבער אַלס קאָרעקטירער פון פייער ביים ערשטן האַרמאַט פון דער ערשטער באַטעריע אַרויסגעשיקט אויף אַ פּאָדערפּונקט אין וואַלד־שפּיץ בידגאָשטשער געגנט. פאָרויס הערט מען אַ שטאַרקע שיסעריי. סאָלדאַטן, צווישן זיי לייכט פאַרוווּנדעטע, אַנטלויפנדיקע פון די טראַנשייען אין פּאַניק און אומאָרדענונג, וואָרענען די האַרמאַטן־מאַנשאַפט צוריקגיין. אַרויסגע־רוקט ווייט פון זייער באַטעריע פאַרנעמען זיי אַ פּאַסיק מאַסקירטן פּלאַץ, אין פּראָנט, צוויי באַרג־טיילן געשלאָסן מיט אַ בריק. דער אונטער־אָפיציר אין זיכע־רונג־גריבל דורך קאַבל פאַרבינדעט מיט דער באַטעריע־קאָמאַנדשאַפט קלערט אויף אינגבערן דעם אויפטראָג.

עס קומען טאַנקען פון לינקס אין דער ריכטונג צו דער בריק. מיר דאַרפן זיי אָפּהאַלטן. אַ געלע גרויסע זון פאַרשווינדט לייכט הינטער די בערג. ס'הערט זיך אַ מאָטאָרן־רעש. אויפן האָריזאָנט צוויי טאַנקען, איינער אַ גרויסער. אינגבער קאָנטראָלירט נאָך אַ מאָל דעם האַרמאַט צו דער בריק. פון הינטער דעם באַרג באַווייזט זיך אַ רויטע ראַקעטע אין דער ריכטונג פון וואַלד. ס'עפנט זיך אַ געדיכט פייער פון וועלכן איין טייל ווערט געווענדט צו די קאָנצענטרירטע כּוחות ווייט אין וואַלד ציִענדיק צוריק, און אַ צווייטע טייל איז געווענדט אין שפּיץ פון וואַלד גייענדיק פאָרויס.

דער גאַנצער פּאָלק איז אַריין אין קלעם. אין אַרטילעריע־איבעררייס ווערט דער וואַלד געדעקט דורך באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען און מאַשין־געווער. מיטן ערשטן זאַלפּ איז געטראָפן געוואָרן אין זיין זיכערהייט־גריבל דער אונטער־אָפיציר און אַ טייל פון דער מאַנשאַפט. דער קאַבל־טעלעפאָן מיט דער באַטעריע־קאָמאַנד־שאַפט איבערגעריסן. אינגבער באַהערשט זיך און שיקט דעם פון פאָרויס צוגע־גרייטן סנאַריאַד. די בריק שפּרענגט אין דער לופטן. דאַן, מיט דער הילף פון דעם איינציקן לעבן־געבליבענעם אַמוניציע־סאָלדאַט צילט ער צום ערשטן טאַנק און פאַרוואַנדלט אים אין פייער. ער „באַגריסט" אויך דעם צווייטן טאַנק.

דער וואַלד ברענט. אומאויפהערלעכע שיסעריי. די נאַכט פאַרענדיקט זיך. אינגבער מיט זיין איינציקן לעבן־געבליבענעם אַמנשאַפט־חבר לויפט אין וואַלד־טיפעניש. אַ סנאַריאַד־אויפרייס שייד זייער וועג. געשרייען פון פאַרוווּנדעטע,

וואָס בעטן הילף, גיסן זיך צוזאַמען מיטן שיסעריי־רעש. ער טרעפט זיך מיט אַ פּוסגייער, אַ מאַיאָר, פון וועלכן ער דערוויסט זיך, אַז זיין 13טער פּולק אַרטי־לעריע איז פאַרניכטעט און צעזייט געוואָרן.

4 מאָל שליסט זיך אינגבער צוזאַמען מיט נאָך איינצלנע וועג־זוכנדיקע זעל־נער אין ניי־פאָרמירטע רעשטלעך איינהייטן, וועלכע ווערן שנעל ליקווידירט און צעזייט דורך די פאַרויסמאַרשירנדיקע דייטשן און באַזונדערס אין די ספּאַלער וועלדער, ווו זיי האָבן געקעמפט אויף באַגנעטן מיט אַ צופעליק צוזאַמענגע־טראָפענער דייטשער איינהייט.

זייענדיק אויף טאָג־רו אין וואַלד־עק מיטן נאָמען גאַיוווקאַ־פּושטשאַ, ווערט פעסטגעשטעלט, אַז די פּריש־פאָרמירטע רעשטלעך־איינהייט איז געשלאָסן דורך די דייטשן. דער קאָמאַנדיר, אַ הויכער, שיינער פּולקאָווניק, רופט אויס: „חברים קעמפערס, ראַטעווע אייער לעבן און נישט דאָס פאָטערלאַנד!" און שיקט אַ רעוואָלווער־קויל אין קאָפּ. אין גרויסער פּאַניק צעלויפט זיך די אויסגעמאַטערטע, הונגעריקע קליינע איינהייט, וועלכע האָט געשטרעבט גיין צו הילף די פּאַרטיי־דיקערס פון וואַרשע.

ווען אינגבער אַנטלויפט פון געפענגעניש, פאַרסירט די ווייסל ביי פּולאַווע אויף אַן אַלט שיפל, גייט הונדערטער קילאָמעטער צו פוס, פאַלט אַריין אין שטאָט לודמיר אין אַן עשעלאָן שטרענג־געהיטענע דורך די סאָוויעטן פּוילישע גע־פאַנגענע סאָלדאַטן, געפירט קיין רוסלאַנד. ווען דער עשעלאָן סטאַציאָנירט אין דער, אים גוט באַקאַנטער, שטאָט ראָוונע, אַנטלויפט ער און קומענדיק אין זיין געבורטס־שטעטעלע דעמידיווקע, טרעפט ער זיינע עלטערן נאָך „שבעה"־זיבן. זיין איינציקער לעבן־געבליבענער פון דער האַרמאַט־מאַנשאַפט חבר, וועלכער איז פון דער זעלבער געגנט, האָט אָפּגעגעבן דעם נישט־געוווּנטשענעם גרוס: ער האָט געזען ווי אַ סנאַריאַד־אויפרייס האָט געטראָפן אינגבערן ווען ער איז, צוזאַ־מען מיט אים, געלאָפן אין וואַלד.

## אין די פאַרטיזאַנישע רייען

אָקטאָבער 1942 — 3 יאָר נאָכן צוריקקומען פון דער מלחמה, אויפן אַרבעטס־פּלאַץ קניאַהיניך, אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע רופט אינגבער אַ שנעלע באַראַטונג פון די יוגנטלעכע. ער קלערט אויף, לויט די ידיעות וועלכע ער האָט איצט באַקומען דורך זיין ברודער הירש, ווי אויך יוסף זיידמאַן, וועלכע זענען היינט אַנטלאָפן פון דעמידאָווקע, איז דער געטאָ אין שטעטל געשלאָסן געוואָרן..

פאַראַן קלאַנגען, אַז מען גראָבט גריבער. נישטאָ מער קיין אַרויסגאַנג. די דייטשן מיט דער הילף פון דער אוקראַיִנישער פּאָליציי האָבן פאַרשטאַרקט די וואַך. אוקראַיִנער באַלאַגערן אַרום דעם געטאָ און וואַרטן צו ראַבעווען. נישטאָ קיין שום מעגלעכקייט קומען צו הילף אונדזערע עלטערן. מיר מוזן שוין אָננעמען שריט ווי ווייט מעגלעך ראַטעווען זיך. מיר ווילן קיין לייכטע קרבנות נישט זיין. דער איינציקער וועג פאַר אונדז היינט איז אין וואַלד אַריין און שוין היינטיקע נאַכט — מאָרגן קאָן זיין שפּעט. יעדער איינער דאַרף זיך באַזאָרגן מיט אַן אייזן־שטאַבע, אַ מעסער און אַפילו אַ שטיין און אַנטלויפן. און ווען קיין אויסוועג וועט נישט זיין, הרגענען כאָטש איין אוקראַיִנער אָדער דייטש. מען דאַרף גיין אין קליינע גרופּעס 3־4 מענטשן, ווייל אוקראַיִנער לויערן אין די פעלדער. דער ציל איז דער באַקומער וואַלד. דאָרט וועלן מיר קלערן וועגן ווייטערדיקע שריט. איך גיי אַרויס נאָך אין 2 שעה.

ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ שווערער וויכּוח. ווי גייט מען אין וואַלד אָן אַ שטיקל ברויט, אָן וואַרעמע קליידער אאַז״וו.

צו מאָרגנס פרי איז אינגבער, בראש פון אַ גרופּע יוגנטלעכע, איינשליסלעך זיין יוגנט־חברטע וואָס בלייבט זיין לעבנס־באַגלייטערין און דערמונטערער אין שווערע קריטישע טעג, בעלאַ זיידמאַן, אין וואַלד. נישט אַלע האָט באַגליקט צו קומען אין וואַלד. אַ גרויסער טייל זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די אוקראַיִנער.

אַ וואָך וואַנדערט די גרופּע אין אומבאַקאַנטן וואַלד זוכנדיק וועגן ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען. עס קומען ידיעות, אַז דער געטאָ איז אומגעבראַכט און, וואַרע־מענדיק זיך ביי אַ קליין פייערל, ווערט מען באַפאַלן דורך אוקראַיִנער רוצחים. 7 חברים ווערן דערמאָרדעט. די אין וואַלד צעלאָפענע לעבן־געבליבענע קאָנצענ־טרירן זיך אין אַ פון פאָרויס באַשטימטן פּלאַץ און אומגעריכט באַגעגענען זיי זיך מיט אַ גרופּע געוועזענע קריגס־געפאַנגענע פון דער סאָוויעטישער אַרמיי, וועלכע זענען אין פולער באַוואָפענונג.

נאָך אַ קורצער באַקאַנטמאַכונג איז די רוסישע איינהייט — אין וועלכער ס׳איז צופעליק געווען איין נישט גאָר־סימפּאַטישער, פון דובנער געטאָ אַנטלאָ־פענער ייִד — מכבד די נאָך נישט אין וואַלד דערפאַרענע אויסגעהונגערטע ייִדן־גרופּע מיט עסנוואַרג. ווען אין פריינדלעכן שמועס לייגט פאַר אינגבער, אַלס געוועזענער פראָנט־קעמפער, אָנשליסן זיין גרופּע צו שותפותדיקער צוזאַמענ־אַרבעט קעגן די דייטשן, באַקומט ער אַ קורצן ענטפער: „מיר נעמען נישט קיין מענטשן אָן געווער״. מיר ווייסן, אַז ביי אייך זענען נעכטן געפאַלן חברים. איר

דאַרפט זיך לערנען גיין אין שניי אין איין רוקן־ריי, ס׳זאָלן בלייבן שפּורן בלויז פון איין מענטשן־טריט.

אַגב, די רוסישע גרופּע האָט זיך באַשעפּטיקט בלויז מיט פּאַרזאָרגן עסן און סאַמאַגאָן־וואָדקאַ, און זייענדיק שיכּור, זענען זיי באַפאַלן געוואָרן דורך אוקראַיִנער, וועלכע האָבן זיי אויסגעהרגעט.

ס׳פאַלט אַ באַשלוס: נישטאָ קיין קיום אָן געווער. מען שצעשפּרייט זיך אין פאַרשידענע פּאַסיקע ריכטונגען, צו צוויי־דריי מענטשן, דעצידירנדיק, אַז יעדע איינהייט קומט צוריק מיט לפּחות איין שטיק הייס געווער. מיט אינגבערן גייט מיט זיין פרוי בעלאַ. ער פאַרנעמט אַ לויער־ווינקל אין ראַנד פון וואַלד־געדיכטעניש, ווו עס ברעכט זיך אַ שאָסיי־וועג אין דער פאָרם פון אַ „ר״, אויף וועלכן ס׳איז אַ מאַשינען־ און פוסגייערס־באַוועגונג. עס הערט זיך פון ווייטן דייטש רעדן. פון לינקס זעט ער צוויי דייטשן פאָרן אויף ראָווערס — איינער פאָרן צווייטן, וועלכער פאָרט נאָך אים מיט אַ געוויסן דיסטאַנץ. די דייטשן פירן אַ פריי, גע־מיטלעכן געשפּרעך. אין דער געגנט זענען נאָך נישט באַקאַנט פּאַרטיזאַנער. אינגבער קושט זיין פרוי, אפשר דאָס לעצטע מאָל... און באַפעלט איר, ווען זיין איבערפאַל געלינגט, שנעל דאַן קומען אים צו הילף. דאַקעגן, ווען די פאַרמעסטונג איז נישט שנעל געלונגען, דאַן דאַרף זי זיך ווי צום שנעלסטן אָפּטראָגן. ווען דער ערשטער דייטש, וועלכער קומט פון לינקס, קערעוועט אויף רעכטס ביים שפּיץ וואַלד, שפּרינגט אויף אים אינגבער און מיט דער איידלאַרבעטס־האַק אין זיין פעסטער האַנט, וואַלגערט ער אים אַוועק. אין אויגנבליק קומט אַנטקעגן דער צווייטער דייטש, וועלכן ער באַגעגנט מיט דער האַק אין פּנים. די פרוי אינגבער, אַ יונגע, פלייסיקע און ענערגישע, שפּרינגט ווי אַ קעצל דעם קאַנאַל צווישן וואַלד און שאָסיי; מ׳אַרבעט שנעל. צוויי ביקסן, סיגאַרן, ביסקוויטן — און ווי אַ באַרג־הירש טראָגט מען פיס. נישט אַלע איינהייטן האָבן באַגליקט צוריק צו קומען אויפן פאַרויס באַשטימטן פּלאַץ.

עס שאַפט זיך די ערשטע דיווערסאַנטן־גרופּע אין דער געגנט. דער צוזאַ־מענשטעל: יידן אַנטלאָפענע פון געטאָ, אַלע יוגנטלעכע, און אוקראַיִנישע קאָמסאָ־מאָלצעס, וואָס זענען שווער פאַרפאָלגט געוואָרן דורך די „באַנדעראָווצעס״. אין גאַנג פון אויסברייטערונג און פּאַסיקער אָרגאַניזירונג, ווערט די גרופּע פאַרוואַנדלט אין אַן אָפיציעלער „אומאָפּהענגיקער באַוועגנדיקע דיווערסיע־איינהייט א״נ סומ־טשקאָוו״. דאָס איז דער נאָמען פון געוועזענעם קאָמוניסטישן פּאַרטיי־קרייז־קאָמיסאַר אין דעמידאָווקע.

נישט קוקנדיק אויף די שווערע באַדינגונגען, באַזונדערס פון דער שרעקלעך פיינטלעכער אוקראַיִנישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געשטרעבט אומצוברענגען

די איינהייט, וואָס האָט צוליב דעם נישט סטאַציאָנירט אויף אַ באַזע, נאָר שטענ־דיק געווען אין גאַנג — פּילט זי אויס אומציילבאַרע מוטיקע ריזיקאַלישע דיווער־סיעס. זיי לויערן אויף די וועגן, איבערפאַלן דייטשן, פאַרברענען געזאַמלטע שפּייז פאַר דער דייטשער אַרמיי, צעשטערן בריק־פאַרבינדונגען און, באַזונדערס, זוכן אויף און פאַרניכטן אוקראַינער, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט ביים אויסהרגענען די ייִדן, אָדער לויפנדיקע מיטאַרבעטער מיט די דייטשן, און ווען אַ דאָרף איז אין פייער־פלאַמען געגאַנגען, האָט זיך איבערגעגעבן פון מויל צו מויל, אַז דאָס איז די אַרבעט פון „שוואַרצן טויט" (טשאַרנאַיאַ סמיערט). דער שרעק־נאָמען אינגבערס איז גוט באַקאַנט געווען אין דער געגנט דובנאָ־האָרוכאָוו־בערעס־טעטשקאָ. און ווען ביי אים זענען געווען פיל חברים־קרבנות, האָט זיינער אַ קאָמפּס־חבר, דוד מאָגוסעוויטש — היינט אין ישׂראל, וועמענס שוועסטער איז געפאַלן אין וואַלד — פאַרלאָזט מיטן אויפקלער : „מיט דיר צו אַרבעטן איז נישטאָ קיין אויסזיכטן צו בלייבן לעבן".

שוין נאָענט צו דער באַפרייונג, אָפּהיטנדיק די איינהייטס־דיסציפּלין, שיקט אינגבער זיין ברודער הערש אויף אַן אויסשפּירונג. ער קומט נישט צוריק. ער פאַלט אַריין אין די הענט פון די „באַנדעראָווצעס". דאָס לאָזט אינגבערן אַ לעבנס־לענגלעכן אומפאַרגעבענעם שולד־געפיל.

אַברהם אינגבער, וועלכער איז געגאַנגען אין וואַלד בכדי צו ראַטעווען זיין לעבן, איז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַרביסענעם נקמה־נעמער און צוזאַמען מיט זיין פרוי בעלאַ, אַ געוואַגטע, מוטיקע אויסשפּירערין, אין שפּיץ פון דער דיווערסיע־גרופּע, אויסגעפירט דרייסטע סאַבאָטאַזש־אַקטן.

# דער ייִדישער אָטריאַד פון „זאָרין״

## דערציילט פון צילע קלעבאַנאָוו־גאָלדזאַק

ווען זי האָט באַקומען דעם בריוו פון חבר הערש סמאָליאַר צו קומען אין וואַלד, האָט זי שוין געהאַט אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון זיבן און צוואַנציק פּערזאָן, אויך עטלעכע קינדער, וואָס האָבן מיט איר צוזאַמען געדאַרפט פאַרלאָזן דאָס מינסקער געטאָ.

דאָס איז געווען יאַנואַר 1943. זיי קומען אין דער נאַליבאָקער פּושטשע. ווי געוויינלעך, האָט מען אַלע גלייך צוגעטיילט צו דעם „ייִדישן אָטריאַד״, וועלכער האָט געטראָגן דעם נאָמען פון זיין אָרגאַניזאַטאָר און גלייכצייטיקן אָנפירער „זאָרין״ — אַ מינסקער ייִד פון אַ יאָר פערציק, אַ זייער אינטעליגענטער און פעיִקער מענטש. זאָרין איז געווען אַ הויכער, ברונעטער, שיין געבויטער מאַן. צום גרויסן באַדויערן האָט ער שפּעטער, אויפן פראָנט, פאַרלוירן אַ פוס.

לויט דער צאָל מענטשן האָט דאָס געקאָנט זיין אַ בריגאַדע, ווייל בלויז דערוואַקסענע זענען דאָ געווען איבער זעקס הונדערט פערזאָן, נישט רעכענענדיק יוגנטלעכע און קינדער. צום באַדויערן איז דאָס געווען אָן אָטריאַד אָן געווער. דאָס איז נישט געווען קיין קעמפערישע אָפּטיילונג, טאַקע צוליב דער גרויסער צאָל אַלטע און קינדער. נישט לייכט איז דאָ אויך געווען מיט עסן. מען האָט געוואַרט אויף דעם, וואָס אַנדערע אָפּטיילונגען האָבן צוגעטיילט. עס זענען געווען פאַלן, ווען גרופּעס האָבן געמאַכט איבערפאַלן, כּדי צו אָרגאַניזירן לעבנסמיטל, אָבער גייענדיק אָן געווער זענען אַ סך פון זיי פיל מאָל נישט צוריקגעקומען.

אַ ראַדיקאַלע ענדערונג איז געקומען נאָך דעם דערמאָרדן די גרופּע פון 11 ייִדן דורך די פּוילישע „ווייסגוואַרדייער״, פאַשיסטן פון א.ק. — אַזוי האָט מען זיי גערופן. דאָס האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג ביי אַלע פּאַרטיזאַנער און מען האָט באַשלאָסן פאַר דעם מאָרד זיך אָפּרעכענען מיט זיי. עס קומט דעמאָלט צו אַ צוזאַמענשטויס מיט דעם אָטריאַד, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „קוטו־זאָוו״, דער אָנפירער איז דעמאָלט געווען גאַליצעוו וואַסילי — אַ טאַטאַר, אַ קליין־וווקסיקער, פון אַ יאָר פינף און דרייסיק. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַן אמת גרויס האַרץ, וועמענס הילף דער „ייִדישער אָטריאַד״ האָט געהאַט זייער אַ סך צו פאַרדאַנקען.

אויך זאָרין שטעלט דעמאָלט שאַרף אַוועק די פראַגע פון באַוואָפענען זיין

אַטריאַד. די ערשטע פּאָר שטיק געווער האָט ער טאַקע באַקומען פון וואַסילי גאַליצעוון.

גלייך ביים אָנהייב האָט צילע באַשלאָסן צו גיין אין אַ קעמפערישער אָפּטיילונג.

— אויפן פראָנט ווילסטו? — האָט געזאָגט מיט אַן ערנסטן טאָן דער פּאָלי־טישער פירער פון דער בריגאַדע נומער 19 אויפן נאָמען פון „מאַלאַטאָוו", קאַראַ־צאַטשקין. — ווייסט נישט מורא האָבן? דו ביסט דאָך ווי אַ שטעקן, דער לייכטער ווינט וועט דיך אַוועקטראָגן.

— צי איך וועל מורא האָבן, דאָס וועט איר זיך מוזן איבערצייגן, חבר קאָמיסאַר — האָט געענטפערט צילע, קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן, אַפילו אַ ביסל מיט שאַרפקייט. איך גלויב, אַז דאָס אַרויספירן מענטשן פון אַ לאַגער איז אויך נישט אַבי וואָס.

— וואָט באַיעוואָיאַ באַבאַ — האָט ער זיך צעלאַכט — מיר וועלן פּרוּוון. נאָר קודם האָב איך פאַר דיר עטלעכע אויפגאַבעס, וואָס וועלן דעצידירן.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן באַקומט זי אַ באַפעל צו גיין צוריק אין געטאָ נאָך אַ ביסל געווער. אַ סך האָט איר געהאָלפן דאָס, וואָס זי האָט נישט געהאַט קיין ייִדישע שטריכן און דערפאַר האָט זי געקאָנט פרייער זיך באַוועגן אויפן וועג, אָבער דאָס אַריינגיין אין געטאָ דורך די וואַך־פּאָסטנס, די געפאַר מען זאָל זי נישט דערקענען — דאָס איז נישט געווען קיין שפּאַציר־גאַנג.

צילע האָט אַזוי געוואַנדערט עטלעכע מאָל. די ערשטע פּראָבע איז געווען זייער אַ געלונגענע. זי קומט צוריק מיט אַ גרופּע פון איבער אַ צענדליק מענטשן, וואָס האָבן געטראָגן פּערציק שטיק־טיילן פון ביקסן. אויך דאָס צווייטע מאָל איז איר אַדורך מיט דערפאָלג. זיי ברענגען מיט זיך אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט און אַ שרייבמאַשין. אָבער דאָס מאָל זענען זיי אַנטדעקט געוואָרן דורך דער פּאָליציי אין מאָמענט פון פאַרלאָזן דעם לאַגער. מיט איר זענען געווען: כאַשע פרידלאַנד, איר טאָכטער ריווע פרידלאַנד און ריווע ריש. די פּאָליציי האָט אויף זיי געעפנט אַ פייער, נאָר זיי איז געלונגען צו פאַרווישן נאָך זיך די שפּורן און זיך אומקערן אין וואַלד...

נאָך דער אונטערנעמונג איז צילע קלעבאַנאָוו־גאָלדזאַק צוגעטיילט געוואָרן צום אָטריאַד אויף דעם נאָמען פון „קוטוזאָוו", וועמענס אָנפירער ס'איז געווען דער שוין באַקאַנטער וואַסילי גאַליצעוו. דער אָנפירער פון דער גאַנצער בריגאַדע נומער 19 פון „מאַלאָטאָוו" איז דעמאָלט געווען דער מאַיאָר קלוטשקאָוו — אַ רוסישער מאַן פון אַ יאָר פופציק.

צילע ווערט נאָך אַ מאָל אַרויסגעשיקט אין מינסקער געטאָ, דאָס מאָל צו

ברענגען אין וואַלד נישט געווער נאָר עטלעכע דאָקטוירים און מעדיקאַמענטן, אין וועלכע מען האָט זיך אַזוי שטאַרק געניטיקט.

דער „שפּאַציר" ווערט יעדעס מאָל געפערלעכער. זי איז שוין אין לאַגער גוט באַקאַנט אַלס פאַרבינדלעריין מיטן וואַלד. אַ סך וואַרטן אַפילו אויף איר קומען, אָדער זוכן אַ געלעגנהייט מיט איר זיך צו קאָנטאַקטירן. איר אַקטיוויטעט ווערט אויס סוד און עס וואַקסט אָן די סכּנה עס זאָל דערפון זיך דערוויסן די לאַגער־לייטונג.

מיט די דאָקטוירים איז ביי איין פאַל נישט געלונגען זיך דורכצורייסן דורך דער וואַך. ס'איז אַזוי ווייט געקומען, אַז זי אַליין האָט אויך געמוזט צוויי נעכט בלייבן אין לאַגער. זי גיט אָבער נישט אויף איר פּרוּוו און באַשליסט וויניקסטנס כאָטש צו ראַטעווען די פינף מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער מיל. מיט אַ רוקזאַק אויף די פּלייצעס, אין וועלכן זי האָט געהאַט די מעדיקאַמענטן, לאָזט זיך צילע צום דייטשן אַדמיניסטראַטאָר, ער זאָל איר פאַרקויפן אַ ביסל שיין מעל צו דער חתונה פון איר טאָכטער. אָנגעטאָן אין דאָרפישע קליידער, מיט אַ זיידן טיכל אויפן קאָפּ, האָט זי באמת אויסגעזען ווי אַ מחותנתטע.

— איך וועל צאָלן מיט וואָס איר ווילט — געלט, פּראָדוקטן, אפשר אַ ביסל פרישן פּאָטעקע־האָניק. וואָס טוט מען נישט, מיין ליבער הער, צוליב אַן איינציקע טאָכטער, דערצו האָט זי נאָך חתונה מיט אַ סאָלדאָט.

— אַ חתונה מיט אַ סאָלדאַט — האָט, מיט אַ שמייכל, אַ זאָג געטאָן דער היטלעריסט. — אפשר וואָלסטו מיך אויך איינגעלאַדן, איך זאָל זען, ווי עס זעט אויס ביי אייך אַ חתונה.

די ווענדקע האָט געכאַפּט, האָט צילע געגעבן אַ טראַכט. פאַר ווילטאָג האָט ער נאָר געזוכט ווי זיך צו פאַרווײַלן און דערצו, ווו מען האָט געקאָנט, נאָך עפּעס פאַרדינען.

— מיט דעם גרעסטן פאַרגעניגן, מיין ליבער הער. עס וועלן זיין מער מיליטער־לייט, אויך דייטשע, אייערע שעפן.

— דאָנער וועטער! — האָט ער געריבן די הענט פון דער געלעגנהייט זיך משמח צו זיין און זיינע אויגן האָבן גיריק זיך צעפינקלט.

דער שמועס גייט אַ ביסל אויף רוסיש, אַ ביסל אויף די פינגער, נאָר עס מישט זיך אַריין איינע פון די מיידלעך אַלס דאָלמעטשער, וועמען ער איז גרייט מיטצונעמען. צילע האָט נאָר אויף דעם געוואַרט.

— דו באַקומסט פון מיר מעל וויפל דו ווילסט, אויך געלט — האָט ער שאַרמאַנט צוגעגעבן, נאָר איך קריג פון דיר פלייש.

БССР
ИСПОЛКОМ МИНСКОГО
ГОРОДСКОГО СОВЕТА
ДЕПУТАТОВ ТРУДЯЩИХСЯ
8 апреля 1946 г.
№ 3149
гор. Минск

# СПРАВКА

Дана настоящая тов. Клебановой Цили Григорьевне

в том, что он действительно принимал активное участие в партизанской борьбе с немецко-фашистскими захватчиками в должности мед-сестры

с 26 июня 1943 г. по 12 июля 1944 г.

и имеет право на получение медали „За победу над Германией в Великой Отечественной войне 1941—1945 г.г.".

Основание: БШПД № ок/19701 от 27 сентября 1944 г.

Председатель Исполкома Минского
Городского Совета депутатов трудящихся (И. Паромчик)

Секретарь Исполкома Минского
Городского Совета депутатов трудящихся (О. Гайдук)

Зак. 97. 1.11.46 г. Минск, тип. «Красная Звезда»

די באַשטעטיקונג פון צילע גאָלדזאַק־קלעבאַנאָוו אַלס מעדיצין־שוועסטער

דער אָפּמאַך איז דערליידיקט. אויף דער מאַשין ליגט שוין אַ האַלב זעקל מעל. עס פאַרט אויך מיט איין דייטש אַלס שאָפער.

— דו זעץ זיך נעבן אים, וועסט אים ווייזן דעם וועג און דו — האָט ער געזאָגט צו דער דאַלמעטשערין — גיי אַרויף אויפן וואָגן.

דאָס איז געווען שבת נאָך מיטאָג. די אַרבעט איז שוין געווען פאַרענדיקט און די מיידלעך האָבן גענומען אויסטאָן די מעל־פאַרווייסטע קליידער, כדי, ווי געוויינלעך, זיך צוריקקערן אין לאַגער אַריין.

— זאָלן די אַנדערע מיידלעך אויך פאָרן. מאָרגן איז זונטיק, אַרבעטן זיי נישט און ביי מיר איז אַ גרויסע ווירטשאַפט, וועלן זיי האָבן אַ באַשעפטיקונג. איך וויל נישט אומזיסט. דערפאַר באַקומט איר אַ באַזונדערע באַלוינונג — האָט זי צוגעגעבן מיט חניפה.

די דאַלמעטשערין האָט אַלץ געננוי איבערגעזעצט און אפשר עפּעס צוגעגעבן, זי האָט אויך געוווּסט, אַז לאַנג וועט זי נישט דאַרפן בעטן, ווייל דאָרטן, ווו מען קען נעמען געלט פאַר פרעמדער אַרבעט, זענען די באַנדיטן געווען שטענדיק גרייט. ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס מער אויסדינגען און באַלד צוגעגעבן.

— אַלזאָ, שנעל, שנעל הערראַוף! — האָט ער געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט צו די מיידלעך, וועלכע האָבן נישט געדאַרפט קיין קאָמענטאַרן.

דער שאָפער האָט איינגעשלאָסן דעם מאָטאָר און זיי האָבן גערירט פון אָרט. צילע האָט דאָ געקענט אַלע ווינקעלעך, אַלע וועגן און זומפּן. אין קאָפּ האָבן זיך גענומען מישן די פּלענער. מיט אַ געוואַלדיקער שנעלקייט האָט איין געדאַנק פאַרביטן דעם צווייטן און דער וועג איז דערווייל אַנטלאָפן... זי האָט זיי פאַרפירט אין אַ בלאָטע, פון וועלכער ס'איז נישט געווען קיין צוריק. דער וואָגן איז אַריין אין אַ זומפּ איבער די רעדער. דער שאָפער האָט צוגעגעבן גאַז, אָבער אַלץ אומזיסט. די רעדער האָבן זיך געדרייט אויפן אָרט.

— נישט געזאָרגט — האָט זי גענומען אים באַרויִקן — איך לויף גלייך נאָך מיין מאַן. דאָס איז שוין נישט ווייט. מען וועט אונטערלייגן צוויי ברעטער און מיר וועלן אַרויס פון דער בלאָטע.

צילע איז געווען גאַנץ רויִק. זי האָט געוווּסט, אַז זיי וועלן איר נישט אַנטלויפן. צום וואַלד האָט זי געהאַט ביי אַ פינף קילאָמעטער וועג. זי האָט גענומען לויפן, ווי געטראָגן אויף פליגל. צום גליק האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף דריי פאַרטיזאַנער פון דער אָפּטיילונג אויף דעם נאָמען פון „טשאַלקאָוו", וועלכע זענען איר געקומען צו הילף. פאַרשטעקט די אָפּגעשניטענע ביקסן אונטער די מאַנטלען,

האָבן זיי זיך געלאָזט מיט איר אין דער ריכטונג, ווו זי האָט איבערגעלאָזט די דייטשן מיט דער מאַשין.

עס איז שוין געווען גוט טונקל, ווען זיי האָבן זיך צו זיי דערנענטערט. אַלע האָבן זיך דערפרייט און איבערהויפט די דייטשן. ווי איבערראַשט זענען זיי אָבער געוואָרן, ווען אַנשטאָט צו נעמען זיך אַרויסרייסן די מאַשין פון זומפּ, האָבן זיי פּלוצעם דערהערט אַן אויסגעשריי — „הענדע האָך!"...

די מאַשין האָבן זיי גלייך געשטעקט אין פלאַמען און מיט די צוויי געפאַנגענע האָבן זיי ראַש מאַרשירט צו דער פּאַרטיזאַנישער באַזע.

— חבר קאָמאַנדיר! — האָט צילע געמאָלדן גאַליצעוון — דער באַפעל איז נישט געענדיגט אויסגעפירט. אָט זענען מעדיקאַמענטן — האָט זי געוויזן אויף דעם רוקזאַק — און אַנשטאָט דאָקטוירים — פינף מיידלעך און צוויי געפאַנגענע דייטשן.

צווישן די פּאַרטיזאַנער האָט מען לאַנג זיך געוויצלט און געלאַכט צוליב דער געשיכטע מיט די דייטשן, וואָס זענען געפאָרן מיט צילען אויף דער חתונה פון איר טאָכטער.

דער קאָמאַנדיר, וואַסילי גאַליצעוו, האָט פאַר איר ביז איצטיקער טעטיקייט באַשלאָסן צילען אָנצוגעבן צו באַקומען אַן אויסצייכענונג און צוטיילן זי צו דער מינערישער גרופּע.

# פיר געלונגענע אַקציעס

דאָס איז געווען אָקטאָבער 1943. אונטער דער אָנפירונג פון צילעס מאַן, נחום גאָלדזאַק, מאַרשירן פינף פּאַרטיזאַנער, צווישן וועלכע עס זענען געווען: משה קאַגאַן (אַ קלויז־בחור, ער איז שפּעטער געפאַלן פון אַ מערדערישער האַנט) און מאיר רעכטמאַן פון וואַרשע. דער ציל איז געווען די באַן־ליניע אונטער איוויניעץ.

דעם גאַנצן וועג האָבן זיי דורכגעמאַכט שווייגנדיק, יעדער האָט נאָר גע־קלערט וועגן איינעם — עס זאָל געלונגען. די מינע אַליין, וואָס זיי האָבן געהאַט צו דעם צוועק צוגעטיילט, איז נישט געווען פון הויכער טעכנישער אויסאַרבע־טונג. צו דערפירן צו איר עקספּלאָזיע, כּדי אַרויסצורייסן אַ שטיק שינע, האָט מען געמוזט ליגן פון דער ווייטנס און ציִען מיט אַ שטריק, וואָס איז געווען צו מאָל אויך געפערלעך פאַר דעם מינער אַליין.

עס איז אַ שטאַרק פינצטערע נאַכט. זיי ליגן אַן ערך דריי הונדערט מעטער פון דער באַן־ליניע, אַלס שוץ פון דעם מינער. די אויטאָמאַטן אין די הענט, גרייט צום שיסן אין פאַל פון אַ געפאַר. דאָס האַרץ קלאַפּט ווי מיט אַ האַמער פון טאָפּלטער דענערווירונג. פּאַרנט, ביים שטריק, ליגט איר מאַן, נחום. זיי וואַרטן אויפן אָנקומענדיקן צוג. מיט אַ מאָל דערהערן זיי אַן אָפּהילך פון טריט, לענגאויס דעם טאַר. די טריט דערנענטערן זיך צו זיי. מיט אָנגעשטרענגטע אויגן שניידן זיי זיך איין אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, אין מהלך צווישן זיי און די זיך דערנענטערנדיקע מענטשן.

— דייטשן... — שעפּטשעט אַרויס קאַגאַן.

זיי דריקן שטאַרקער די ביקסן אין די הענט, די פינגער גרייט אויף דעם צינגל. זיי וואַרטן נאָר אויף אַ באַפעל. נחום ליגט אָבער אומבאַוועגלעך, גלייך ווי ער וואָלט געווען איינגעמויערט אין דער ערד. זיי קומען אַלץ נענטער. זיי הערן זייער גאַרגלדיקע שפּראַך, זיי זעען זייערע סילועטן, די ברייטע העלמען. אַרום איז שטיל, אַז מען הערט ממש דאָס קלאַפּן פון די אייגענע הערצער, בלויז פון צייט צו צייט איבערגעריסן מיט אַ הילכיק געלעכטער פון דעם דייטשן פּאַטראָל.

אייך איז לוסטיק, טראַכט צילע מיט ווייטיק, און אַ שווערער זיפץ רייסט זיך אַרויס פון איר ברוסט.

— פאַרדאַמט, נאָך איין מאָל! — דערהערן זיי פּלוצעם אַ שעלטן אויף דייטש און איינער פון די היטלעריסטן טוט זיך אַ קייקל אַרונטער פון דעם טאַר־אויפשיט.

— ער האָט, ווייזט אויס, זיך פאַרטשעפּעט אין שטריק... — קאַגאַן האָט נישט

פאַרענדיקט דעם זאַץ, ווי אַ מעכטיקע דעטאָנאַציע האָט אויפגעטרייסלט די לופט און זיך ווייט אָפּגעשלאָגן מיט אַ ווידערקול אין דער ביינאַכטיקער שטילקייט.

— הילפע!... הילפע!... — דערהערן זיי אַ יאָמערלעך רופן.

קאַגאַן מיט רעכמאַנען האָבן זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און געוואָלט לויפן צום טאָר, נאָר אויף דעם באַפעל פון נחומען זענען אַלע צוריק געבליבן אויפן פלאַץ. אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ רעש פון דעם אָניאָגנדיקן צוג.

מט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם האָבן זיי געקוקט אויף דעם זיך אַראָפּ־קייקלענדיקן לאָקאָמאָטיוו און מיט פאַרגעניגן זיך איינגעהערט אין דעם טרעש־טשען און קלימפּערן פון האָלץ און אייזן פון די אָניאָגנדיקע, איינער אויפן אַנדערן, זיך צעשמעטערנדיקע וואַגאָנען, וואָס האָבן דערשטיקט דאָס קרעכצן און הילפס־רופן פון דייטשן פאַטראָל.

מיט שטאָלץ און פרייד האָט נחום גאָלדזאַק געמאָלדן דעם אָטריאַד־קאָמאַנדיר, גאָליצענען, וועגן דער אויסגעפירטער אויפגאַבע.



עס דערנענטערט זיך דער יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אין דער נאַליבאָקער פושטשע קאָכט ווי אין אַ קעסל. אַלץ גרייט זיך אָפּצומערקן אויף זיין שטייגער דעם גרויסן יום־טוב, מיט אַ שאָדן פאַר דעם שונא. אויך צילע וויל נישט בלייבן הינטערשטעליק. זי קומט צו גאָליצענען מיט אַן אייגענעם פּלאַן, אויף וועלכן ער איז מסכּים.

צילע באַקומט אַ פערד מיט אַ וואָגן, אויף וועלכן ס'איז אויסגעבעט שטרוי און אַלס געהילף ליגט דער פאַרטיזאַן „וואָלאָדיאַ״ כּלומרשט אַ קראַנקער, צוגע־דעקט מיט אַן אויסגעריבענעם גרויען קאָץ און מיט אַ לייוונטענעם האַנטעך פאַרבונדן דעם קאָפּ. ביים געזעס שטייען צוויי קיישלעך מיט פּראָדוקטן, וואָס זי דאַרף פאַרקויפן אויפן מאַרק, כּדי צו באַקומען געלט פאַרן דאָקטער. אויפן וואָגן ליגט אויך אַ זאַק קאַרטאָפל, אין וועלכן עס געפינט זיך אַ מינע מיט אַ דרוקצינדער.

דער וועג האָט געפירט צו דער זייף־פאַבריק, וואָס איז געלעגן ביי אַ צוויי קילאָמעטער הינטער מינסק. דאָרט האָט דער „קראַנקער״ געהאַט אַ פריינד, וואָס האָט געאַרבעט אין דער פאַבריק אַלס וועכטער. זיי האָבן אויסגעקליבן ספּעציעל אַ מאַרקטאָג. אָנגעטאָן אין פויערישע קליידער, מיט דער בייטש אין דער האַנט, האָט צילע זיך נישט אויסגעטיילט פון די אַנדערע דאָרפסלייט, וואָס זענען אויך געפאָרן אין ריכטונג פון דער שטאָט. דאָ און דאָרט האָט זיך וועלכער צו פוס

גייענדיקער פויער געבעטן, זי זאָל אים דערלויבן זיך אויפצוזעצן אויפן וואָגן. אַראָפּוואַרפנדיק דעם טלומאַק פון די פּלייצעס, האָט מען זיך צוגעזעצט נעבן איר, אויף דעם געזעס, געמאַכטן פון אַ זאַק אָנגעפּילט מיט שטרוי. ווי געוויינלעך האָט מען צו ערשט גערעדט וועגן קראַנקן און ביי דער געלעגנהייט האָט מען שוין געכאַפּט אַ שמועס און געוויר געוואָרן וואָס עס הערט זיך אין דער אומגעגנט.

די באַן־ליניע איז געלעגן נישט מער ווי אַ דריי הונדערט מעטער פון דער פאַבריק. לויט די ידיעות פון די אינפאָרמאַטאָרן האָט די נאַכט אויף דער ליניע געדאַרפט פאַרבייפאָרן אַ מיליטערישער צוג, וועלכער איז טאַקע געווען דער ציל פון זייער רייזע. הינטער מינסק האָט זי אויסגעדרייט מיט דעם וועג, וואָס האָט געפירט צו דער פאַבריק, וועלנדיק אויסמיידן די שטאָט. ביים ערשטן דאָרף ווערן זיי גלייך פאַרהאַלטן דורך אַ דייטשן פאַטראָל. איינער פון די זעלנער דערנענטערט זיך צום וואָגן און הייסט איר אויסדרייען אויף צוריק. זיי האָבן געטראָפן — האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין. די מעלדונג פון די יאָטן איז אַ זיכערע און באַשטימט מוז דאָס זיין אַ וויכטיקער טראַנספּאָרט, אויב די ליניע איז באַוואַכט.

— מיין ליבער הער, דאָקטער, דאָקטער... — האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ געוויין, ווייזנדיק מיט דער האַנט אויפן קראַנקן. „וואָלאָדיאַ" האָט איר אַקאָמפּאַנירט מיט זיין שווערן קרעכצן. — קראַנק... קראַנק... טיפוס... — איז צילע אַרויס מיט דעם שווערסטן קאַליבער אויף אַ צעבראָכענעם דייטש, באַגיסנדיק זיך דערביי מיט קראָקאָדיל־טרערן.

דער דייטש, דערזעענדיק דעם קראַנקן, האָט אַ ביסל אויפגעהערט צו שרייען און זיך נאָר געהייסן ווייזן, וואָס זי האָט אין די קיישלעך. ווען דער דייטש האָט אָנגעקוקט דעם קראַנקן און זיין פאַרבונדענעם קאָפּ, האָט ערשט דעמאָלט דאָס וואָרט טיפוס געווירקט. ער האָט זיך גלייך אָוועקגערוקט פון וואָגן.

— זע דאָס דו ווייטער קאָמסט!... — האָט ער געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט.

צילע האָט נאָר אויף דעם געוואַרט, מיט עטלעכע בייטשן האָט זי נאָך אונטערגעיאָגט דאָס פערד.

אין מיטן נאַכט זענען זיי, צוזאַמען מיט „וואָלאָדיאַס" פריינד, געגאַנגען אונטערלייגן די מינע. מיט אַ גראָבאייזן פון דער פאַבריק האָבן זיי געמאַכט אַ טאָל אונטער דער שינע, פאַרלייגט די צינד־באָמבע, צוגעדעקט אַרום מיט אַ דינער שיכט ערד און מיט שנעלע טריט זיך געלאָזט צוריק צו דעם שטיבל פונעם פאַבריק־וועכטער, אַרומקוקנדיק זיך, צי קיינער האָט זיי נישט באַמערקט.

— מיר האָבן אַליין זיך נישט פאָרגעשטעלט די קראַפט פון דעם אויפרייס — דערציילט צילע — און וואָס פאַר אַ וויכטיקער צוג ס'איז געפלויגן אין דער לופטן.

ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, איז דאָס געווען אַ טראַנספּאָרט מיט טאַנקען פאַרן מזרח־פראָנט.

ס׳איז געוואָרן אַ געוואַלדיקער טומל. די פּאָליציי און געסטאַפּאָ זענען גע־שטעלט געוואָרן אויף די פיס, מיליטערישע פּאַטראָלן האָבן גענומען קאָנטראָלירן יעדן פאַרבייגייענדיקן אויף די אַרומיקע וועגן, אַזוי אַז עס איז איצט אוממעגלעך געווען זיך צוריקצוקערן אין וואַלד.

עס איז נישט געווען קיין אַנדער אויסוועג, ווי צו בלייבן אַלס „קעסטקינדער" ביי דעם פאַבריק־וועכטער. דאָס פערד אין שטאַל, צילע מיט „וואָלאָדיאַ" פאַר־שטעקט אין אַ גרויסן קעסל פון זייף. אַזוי זענען זיי געזעסן דריי טעג, ביז ס׳איז אַריבער די בהלה און זיי האָבן געקאָנט צוריקפאָרן צו זייער „פּאַרטיזאַנישער היים".

*

פאַרשיכּורט פון די געלונגענע אַקציעס האָט שוין צילע נישט געקאָנט זיצן רויִק אין דער פּושטשע. אויך דער קאָמאַנדיר האָט זי איצט געהאַלטן פאַר אַ דערפאַרענעם פּאַרטיזאַן, וועלכן מען קאָן פאַרטרויען יעדע אַרבעט, און באַשלאָסן זי שיקן ווייטער אויף זעלבשטענדיקע אַקציעס.

דאָס איז געווען סוף נאָוועמבער 1943. צילע זיצט אויף דעם מינסקער בית־הקברות פון די טאַטאַרן, וואָס געפינט זיך ביי אַ פינף הונדערט מעטער הינטער דער שטאָט און אין מויל אירן קלאַפּן ממש איין צאָל אין צווייטן פאַר קעלט. נעבן איר, אויף אַ בערגל ערד, אָדער גאָר אויף אַ לאַנג שוין פאַרגעסענעם קבר, זיצט „וואָלאָדיאַ" איינגעהילט אין זיין וואַטוווקע, אַ צופרידענער, וואָס דאָס וויכטיקסטע האָבן זיי שוין הינטער זיך.

— איך גלויב, אַז מיר זענען דאָ גאַנץ זיכער — האָט זיך אָנגערופן „וואָלאָ־דיאַ". — אַהער וועט דער פּאַטראָל שוין נישט טרעפן.

— באַשטימט — האָט צוגעגעבן צילע — צווישן די איינגעפאַלענע דענק־מעלער, אין וואַלד פון לאָזשינעס און קוסטן, זיי זאָלן אַפילו זוכן, וועלן זיי אויך נישט געפינען.

זיי זיצן שווייגנדיק און אין קאָפּ מישן זיך פאַרשידענע געדאַנקען. זי קוקט אויף דעם קוישל, וואָס שטייט אין דער זייט — זייער שטענדיקער „באַגלייטער". די פּראָדוקטן, מיט וועלכע ס׳איז געווען צוגעדעקט די מינע, וועלכע זיי האָבן געטראָגן פאַרקויפן אויפן מאַרקטאָג.

— אפשר וואָלטן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין? אויב דער צוג וועט פליִען, וועלן מיר זיך שוין דערוויסן.

— ניין! — האָט קאַטעגאָריש געענטפערט צילע. — ערשטנס, מוזן מיר זיין עדות פון אונדזער אַקציע, כדי צו קענען אָפּגעבן אַ באַריכט דעם קאָמאַנדיר. צווייטנס, קענען מיר זיך נאָך אָנשטויסן אויף אַ פּאַטראָל, דעמאָלט זענען מיר שוין פאַרלוירן. עס איז דאָך אין מיטן נאַכט און מיר וועלן נישט קענען זאָגן, אַז מיר גייען מיט פּראָדוקטן אויפן מאַרק.

אַרום איז געווען שטיל און פינצטער. עס האָט געמרוזשעט אַ דראָבנינק רעגנדל, ווי דורכגעלאָזט דורך אַ געדיכטער זיפּ. דאָ און דאָרט האָט דער ווינט אַ שאָקל געטאָן מיט אַ צווייג פון אַ יונג ווײַנשל־ביימל און עס האָט זיך אויסגע־דאַכט, אַז אָט, אָט, וועט עמעץ אַפּירגיין פון אונטער אַ מצבה און דאָס האַרץ האָט גענומען אַ ביסל האַסטיקער קלאַפּן. זיי זיצן און שווייגן, יעדער פאַרטראַכט אין זיין פאַרגאַנגענע אייגן לעבן און אין זיין איצטיקן פּאַרטיזאַנישן גורל. פון צייט צו צייט האָט זיך געפּרוווט כאַפּן אַ דרימל, אָבער אָן דערפאָלג. אַזוי האָט זיך געצויגן ביז פאַר טאָג. אַ פּייף פון אַ לאָקאָמאָטיוו האָט זיי אַרויסגעשלאָגן פון האַלב־דרימל־צושטאַנד און אַ ווײַלע שפּעטער דער הוק פון דער מינע.

ווי אויף אַ באַפעל זענען ביידע אויפגעשטאַנען פון די קברים, גענומען דאָס קוישל מיט פּראָדוקטן און זיך געלאָזט אויף דעם כלומרשטן מאַרק.

ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט דער איבעררייס פון באַן־פאַרקער אויף דער מינסקער ליניע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער קאַטאַסטראָפע, געדויערט איבער זעכצן שעה.

דאָס יאָר 1943 האָט צילע בלעקאַנאָוו־גאָלדזאַק פאַרענדיקט מיט דער פּערטער געלונגענער אַקציע, אויף דער באַשטימטער פאַר איר מינסקער ליניע.

דער אָטריאַד־קאָמאַנדיר וואַסילי גאָליצעוו האָט איר דעמאָלט צוגעטיילט צו הילף דעם קלויז־בחור משה קאַגאַן. ביים צוריקקער, שוין זייענדיק נישט ווייט פון דער פּושטשע, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף פּאָליצײַ. נישט פאָלגנדיק זייער באַפעל זיך צו פאַרהאַלטן, האָט די פּאָליצײַ געעפנט אַ פייער. זיי איז געלונגען צו אַנטלויפן און אָנקומען צו דער „פּאַרטיזאַנישער היים”, כדי צו באַגעגענען דאָס נייע יאָר.

## איבער דער פראָנט־ליניע נאָך געווער

די פּאַרטיזאַנישע טעטיקייט נעמט אָן מיט יעדן טאָג ברייטערע און גרעסערע פאַרמען. די אַקציעס זענען אָפטערע, אויף פאַרשידענע געביטן און פאַרשידענע מאָסשטאַבן. מיט די שטענדיקע מפּלות פון די דייטשן אויף די פראָנטן, באַקומען די פּאַרטיזאַנער אָנהענגערס אין יענע שיכטן, וואָס האָבן פריִער, אומבאַטייליקטע, זיך צוגעקוקט אויף וועלכער זייט עס וועט איבערציִען די וואָגשאָל פון דעם ענדגילטיקן זיג. עס קומען אָן אין זייערע רייען אַ סך יונגע מענטשן. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט שטייט, צווישן אַנדערע, די פראַגע פון געווער.

דאָס איז געווען מערץ 1944. אַן אָפּטיילונג פון זעכציק פּאַרטיזאַנער, אונטער דער אָנפירונג פון קאָמאַנדיר גאָליצעוו און זיין פאַרטרעטער, זוסלאַנד, אַ מינסקער ייִד פון אַ יאָר פערציק, שטייט גרייט צום אַרויסמאַרש פון דער נאַליבאַקער פּושטשע איבער דער פראָנט־ליניע צו דער רויטער אַרמיי נאָך געווער און אַמוניציע.

דער וועג איז נישט געווען קיין לייכטער. מערסטנס קומט אויס צו מאַרשירן ביי נאַכט, כּדי אויסצומיידן צונויפטרעפן מיט פּאָליציי, אָדער אַ מיליטערישן פּאַטראָל. פאָרויס מאַרשירט אַן אויסשפּיר־גרופּע פון פינף פּאַרטיזאַנער, וועלכע האַלטן דעם קאָנטאַקט מיט דער אָפּטיילונג דורך צוויי פאַרבינדלערס. פון רעכטס און לינקס אויסשפּירערס, צו דריי מאַן. גערוט האָט מען נאָר ביי טאָג, אין די וועלדער, פאַרווישנדיק אונטער זיך גלייך יעדן שפּור, פון אַ געמאַכטן פייערל צום קאָכן און אַפילו די שפּורן פון טריט אויפן שניי.

טראָץ דער גרויסער פאָרזיכטיקייט איז עטלעכ מאָל געקומען צו קלענערע צוזאַמענשטויסן מיט דייטשן, וולאַסאָווצעס און אַנדערע באַנדיטן. אַזוי האָבן זיי געצויגן איבער די פינסקער בלאָטעס ביז סאַרנע, איבערלאָזנדיק הינטער זיך אַ וועג פון איבער דריי הונדערט קילאָמעטער.

אין מאַי 1944 טרעפן זיי זיך ענדלעך מיט דער רויטער אַרמיי. איז נישט צו באַשרייבן די פרייד פון דעם דאָזיקן מאָמענט. אָבער ווי איבערראַשט זענען אַלע געוואָרן, ווען מ'האָט זיי אַלע באַלד אינטערנירט. ווי פאַרדעכטיקטע מענטשן. די פאַרביטערונג פון די פּאַרטיזאַנער — אומגעהייער. זיי האָבן געדראָט מיט אַ הונגערשטרייק. צום גליק האָט דאָס געדויערט נישט לאַנג. די זאַך איז געוואָרן אויפגעקלערט. פון מאָסקווע איז אָנגעקומען אַ באַפעל אויסצושטאַטן די גרופּע מיט די בעסטע און נייסטע קריגס־מכשירים.

די צייט האָט געאיילט. זיך פאַרהייען דאָ האָבן זיי נישט געטאָרט. פריינדלעך

זיך געזעגנט, אָן פאַראיבל פאַר די צוגעשפּאַרטע אומאָנגענעמלעכקייטן, האָבן די פּאַרטיזאַנער זיך געלאָזט צוריק צו זייערע היימישע וועלדער.

דער וועג איז איצט געווען מער זיכערער. מען איז געווען גוט באַוואָפנט, אַ ביסל אויסגערוהט, דערצו איז שוין געווען אַ וואַרעם וועטער. די שטימונג דערפאַר אַ האָפערדיקע. ס׳האָט זיך שוין פשוט געבענקט נאָך אַ באַגעגעניש מיט דייטשן, אַז מען זאָל זיי אָנברעכן די ביינער. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, און אַזאַ געלעגנהייט האָט טאַקע געטראָפן.

דאָס איז געווען ביי די פּינסקער בלאָטעס. די אויסשפּיר־גרופּע האָט צו וויסן געגעבן, אַז זעקס שיפלעך, באַלאָדן מיט איבער צוויי הונדערט מאַן, דערנענטערן זיך אין זייער ריכטונג.

ווייזט אויס, אַז אויך דער קעגנער האָט זיי באַמערקט, ווייל אויף די שיפלעך האָט זיך געשאַפן אַ באַלעבטע באַוועגונג, אַ באַוויז, אַז זיי גרייטן זיך צו אַן אָנגריף.

— נו, יאַטן — האָט געזאָגט זוסלאַנד — איצט וועט זיין אַ מעגלעכקייט אויסצופּרוּוון די באַקומענע פאַנצער־פויסטן קעגן טאַנקן. ס׳איז נישט פאַרביי קיין צוואַנציק מינוט און די דייטשן האָבן געעפנט אַ פייער. די פּאַרטיזאַנער האָבן פאַרנומען קאַמפּס־פּאָזיציעס. מיט גרויס אומגעדולד האָבן זיי געוואַרט אויף אַ פייער־באַפעל. די דייטשן זענען דערווייל צוגעקומען נענטער. דאָס פּאַרטיזאַנישע ביקסן־פייער האָט זיי, ווייזט אויס, נישט געשראָקן, ווייל זיי האָבן זיך גערוקט פאָרויס. מיט אַ מאָל האָבן גענומען „רעדן״ די פאַנצער־פויסטן און איינע האָט געטראָפן אין אַ שיפל. אויפן וואַסער איז געוואָרן אַ פּאַניק. די דייטשן האָבן גענומען שפּרינגען פון שיפל, וואָס האָט גענומען זינקען.

די פּאַרטיזאַנער זענען איצט אַרויס מיט אַ געוואַלדיקן הוראַ! באַשיסנדיק די, וועלכע האָבן זיך געפּרוּווט ראַטעווען פון וואַסער. ווי פון אַן אמתן מבול האָבן די איבעריקע שיפלעך גענומען אַנטלויפן, איבערלאָזנדיק די זיך טרינקענדיקע „קאַמעראַדן״ אויף „גאָטס גענאַדע״...

אין יוני 1944 האָבן זיי זיך שוין דערנענטערט צו דער געגנט פון לוניניעץ, באַראַנאָוויטשער קרייז, און מיט נייע כוחות צוגעטראָטן צו גרויסע פּאַרטיזאַנישע אַקציעס, שטערנדיק דעם שׂונא זיין צוריקמאַרש.

# אַ פּאַרטיזאַנישע שליחות

אַ טריבער פרימאָרגן. די לופט איז פייכט און שאַרף. דער גאַנצער באָריסאָ־וועד וואַלד איז איינגעהילט אין אַ נעפּלדיקן שלייער. די אָפּטיילונג פון „דיאַדיאַ קאָליאַ" פון דער בריגאַדע „סטאַריקאַ" איז שוין אויף די פיס. יעדער איז ביי עפּעס באַשעפטיקט. אייניקע בעסערן אויס די זיעמליאַנקעס און שאַלאַשן, אין וועלכע מען האָט געוווינט, אַנדערע האָבן געפירט מיליטערישע איבונגען, געפּוצט די ביקסן, גערייניקט די קליידער און נאָך נייטיקע אַרבעטן. איין אָפּטיי־לונג האָט זיך געגרייט צום אַרויסמאַרש אויף אַן אַקציע אין דער געגנט פון מינסק. ווי געוויינלעך אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגן קומען חברים זיך געזעגענען. אויך זינע האָט זיך געפונען אויפן פּלאַץ.

— „זינע", צום קאָמאַנדיר! — דערהערט זי פּלוצעם דאָס רופן פונעם שטאַב־מעלדער.

דאָס האַרץ האָט גענומען אַ ביסל האַסטיקער קלאַפּן. דער „דיאַדיאַ קאָליאַ", ווי מען האָט גערופן דעם אָטריאַד־קאָמאַנדיר, איז געווען אַ זייער ליבער מענטש, און ווי דער פירער פון אַזאַ פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג, וועט ער דאָך באַשטימט נישט רופן אויף אַ געוויינלעכן שמועס.

מיט גיכע טריט האָט זי זיך געלאָזט צו דער זעמליאַנקע, ווו ס'האָט זיך געפונען דער שטאַב.

אין דער זעמליאַנקע, ביי אַ טישל, געמאַכט פון שלעכט געהובלעטע ברעטער, איז געזעסן דער „דיאַדיאַ קאָליאַ" און נאָך עטלעכע מיטגלידער פון זיין שטאַב און איבער עפּעס געשמועסט.

— ביטע, זעץ זיך, האָט ער געוויזן מיט דער האַנט אויף דער דערנעבן שטייענדיקער לאַנגער באַנק. דו ביסט אַ יידישקע, זינע?

— יאָ, טאָוואַרישטש קאָמאַנדיר.

— אָבער דו האָסט אַן אַרישן דאָקומענט פון אַ פּוילישער און דאָס איז איצט וויכטיק. ס'איז געשען אַ גרויס אומגליק — ער האָט זיך אויף אַ רגע פאַרטראַכט וועגן דעם סוד וואָס ער דאַרף איר פאַרטרויען. — חברים פון מינסקער קאָמיטעט זענען אַריינגעפאַלן, אויך די פאַרבינדלערין, וועלכע האָט דיך צו אונדז געבראַכט. עס איז איבערגעריסן געוואָרן דער קאָנטאַקט מיט דער דאָרטיקער אָרגאַניזאַציע, דיין אויפגאַבע וועט זיין אויף ס'ניי אָנצוקניפּן דעם קאָנטאַקט. האָסט מיך פאַר־שטאַנען, „זינע"?

— יאָ, חבר קאָמאַנדיר.

— אַ שטיק וועג וועסטו קענען גיין מיט דער אָפּטיילונג, וואָס מאַרשירט אַרויס אויף אַן אַקציע — האָט ער שוין איצט געזאָגט מיט אַ שמייכל — וועט דיר זיין היימלעכער. שפּעטער וועסטו גיין אַליין און לויטן אייגענעם פאַרשטאַנד.

אָנגעטאָן אין פויעריש געוואַנט, דער רעוואָלווער פאַרשטעקט אין די קליידער, איז זי עטלעכע שעה שפּעטער שוין געווען אויפן וועג קיין מינסק.

אַ ביסל קאַלעמוטנע אויפן האַרצן איז געוואָרן, ווען זי איז געבליבן אַליין. זי האָט געשפּאַנט פאָרויס, איבער דעם ברייטן וועג פון דער ווייסרוסישער ערד, אין דער ריכטונג צו איר הויפּטשטאָט. און פאַרשידענע געדאַנקען זענען געקומען אין קאָפּ אַריין. זי האָט זיך דערמאָנט אין מינסקער געטאָ, די חברים הערש סמאָליאַר, די שוועסטער צעסיאַ, איר פאַרבינדלעריןְ, בשעת זי איז געווען אויף דער אַרישער זייט, דאָס מינסקער שפּיטאָל, פון וועלכן מען האָט אַרויסגעטראָגן מעדיקאַמענטן פאַר די פּאַרטיזאַנער. ווי אַן אָדלער אַרום זיין נעסט, אַזוי האָבן אירע געדאַנקען געקרייזט איבער דער שטאָט און געזוכט אַ פאָדעם, דורך וועלכן זיך צו דערשלאָגן צו דער אָרגאַניזאַציע. פאַר אירע אויגן איז ווידער און ווידער געשטאַנען דאָס בלאָנדע רוסישע מיידל, וואָס האָט זי אַרויסגעפירט צו די פּאַרטי־זאַנער. „זי איז אַריינגעפאַלן צוזאַמען מיט אַנדערע חברים" — האָט טרויעריק געזאָגט דער „דיאַדיאַ קאָליאַ". די ווונדונגען פון אירע באַקאַנטע זענען באַשטימט אונטער אַ שטענדיקער אָבסערוואַציע. אַ לייכטער ציטער איז אַדורך איבערן גאַנצן קערפּער. מעגלעך אויך פאַר שרעק, אין וואָס דער מענטש וויל זיך נישט גערן מודה זיין. און טאָמער דערקענט זי עמעצער? עס איז ווידער אַ שריט אויפן ראַנד פון תהום.

— זיי מוטיק, דינה! — רופט אַן אינערלעך קול. — דערמאָן זיך. דיין שוועס־טער, וועלכע איז שטענדיק געווען אויפן קאַמפּס־פּלאַץ. פאַר איר טויט מוזסטו נעמען נקמה! דו גייסט אין אַ וויכטיקער מיסיע, דו ביסט באַשאָנקען מיט צוטרוי פון דיין פּאַרטיזאַנישער אָנפירונג.

אַ רוישן פון אַ מאָטאָר האָט זי אַרויסגעשלאָגן פון די געדאַנקען. נאָך איידער זי האָט באַוויזן זיך אויסצודרייען, איז שוין די מאַשין געשטאַנען הינטער איר.

— קודאַ טאַק, דיעווושקאַ? — האָט זי גלייך דערהערט אַ רוף אַראָפּ פון דער מאַשין.

זינע האָט זיך אויסגעדרייט און אירע אויגן נישט געוואָלט גלויבן. דער לאַסטוואָגן איז געווען פול מיט ווייסרוסישע, פאַשיסטישע פּאָליציאַנטן.

— קיין מינסק.

— טאָ שטייג אַרויף, וועלן מיר דיך מיטנעמען — האָט געזאָגט דער פּאָליציאַנט.

קווענקלען זיך האָט געקענט אַרויסרופן ביי זיי עפּעס אַ חשד. איז זי מיט שנעלע טריט און אַנטשלאָסן צוגעגאַנגען צו דער מאַשין. עטלעכע פּאָליציייִשע הענט האָבן זי אַ הייב געטאָן אין דער לופטן און זי איז שוין געזעסן צווישן זיי.

דאָס איז געווען סוף אָקטאָבער 1942, נישט ווייט פון שטעטל סמאָלאָוויטשע. די מאַשין האָט שנעל געריכט ווייטער פון דעם פּלאַץ. דער ווער האָט געפינקלט פאַר די אויגן, און צוזאַמען מיט אים זענען פאַרשוווּנדן די ביימער, פון ביידע זייטן וועג, האַלב שוין אויסגעטאָן פון זייערע פאַרגעלטע בלעטער.

— נאָך וואָס פאָרט איר קיין מינסק? — האָט פּלוצעם אַ פרעג געטאָן דער אַקעגנאיבער זיצנדיקער פּאָליציאַנט.

— צו אַ דאָקטער.

— צו אַ דאָקטער — האָט ער איבערגעחזרט און דער שמועס האָט מיט דעם זיך אָפּגעריסן. נאָר די גאַנצע צייט האָט דאָס אומסימפּאַטישע פּנים מיט די צוויי אָפּגעבליאַקעוועט־טעמפּע אויגן זי געהאַלטן אין איין מעסטן פון קאָפּ ביז צו די פיס, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: „איך האָב אייך שוין ערגעץ ווו געזען".

ווער ווייסט, איז איר אַדורך אַ געדאַנק, צי ביסטו נישט דער מערדער פון עמעצן פון מיינע נאָענטע? עפּעס אַן אומבאַוווּסטע קראַפט האָט איר אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זי האָט אים צוגעוואָרפן אַ בליק, פון דער זייט, פול האַס און פאַר־אַכטונג, אין וועלכן זיינער האָט זיך שוין געגנצלעך פאַרלוירן.

די זון האָט שוין אַראָפּגענידערט צום האָריזאָנט, ווען זיי האָבן דערגרייכט די פאַרשטאָט פון מינסק. דער לאַסטוואָגן האָט פאַרלאַנגזאַמט זיין לויף און זיך פאַרהאַלטן ביי אַ פּאָליציייִשן וואַך־הויז. עס האָט ביי זינען אַ ציטער געטאָן דאָס האַרץ, אַ רגע בלויז און דאָס איז שנעל פאַרביי.

זי האָט אָפּגעדאַנקט פאַר דער געפעליקייט און מיט ראַשע טריט זיך דער־ווייטערט פון דער פּאָליציי. זי האָט גענומען איבערשניידן די גאַסן, נישט וויסנדיק אַליין, ווו און צו וועמען זי זאָל גיין.

אין דער חורובער שטאָט איז געווען פינצטער, דאָ און דאָרט האָט זיך באַ־וויזן אַ ליכט פון אַ פאַריתומטן לאַמטערן, וואָס איז געשטאַנען ווי אַ שאָטן אויף דער קאַמאַראָווקע. זי האָט געגעבן אַ טראַכט. אויף אַ ווײַלע שטיין געבליבן, און גלייך געביטן איר מיינונג. דאָרט האָט זי געוווינט, איז אפשר נישט געוווּנטשן מיט עמעצן פון דאָרט זיך צו טרעפן.

זינע האָט ווייטער גענומען אויסמיידן די וועגענער, די דאָראָזשקעס, וואָס האָבן געאיילט מיט זייערע פּאַסאַזשירן, צו זייערע היימען, צו פרויען און קינדער און דאָס האַרץ האָט גענומען אַזוי קלעמען פון בענקשאַפט. די שטאָט איז איר איצט געוואָרן אַזוי מאָדנע פרעמד. זי האָט זיך געפילט ווי אַ געיאָגטער הונט אין

אַ נעפּלדיקער, רעגנדיקער נאַכט. מיט אַ מאָל שווימט אַרויס פאַר איר דאָס געשטאַלט פון דער קראַנקן־שוועסטער ליזע. צום שפּיטאָל, האָט זי באַשלאָסן.

ביי דער איידעלער רוסישער פרוי, ליזע זנאַמענסקאַיאַ, האָט זינע זיך אויפגעהאַלטן דריי מעת־לעת. אַ דאַנק איר איז איר געלונגען אָנצוקניפּן דעם קאָנטאַקט מיט דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע.

אויף דעם באַפעל פון דער פּאַרטיזאַנישער אָנפירונג האָט זי געדאַרפט אַרויספירן אין וואַלד דעם פאַרוווּנדעטן רוסישן רעוואָלוציאָנער פון מינסק, סייטשיק, וועמען ס'האָט אַרומגעזוכט די געסטאַפּאָ און פאַר וועלכן ס'איז אויפגעהאַנגען געוואָרן אַ קראַנקן־שוועסטער, וועלכער האָט אים געהאָלפן אַנטלויפן פון שפּיטאָל.

צופרידן פון דעם גוט אויסגעפירטן שליחות האָט זי זיך געלאָזט מיט די מענטשן אין וועג אַריין — צו איר „פּאַרטיזאַנישער היים".

עס איז געווען קעגן איר כּוח נישט מיטצונעמען, אויף אייגענער אַחריות, די צופעליק אָנגעטראָפענע אויפן וועג, יידישע פרוי, פּיאַינע סטאָלאָוואַ און איר זון מאַקס, און זיי ברענגען אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער.

דער וועג איז אַן גרויסע שוועריקייטן פאַרביי. זיי האָבן אים דורכגעמאַכט אַ ביסל צו פוס, אויף צופעליקע וועגענער, נאָר צום מערסטנס האָבן זיי מאַרשירט ביי נאַכט, כּדי נישט אָנצושטויסן זיך אויף פּאָליציי, אָדער אַ מיליטערישן פּאַטראָל. גערוט האָבן זיי ביי טאָג אין די וועלדער.

אַ גליקלעכע איז זי שוין געווען ווען זי האָט די מענטשן דערפירט צום ציל. ס'איז נישט מעגלעך צו דערציילן די פרייד און דאָס געפיל, ווען אירע אויגן האָבן ווידער דערזען די הויכע סאָסנעס און עס האָט זיך אַנטפּלעקט די גרינע טונקלקייט ביים ראַנד פון באַריסאָווער וואַלד.

זי איז צוריק געווען אין איר „פּאַרטיזאַנישן לאַנד" און אין שטאַב דעם קאָמאַנדיר „דיאַדיאַ קאָליאַ" געמאָלדן: „דער באַפעל איז אויסגעפירט!"

# מיין ערשטע אַקציע

## דערציילט פון זשאַבטשינסקאַ יאַדוויגאַ־שפּירער

באַהערשט פון דער פּאַניק, וואָס האָט זיך געשאַפן מיט דער דערנענטערונג פון דער דייטשער אַרמיי, האָט זי, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע איינוווינערס פון ביאַליסטאָק, גענומען פאַרלאָזן די שטאָט. מען איז שוין נישט געלאָפן, ס'איז געווען ממש אַ געיעג. אַלע שטעגן און וועגן זענען באַלאַגערט פון מחנות עוואַקויִרטע. עס ציִען זיך לאַנגע קורטן פון אויטאָס, געפּאַקטע מיט פרויען און קינדער, פון העכערע מיליטער־לייט און באַאַמטע, מיט גאַרנס פּעק, געשיר, בעטגעוואַנט און אַנדערע שטובזאַכן. בלויע היטלען פון נ.ק.וו.דיסטן. דאָ און דאָרט פאַרברענטע פּאַפּירן, וואָס האָבן נישט געדאַרפט אַריינפאַלן צום שונא. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אויפגעברויזט דאָס געמיט און די פיס האָבן אַליין גענומען לויפן. מיט דער סאַניטעט־טאָרבע פאַרהאַנגען איבערן אַקסל, האָט זי זיך באַמיט צו דערקלייבן וואָס ווייטער.

— העי, דיעוושקאַ! — הערט זי אַ געשריי פון אַ מיליטערישן לאַסטוואַגן אַראָפּ. — טשטאָ טי דאָקטאָר?

— דאַ, פעלדשער.

— סאַדיס!...

די מאַשין האָט זיך פאַרהאַלטן. צוויי אויסגעשטרעקטע שטאַרקע זעלנערישע הענט האָבן זי אַ ריס געטאָן אין דער הייך. ווי פון אַ רעטונגס־שיפל האָט זי געקוקט אויף דער ברויזנדיקער מענטשן־מאַסע, וואָס האָט געשטראָמט פון אַלע זייטן פון דער פאַרלאָזטער שטאָט.

די קילאָמעטערס פאַרשווינדן איינער נאָכן צווייטן און מיט זיי אויך דער טומל, דאָס געפּילדער פון די מענטשן מיט די טאַבאַלן אויף די פּלייצעס. בלויז דער געדיכטער שטויב הענגט אין דער לופטן אויפן גאַנצן וועג, ווי אַ שווערער וואָלקן און דרענגט זיך אַריין אין אַלע ווינקעלעך פונעם געוואַנט, פון די אויגן און נאָז, אַז מען קאָן שוין ממש נישט אָטעמען. פון צייט צו צייט שאַפט זיך אַ „פּראָבקע", אַ וועג־פאַרשטאָפּונג, אַ געדרענג פון מאַשינען, באַגלייט מיט געשרייען און זידלערייען פון די שאָפערן. די איינציקע טרייסט איז דאָס, וואָס מען האָט זיך דערווייטערט פון דעם שונא. אַזוי איז זי מיט דער מיליטערישער גרופּע געקומען ביז הינטער מינסק.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דייטשן זענען אָנגעקומען פריִער פון זיי און

זענען דאָ שוין געבליבן שטעקן. געפאַנגען פון די דייטשן, ווערט זשאַכטשינסקאָ איבערגעשיקט אַרבעטן אין אַ שפּיטאָל אין מינסק, און דאָרט בלייבט זי ביז צום אַנטשטיין פון געטאָ.

איצט איז געקומען אַן אַנטשיידנער מאָמענט אין איר לעבן: בלייבן ווייטער אין שפּיטאָל און אָנגיין אַלס קריסטן, אָדער גיין צוזאַמען מיט די אַנדערע אין געטאָ?

ס׳האָט זי אַנטוישט דער סאָוויעטישער קאַפּיטאַן פון דער אָרגאַניזירטער גרופּע, וועלכע האָט געדאַרפט אַרויס אין וואַלד. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט זיך באַקענט מיט אַ קראַנקן־שוועסטער און אויסגעוויילט צו בלייבן אין איר וואַרעמען בעט, אין דער היים, איידער צו גיין אין וואַלד און ווערן אַ פּאַרטיזאַן. זיין פּחדנותדיק צוריקציִען זיך פון קאַמף האָט געווירקט אויך אויף די אַנדערע קריגס־געפאַנגענע און דער גאַנצער פּלאַן איז צו נישט געוואָרן. דער פאַקט איז אויך געווען איינער פון די וויכטיקסטע סיבות, פאַר וואָס זי האָט אויסגעוויילט דאָס צווייטע.

אין געטאָ האָט זי געטראָפן אַ זייער פריינדלעכע און חברישע סביבה. זי האָט גלייך געפונען אַ פאַרבינדונג מיט אַ גרופּע דערפאַרענע קאָנספּיראַטיווע טוערס, ווי: הערש סמאָליאַר, אַברהם שילאַכטאָוויטש, העניעק צוקער, נחום גאָלדזאַק און אַנדערע. זי וואַרפט זיך מיט לייב און נשמה אַריין אין דער אַרבעט און ווען הערש סמאָליאַר איז מיט אַ גרופּע אַרויס אין וואַלד, בלייבט זשאַכטשינסקאַ־שפּירער אַלס איינע פון די פאַרבינדלעריגס צווישן זיי און דער אונטערערדישער באַוועגונג, וועלכע האָט אין געטאָ פון טאָג צו טאָג געהאַלטן אין איין וואַקסן. דאָס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט. אין אַ שיינעם אָוונט קומט אַ שליח פון וואַלד מיט אַ באַפעל, אַז זי מיט דער ניי־אָרגאַניזירטער גרופּע זאָלן זיך קלייבן אין וועג אַריין.

דאָס איז געווען אין אָקטאָבער 1942. אַ גרופּע פון ניינצן פּערזאָן האָבן פאַר־לאָזט דאָס מינסקער געטאָ. צווישן זיי זענען געווען אַברהם שליאַכטאָוויטש און העניעק צוקער. די גאַנצע באַוואָפענונג איז געווען איין רעוואָלווער און עטלעכע גראַנאַטן, פונאַנדערגעטיילטע צווישן די חברים. יאַדוויגאַ, דאַקעגן, האָט גענהאַט מיט זיך אַ זייער וויכטיק „געווער״, אין וועלכן ס׳האָבן זיך אין דער צייט שטאַרק געניייטיקט די מענטשן אין וואַלד, דאָס איז געווען — מעדיקאַמענטן און כירור־גישע אינסטרומענטן.

זייער ערשטער עטאַפּ איז געווען אַ דאָרף, ווו זיי בלייבן אַ גאַנצן טאָג זיצן אין אַ סטאַדאָלע און ווען ס׳איז געוואָרן טונקל האָבן זיי זיך געלאָזט ווייטער אין וועג. פאַר גרויס איבערראַשונג האָבן זיי אַפילו נישט מיטגענומען קיין צידה־

לדרך און צוויי טעג געלעבט מיט דעם לאַבל ברויט, וואָס מען האָט באַקומען ביים פויער, ביי וועלכן זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן.

עס איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען זיי זענען געקומען צום ציל. זיי געפינען זיך ביים ראַנד פון די מינסקער וועלדער. אַ מאָדנע געפיל האָט אַלעמען באַהערשט. די ביינאַכטיקע פינצטערניש, דער פאַרוואָלקנדיקער הימל איבערן קאָפּ און אַרום אַ געדיכטער, רוישנדיקער וואַלד, דאָס אַלץ האָט געווירקט אַזוי באַרויִקנדיק אויף זייערע נערוועזע צעהיצטע געמיטער. זיי האָבן אין וואַלד געפונען אַ פאַרבינדעטן, אַ באַשיצער אין זייער עלנט און נויט.

דאָ האָבן זיי געטראָפן צו דער פאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון „דזשערזשינסקי", וועלכע איז געווען אַ טייל פון דער בריגאַדע „פרונזע"; דאָס איז שוין געווען אַ נישט שלעכט אָרגאַניזירטע אָפּטיילונג. זי האָט געציילט איבער צוויי הונדערט מאַן. מען האָט געוווינט אין אויסגעבויטע זעמליאַנקעס און אין שאַלאַשן אויפגעשטעלטע פון צווייגן. דאָ איז געווען אַ וואַרשטאַט פאַר רעמאָנט פון געווער, אַ קיך און אַנדערע קעגנשטאַנדן, נייטיקע אין די באַדינגונגען. דאָס ערשטע האָט מען זיי געגעבן גוט זיך אָנצועסן. יעדער האָט באַקומען אַ שיסל זופּ מיט קאַשע, געקאָכטע אויף שאָפן־פלייש, אין וועלכער ס'איז אַרומגעשווומען אַ נעץ פון גרויסע, פעטע אויגן. דאָס איז אויך געווען דאָס שטענדיקע מענו אויך שפּעטער. קיין קוילנאַרע קונסט האָט דאָ קיינער נישט אַרויסגעוויזן, מ'האָט געקאָכט אין איין קעסל און יעדער האָט דאָס זעלבע באַקומען דריי מאָל אין טאָג. מיט דער צייט איז דער שאָפּענער זופּ אַ ביסל דערעסן געוואָרן, נאָר דאָס וויכ־טיקסטע — זיי האָבן נישט געהונגערט. אַ סך ערגער איז געווען מיט געווער. גאַנצע טעג זענען זיי געלעגן אין די וואַסערן און געזוכט וואָפן, וואָס די סאָוויעטישע זעלנער האָבן אַריינגעוואָרפן בעת דער אַרומרינגלונג, כּדי דאָס זאָל נישט אַריינפאַלן אין די דייטשע הענט. יעדע געפונענע ביקס אָדער אויטאָמאַט איז געווען אַ געוואַלדיקער אוצר, וואָס מ'האָט אָפּגעגעבן אין וואַרשטאַט צום אויס־פּוצן, טייל מאָל אויך צוצומאַכן אייניקע טיילן, וואָס האָבן געפעלט. אויף אַזאַ וועג האָבן זיי באַקומען די ערשטע אויסריכטונג. די האָפענונג איז אָבער געווען אַן אַקציע, ווו מען וועט זיך קענען באַוואָפענען מיט געווער, דעראָבערט ביים שונא.

אין נאָוועמבער 1942 האָבן פון דער אָפּטיילונג, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דזשערזשינסקי", מאַרשירט פערציק פאַרטיזאַנער אין דער ריכטונג פון דער אייזערנער בריק, וואָס האָט זיך געפונען אויף דעם מינסקער טראַקט. דעם וועג, פון 25 ביז 30 קילאָמעטער פון דער באַזע, האָט מען געמוזט דורכמאַכן נאָר ביי נאַכט. דער וועג אַליין איז נישט געווען קיין לייכטער, מ'האָט געטאָפּ־טשעט אין דער בלאָטע, טייל מאָל ביז צו די קני. יאַדוויגאַ האָט זיך געפונען

ביי דער זייט פון העניעק צוקער, אַנגעטאָן אין אַ פּאָר הויזן מיט שטיוול, די קורצע ביקס איבער דעם רעכטן אָרעם, ווי אַן אַלטער דערפאַרענער פּאַרטיזאַן, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט ווי מיט אַ האַמער — זי האָט נישט געוווסט צי פאַר פריידי, אָדער גאָר אויס מורא. צעטיילט אין דריי גרופּעס זענען זיי געקומען אַלץ נענטער צום ציל.

טראָץ דער גרויסער קאָנספּיראַציע זענען זיי באַמערקט געוואָרן פונעם שונא. דאָס איז געווען שוין נישט ווייט פון דער בריק, מיט אַ מאָל האָבן גענומען פייפן קוילן, גלייך איבער זייערע קעפּ. דאָס האָט געשאָסן די דייטשע שוץ פון דעם דאָזיקן בנין. אַ גליק, וואָס צוליב דער פינצטערער נאַכט, איז דאָס פייער נישט געווען אַזוי טרעפנדיק. זיי האָבן זיך איצט נאָך געריכט אויף אַ ליכט־ראַקעטע, אָבער די דייטשן האָבן דאָס נישט געוואַגט צו טאָן. ווייזט אויס, אַז אויך זיי האָבן מורא געהאַט אויפצודעקן זייערע פּאָזיציעס. דאָס פייער האָט אָבער נישט אויפגעהערט, זיי זענען געלעגן אַלע צוגעפּרעסט צו דער נאַסער ערד און געוואַרט, נישט וויסנדיק אַליין אויף וואָס.

— איצט קאָן אונדז ראַטעווען נאָר איינס — האָט זיך געוויצלט צוקער. — יאַדוויגאַ, דו קענסט קריעת־שמע ?

יאַדוויגאַן איז אָבער נישט געווען צום לאַכן. זי איז געלעגן אין אַ בלאָטע ביז איבערן קאָפּ, ציטערנדיק פון קעלט און אַ ביסל אויך פון שרעק. און די קוילן האָבן געזשומעט ווי בינען אין דער פינצטערער נאַכט, דזין... דזין... יעדעס מאָל, ווען די קויל איז שוין פאַרביי, האָט זי זיך געפילט ווי ניי געבוירן. — ווען וועט זיך שוין דאָס ענדיקן ? — האָט זי ביי זיך אַליין געפרעגט, און ווידער האָט אַ פייף געטאָן נאָענט ביים לינקן אויער. זי האָט אַריינגעצויגן דעם קאָפּ צווישן די אַקסעלען און פאַרגראָבן דאָס פּנים אין דער ערד. דאָס האָט זיך געצויגן אַזוי איבער אַ האַלבע שעה. מיט אַ מאָל האָט זי דערהערט אַ גרעגערן פון אויטאָ־מאַטן און הילכיקע אויסגעשרייען: הוראַ!... הוראַ!... פון עטלעכע צענדליק ברוסטן. אַן אומבאַוווסטע קראַפט האָט זי אַ ריס געטאָן פון דער ערד און, ווי פאַרכישופט, האָט זי גענומען לויפן צוזאַמען מיט אַלע.

דאָס פייער פונעם שונא איז געוואָרן פּלוצעם דערשטיקט. פון לינקס און פון רעכטס האָט זיך נאָר געהערט דאָס רופן — „רעביאַטאַ, וופּיעראָד! וופּיעראָד!...״ ווי אַ שטורעם זענען זיי אַריבער די זומפּן, וואָס האָבן זיי אָפּגעטיילט פון דער בריק.

פון די שומרים האָט מען שוין קיינעם נישט געטראָפן. זייענדיק איבערצייגט, אַז זיי האָבן פאַר זיך גרויסע פּאַרטיזאַנישע כּוחות, האָבן זיי אויסגעשפּיגן דאָס ביסל בליי און, ווי די האָזן, איינפאַך אַנטלאָפן.

די בריק איז איצט געווען אין זייער רשות. פון קיינעם נישט געשטערט, איז גלייך די אַזוי גערופענע „מינירער־גרופּע״ צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

דער ציל איז געווען דערגרייכט. צוריק האָט מען מאַרשירט צופרידענע פון דער גוט אויסגעפירטער אויפגאַבע. זיי האָבן אויך געהאַט עטלעכע פאַרוווּנדעטע.

די דייטשן האָבן אָבער באַלד גענומען צוריקצאַלן און דאָס יאָר 1942 האָבן זיי זייער טרויעריק פאַרענדיקט. עס דויערט נישט לאַנג און די גאַנצע באַזע ווערט אַרומגערינגלט פון איבערוויגנדיקע דייטשע מיליטערישע חילות. אויס־געריסטעטע אין די נייסטע וואָפן. די פּאַרטיזאַנער געפינען זיך אין אַ פייער פון אַלע זייטן. עס איז אַפילו נישט מעגלעך געווען אויפצוהייבן דעם קאָפּ און אַ בליק געבן צום ליכטיקן הימל, ווייל אויך פון דער הייך האָבן זיך געשאָטן קלענערע און גרעסערע באָמבעס און פון מאַשין־געווער האָבן די פליִערס גע־שניטן, פיקירנדיק דירעקט איבער די פּאַרטיזאַנישע פּאָזיציעס.

די בריגאַדע איז געווען צו שוואַך אָפּצושטויסן אַזאַ געוואַלדיקן אָנגריף. זיי זענען שוין מער ווי געצעגטלט. טראָץ דעם איבערמענטשלעכן ווידערשטאַנד, האָבן זיי געמוזט פאַרשפּילן. דער וואַלד איז באַדעקט מיט טויטע און פאַרוווּנדעטע. די הילפסרופן, דאָס קרעכצן פון פאַרוווּנדעטע און גוססנדיקע טראָגט זיך ביז צום זיבעטן הימל. די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דזשערזשינסקי״, האָט אויפגעהערט עקזיסטירן.

בלויז איינצלנע גרופּעס איז געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון דעם דאָזיקן גהינום און נאָך לאַנגן וואַנדערן, זיך אָנשליסן אין אַנדערע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיי־לונגען.

# דער פֿאַררעטער

נישט לייכט האָט מען געקאָנט קומען אין אַ פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג. קודם דער פֿאַרדאַכט, צי מען איז נישט אַ מאָל אַנגעשיקט פֿון די דייטשן, צוויטנס, די פֿראַגע פֿון געווער, אין וועלכער מען האָט זיך אין דער צייט אַזוי געניייטיקט. די פֿיזישע פֿעיִקייטן אָנטייל צו נעמען אין אַ קאַמף און נאָך און נאָך אַ סך אַנדערע סיבות, צוליב וועלכע מען האָט דעם מענטשן, אין בעסטן פֿאַל, פֿאָרגעלייגט צו פֿאַרלאָזן דאָס וואַלד...

יאַדוויגאַ האָט געראַטעוועט איר סאַניטעט־טאָרבע מיט די כירורגישע אינסטרומענטן, מיט וועלכע זי האָט זיך קיין מאָל נישט געשיידט.

אין יאַנואַר 1943 טרעפֿט זי צו דער בריגאַדע אויפֿן נאָמען פֿון „טשאַלקאָוו" אין דער וואַלאָזשינסקער־איוויניעצקער פּושטשע. דער פֿירער פֿון דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג איז געווען אַ רוסישער מאַן פֿון אַ יאָר 35, וועלכן מען האָט גערופֿן גריבאַנאָוו. זיין פֿאַרטרעטער איז געווען איוואַן קאָזאַק פֿון מינסק.

דאָ, אין דער פּושטשע, איז געווען די אמתע „פּאַרטיזאַנישע היים". עס זענען געווען גוט איוסגעבויטע זעמליאַנקעס, אַן אייגענע בעקעריי, וועשעריי, אַ באָד, מאַגאַזינען, שטאַלן פֿאַר פֿערד און שוין דאָס וויכטיקסטע — אַ שפּיטאָל, אין וועלכן זי ווערט צוגעטיילט צו דער אַרבעט.

דער דאָקטער, אַ רוס, מיטן נאָמען ניקאָלאַיעוו, וועלכער איז דאָ געווען דער גאַנצער לייטער, האָט זי אויפֿגענומען מיט אַ געוויסן רעזערוו. אינסטינקטיוו האָט זי אויך צו אים געקראָגן אַן אַנטיפּאַטיע. ער איז אָבער געווען דער האַר פֿון לעבן און טויט און אַלע האָבן געמוזט געהאָרכזאַם אויספֿירן אַלע זיינע באַפֿעלן. אַ געוויסע צייט האָט זי נאָך געהאַט אַ ביסל אַ סענטימענט און מיטלייד צו אים, צוליב דעם וואָס ער האָט געהאַט נאָר איין פֿוס, אָבער ווי נאָר זי האָט אַ קוק געגעבן אויף זיין ריזיקער, אַטלעטישער מגושמדיקייט און רויט אויסגעפּרעסן פּנים, האָט עס אָנגעוואָרפֿן אויף איר עפּעס אַזאַ מאָדנעם פּחד, שוין אָפּגערעדט ווען זי האָט געזען, אַז ער איז באַטרונקען, האָט זי אים דירעקט אויסגעמיטן דעם וועג. אַזוי איז פֿאַרפֿלאָסן אַ געוויסע צייט. יאַדוויגאַ האָט זיך בענטער באַקענט מיט מענטשן און פֿון אַ טייל זיך דערוווּסט אַ סך נישט פֿריילעכע נייעסן.

אַ טרויעריקער פֿאַקט האָט באַשטעטיקט איר שרעק. אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן, ווען אַ יִדישער פּאַרטיזאַן איז געקומען בעטן, מען זאָל אים עפּעס געבן צו שווענקען דעם האַלדז, ווייל אַ לענגערע צייט ווי ער האָט זיך פֿאַרקילט און דאָס הייזעריקייט און ווייטיק ביים שלינגען טרעט נישט אָפּ. דער דאָקטער האָט לאַנג

נישט געקלערט און אים אָפּגעשיקט אין דער שטרענג איזאָלירטער אָפּטיילונג, ווו עס האָבן זיך געפונען די שוין צום טויט־פאַראורטיילטע קראַנקע אויף טיפוס. דער פאַקט האָט יאַדוויגען ממש עלעקטריזירט. זי איז אָבער געווען צו שוואַך צו זאָגן עפּעס און ווידער נישט אַנטקעגנשטעלן זיך זיין ווילן. זי וואָלט דעמאָלט געקאָנט נאָר טיילן דעם גורל פון דעם קראַנקן. אַזעלכע פאַלן האָבן זיך גענומען איבערחזרן. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז יידישע פּאַרטיזאַנער האָבן אַפילו אין די שווערסטע מאָמענטן אויסגעמיטן דאָס קראַנקן־הויז. דאָס האָט אַרויסגערופן זייער אַ געדריקטע שטימונג, אָבער ס׳האָט זיך נישט געפונען קיינער, וואָס זאָל וואַגן וועגן דעם מעלדן דער אָנפירונג.

זייער אויפפאַלנדיק איז שפּעטער געוואָרן דער פאַקט, וואָס מען האָט אים געטראָפן איינעם אַליין רייטן אויף אַ פערד, כלומרשט פון אַ שפּאַציר און דאָס איז געווען פון אַ דאָרף, ווו ס׳האָט זיך געפונען אַ דייטש וואַך־הויז. אין יענער צייט איז דאָס דאָרף געווען סכנותדיק פאַר איינצלנע געזונטע פּאַרטיזאַנער, אַ פּשיטא פאַר אַ מענטשן אָן אַ פוס, אַ רוס, און דערצו נאָך אויף אַ פערד, וואָס וואַרפט זיך באַלד אין די אויגן. זינט יענעם טאָג האָט די פּאָליטישע אָפּטיילונג פון דער בריגאַדע זיך אָנגעהויבן מיט אים אינטערעסירן.

אין פרילינג 1943 גייט די גאַנצע בריגאַדע, אונטער דער אָנפירונג פון גריבאַ־באָוון, אויף דעם דייטשן גאַרניזאָן, וואָס געפינט זיך אין דער שטאָט איוויעניעץ. דאָס איז אַ מהלך פון איבער הונדערט קילאָמעטער. די פורן זענען פול באַלאָדן מיט פּראָוויאַנט, אַמוניציע, מעדיקאַמענטן און נאָך אַנדערע זאַכן, נייטיקע פאַר אַזאַ מין אַקציע. אויך דער דאָקטער ניקאָלאַיעוו פאָרט מיט דעם גאַנצן מעדי־ צינישן פּערסאָנאַל. דעם וועג האָט מען דורכגעמאַכט נאָר ביי נאַכט, כדי זיך נישט צו פאַרראַטן.

ווי איבערראַשט זענען אַלע געוואָרן, ווען אַרויסקומענדיק נאָר פון דער פּוש־ טשע שטויסן זיי זיך אָן אין אַ פּוילישער פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונג פון אומגעפער הונדערט מאַן, זיי זענען באַוואָפנט מיט די נייסטע מאַשין־ביקסן, אַלע געקליידט אין מיליטערישע אוניפאָרמען, מיט די אָדלערס אויף די היטלען. ס׳האָט געגעבן עפּעס אַ ריס ביים האַרצן נישט בלויז ביי יאַדוויגען. די פּוילישע יידן האָבן זיי דערמאָנט די היים, און וועמען פון זייערע נאָענטסטע, וועלכן מען האָט אַ מאָל געזען אין אַזאַ מונדיר, און די טרערן האָבן אַליין געשפּאַרט פון די אויגן. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס איז געווען אַן אָפּטיילונג פון א. ק., די מיליטערישע פאָרמאַציע, וואָס האָט באַקומען אירע דירעקטיוון פון דער צייטווייליקער פּוילישער רעגירונג, וואָס האָט זיך געפונען אין לאָנדאָן.

די א. ק., זייענדיק ביי זיי אַזאַ כוח, האָט די אָפּטיילונג, נאָך לענגערע

פאַרהאַנדלונגען מסכּים געווען, אונטער דער אָנפירונג פון גריכאַנאָוון, אַנטייל צו נעמען אין דער דאָזיקער אָפּעראַציע.

דעם ווייטערדיקן וועג האָט מען שוין מאַרשירט צוזאַמען. אַ סך פּאַרטיזאַנער האָבן געהאַט פערד און יעדעס מאָל זיך געטוישט מיט די שוואַכערע פוסגייערס. עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך דערלויבט אַרויפצודראַפּען זיך אויף אַ וואָגן ביי אַ טרוקענעם וועג־אָפּשניט און אַזוי זיך גערוקט אַלץ נענטער צום ציל.

אין אַ וואַלד, נישט ווייט פון איוויעניעץ, האָבן זיי איבערגרופּירט די כּוחות. צעטיילט אין עטלעכע קאָמפּאַניעס, האָט מען גענומען פאַרגיין די שטאָט פון עטלעכע זייטן. איין אָפּשניט איז אויך צוגעטיילט געוואָרן דער פּוילישער אָפּטיי־לונג פון א. ק.

פאַר טאָג איז מען צוגעטראָטן צו שטורעמען די היטלעריסטישע נעסט. מ'האָט איבערגעשניטן די טעלעפאָן־פאַרבינדונג און זיך גענומען דערנענטערן צו אַ גרויסער מויער, ווו עס האָט זיך געפונען דער מיליטערישער גאַרניזאָן. דער איבעררעשנדיקער קלאַפּ איז געווען דעצידירנדיק.

ס'איז שווער צו קעמפן אין נאַכט־וועש, אָן אַ געהעריקער אָרגאַניזאַציע, קעגן אַ שׂונא, וואָס איז צוגעגרייט, וואַך און אָפּערירט אין קאַמף מיט אַן אומאונטער־בראָכענעם פייער פון אַלע מינים געווער. לאַנג האָבן זיך אייניקע פאַרטיידיקט, אָבער דער גרעסטער טייל האָט גלייך ביים אָנהייב גענומען אַנטלויפן. דאָס האָט געווירקט דעפּרעסיוו אַפילו אויף די פאַרביסענע און זיי געצוווּנגען זיך אונטער־צוגעבן.

דעם טאָג זענען די פּאַרטיזאַנער געווען די הערשערס אין שטאָט. זיי האָבן אַרויסגעפירט אַ גרויס מלחמה־רויב, ווי: געווער, אַמוניציע, מונדירן, פּראָוויאַנט, בהמות און געפאַנגענע, פון וועלכע מען האָט געקאָנט כאַפּן אַ „צונג״...

מיט דער אָפּטיילונג פון א. ק. האָט מען זיך פריינדלעך געזעגנט און אויך שפּעטער אָנגעהויבן איינע די אַנדערע באַזוכן. ווי געוויינלעך איז מען נישט באַגאַנגען זיך אָן דעם „ביטערן טראָפּן״, ביי וועלכן ס'האָט אויך אַנטייל גענומען אונדזער שוין באַקאַנטער דאָקטער.

ווי איבעררעשט זענען זיי געוואָרן, ווען אַזוי זיצנדיק ביי די שיסלען מיט די זופּ, קומען צו לויפן די מעלדערס מיט אַ ידיעה, אַז דייטשע אָפּטיילונגען דערנענטערן זיך צו דער פּושטשע און אין דער שפּיץ גייען פּאַרטיזאַנער פון א. ק., וואָס האָבן צוזאַמען מיט אונדז געקעמפט אין איוויעניעץ.

אַלץ איז גלייך געשטעלט געוואָר אַלאַרם־גרייט. גלייכצייטיק איז אַרויסגע־

שיקט געוואָרן אַ גרופּע, אויף אַ כּלומרשטן באַזוך צו די „פריינד" מיט אַן איינ־לאַדונג צו די פּאַרטיזאַנער.

דער אָנגריף איז נישט געווען קיין איבערראַשונג. מען האָט פאַרנומען פּאָזיציעס און געוואַרט אויפן אָנקומען פון די דייטשן, אַריינלאָזנדיק זיי טיף אין וואַלד. די קאָנטראַטאַקע איז געווען אַ געוואַלדיקע און דער שׂונא איז גאַנצלעך צעשמעטערט געוואָרן. דאָס וויכטיקסטע — ס'איז געלונגען צו פאַנגען עטלעכע פון די פּוילישע פאַשיסטן, און באַזונדערס, פון דער אָנפירונג.

גריבאַנאָוו האָט גלייך געגעבן אַ באַפעל זיי צו נעמען אויף אַן אויספאָרשונג, דערנאָך זענען זיי מיט דעם ערשטן עראָפּלאַן אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין מאָסקווע צו ווייטערדיקער אויספאָרשונג.

דער טרויעריקער פאַקט האָט געעפנט די אויגן בײַ אַ סך פּראָסטע זעלנער, פון דער פּוילישער פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונג און זיי האָבן באַשלאָסן אַריבערצוגיין אין די רייען פון גריבאַנאָווס פּאַרטיזאַנער ווו זיי זענען שוין געבליבן ביז צום סוף פון דער מלחמה.

ווייזט אויס, אַז דער דאָקטער ניקאָלאַיעוו האָט געוווּסט פון דעם געפּלאַנטן איבערפאַל. אויסנוצנדיק דעם גאַנצן אַלאַרם, האָט ער געגעבן אַ באַפעל צו דערשיסן אַלע קראַנקע פון דער איזאָלירטער אָפּטיילונג. ער האָט דאָס שפּעטער באַגרינדעט מיט דעם, וואָס ער האָט נישט געוואָלט זיי זאָלן אַריינפאַלן אין די הענט פון שׂונא, און אויך מיט דעם מאַנגל אין ספּעציעלע מעדיקאַמענטן זיי צו היילן און בײַ אַן עווענטועלער עוואַקואַציע וואָלט זיך די קרענק פאַרשפּרייט אויך אויף די איבעריקע פּאַרטיזאַנער.

די היטלעריסטישע מעטאָדע פון „היילן" האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג בײַ אַלע פּאַרטיזאַנער. ערשט איצט איז דער באַנדיט גענומען געוואָרן אונטער אַ ספּעציעלער אָבסערוואַציע, און נישט לאַנג האָט מען געדאַרפט וואַרטן אויף אַ רעזולטאַט. זייענדיק אין אַ קאָמפּאַניע, שוין נאָך עטלעכע כּוסות, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, וואָס איז אויפגעכאַפּט געוואָרן פון אַ געהעריקן מענטשן. נאָך אַ גענויער אויספאָרשונג איז מען געקומען אויף די שפּורן פון זיינעם אַ קאָנטאַקט מיט די דייטשן.

אויפן באַפעל פון דער אָנפירונג איז ער אַרעסטירט געוואָרן. ערשט איצט האָבן אַ סך גאַנץ אָפן גענומען וועגן אים רעדן און בינדן פאַרשידענע פאַקטן. צום באַדויערן איז די אויספאָרשונג נאָך נישט געווען פאַרענדיקט, כּדי דעם אורטייל אויסצופירן אין די אויגן פון אַלע פּאַרטיזאַנער. אין דער זעלבער צייט ווערן זיי ווידער אַטאַקירט פון גרויסע מיליטערישע כּוחות, וועלכע נעמען זיי אין אַ האַלבן רינג. עס קומט זיי אויך צו הילף אַ פלי־עסקאַדרע.

אויסנוצנדיק די אויפגעצוווּנגענע באַוועגונג פון דער בריגאַדע, האָט דער אויסוווּרף אויפן וועג געפּרוּווט אַנטלויפן. די קוילן פון די שומרים זענען אָבער געווען שנעלער פון אים, און אַ סוף געמאַכט צו זיין פאַררעטעריש לעבן.

# טוביה ביעלסקי און זיינע ברידער

אין דער ריי פון העלדישע ייִדישע פּאַרטיזאַנישע פירערס אויף דעם געביט פון ווייסרוסלאַנד, באַגעגענען מיר אַזעלכע ייִדן ווי: מישאַ גילדנמאַן, באַקאַנט אַלס „דיאַדיאַ מישאַ" — וועמען דער מאַרשאַל וואָראָשילאָוו האָט פאַרגעלייגט, נאָכן באַפרייען דאָס געביט, ווו ס'איז געווען זיין פּאַרטיזאַנישע טעטיקייט, צו פאַרבלייבן אַלס אינזשעניער אין הינטערלאַנד, און ימשאַ גילדנמאַן האָט געענטפערט: „מיין לעצטן וועקסל וועל איך אויפמאַנען ביי היטלערן אין בערלין"... און ער שליסט זיך אָן אין דער אַרמיי, כּדי ווייטער צו קעמפן ביז דער ענדגילטיקער וויסטער מפּלה פון די ברוינע היטלער־רוצחים.

דער אינזשעניער מישאַ גילדנמאַן מיט זיין זון שׂמחה, פּסעוודאָנים „לאַנעק", פאַרלאָזן מיט נאָך ניין ייִדן דאָס קאָרעצער געטאָ (וואָלין) דעם 25סטן סעפּטעמבער 1942 און גרינדן די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג, די אַזוי־גערופענע „יעוו־גרופּע" מיטן אָנטייל פון ד״ר יחיאל אַטלאַס — קאָמאַנדיר פון דער ייִדישער אָפּטיילונג (ראָטע) אין ביעלסקיס אָטריאַד (געפאַלן העלדיש אין קאַמף אין נאָוועמבער 1942), הערש סמאָליאַר, פּסעוודאָנים „סטאָליאַרעוויטש — קאָמיסאַר פון פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד „סערגיי לאַזאָ", וו. קראַווטשינסקי — קאָמאַנדיר פון דער דיווערסאַנטן־גרופּע אין אָטריאַד פון „מאַרשאַל בויאָננו", מאַיאָר יעקב מיקאַנאָווסקי, פּסעוודאָנים „יאַשאַ" — קאָמאַנדיר פונעם אָטריאַד אין דער פּאַריטזאַנישער פאַראייניקונג פון גענעראַל טשערנישאָוו „פּלאַטאָן", דער פּאַראַשוטיסט פּאָלקאָווניק ראָבערט סאַטאַנאָווסקי — פירער פון דער בריגאַדע „נאָך איז פּוילן נישט פאַרלוירן", און נאָך אַ סך אַנדערע פּאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַטאָרן און קעמפערס, וועלכע מיר וואָלטן געקאָנט דאָ אויסרעכענען, האָבן זיך אַרויסגערוקט אין דער ערשטער ריי, מיט זייער גרויסן מענטשלעכן געפיל און האַרץ און אויך גרויסן אַחריות פאַר די אומגליקלעכע מענטשן, וועלכע זענען נישט געווען פעיִק צום קאַמף, פאַר די וואָס האָבן זיך גרופּירט אין די אַזוי גערופענע „פאַמיליען־לאַגערן" — די פּאַרטיזאַנישע פירערס: שלום זאָרין — קאָמאַנדיר פון אָטריאַד נומער „106" און טוביה ביעלסקי — קאָמאַנדיר פון גרויסן ייִדישן אָטריאַד אויפן נאָמען פון „קאַלינין" אין דער נאַליבאָקער פּושטשע.

טוביה שטאַמט פון דאָרף סטאַנקאָוויטש ביי נאָוואָגרודעק, געבוירן ביי עלטערן ישובניקעס, מילנערס. דערצויגן אויפן שויס פון דער נאַטור, איז ער אויסגעוואַקסן צו אַ שטאַרקן, קרעפטיקן מאַן, וועלכער האָט יעדן ממש זיך געוואָרפן אין די אויגן.



דער פּאַרטיזאַן עשהעל ביעלסקי

ער קומט צו די פּאַרטיזאַנער אין דער נאַליבאָקער פּושטשע צוזאַמען מיט זיינע ברידער זוסיע און עשהאל ביעלסקי, וועלכע שפּילן אויך שפּעטער אַ זייער וויכטיקע ראָל אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג.

זוסיע ביעלסקי איז קאָמאַנדיר פון דער רייטער־אויסשפּיר־דינסט און פאַר־טרעטער פון קאָמאַנדיר פון יידישן אָטריאַד „אָרדזשאָניקידזע".

עשהאל ביעלסקי איז דער פאַרטרעטער פון זיין ברודער טוביה, אָטריאַד־קאָמאַנדיר „קאַלינין". דער העלדישער בחור צייכנט זיך אויס אין אַ סך שלאַכטן און פאַר זיינע פעיִקייטן ביי דער אויסשפּיר־אַרבעט האָט ער אַ לענגערע צייט אויסגעפירט די פונקציע פון קאָמאַנדיר פון רייטער־אויסשפּיר־דינסט ביי דער קיראָווער בריגאַדע.

עשהאל ביעלסקי האָט דעם זיג איבער די היטלעריסטן נישט דערלעבט — ער איז שפּעטער, אַלס זעלנער פון דער רויטער אַרמיי, געפאַלן בעת די שלאַכטן פאַר קעניגסבערג.

כּבוד זיין ליכטיקן אָנדענק!

*

יידן האָבן מיט גרויס רעספּעקט, צוטרוי און גלויבן געקוקט אויף די דריי ברידער, ווי אויף זייערע רעטערס — און געבענטש די מאַמע, וואָס האָט געבוירן אַזעלכע זין.

טוביה נעמט אויף זיך אַ גרויסע לאַסט פון אויפנעמען אין זיינע רייען נישט קאַמפּס־פעיִקע מענטשן און שאַפט דעם „פאַמיליע־לאַגער", וואָס דערגרייכט די צאָל פון העכער טויזנט מענטשן — קראַנקע און פרויען, זקנים און קינדער, וועלכע ער האָט געשיצט און דערנערט און דערלעבט די באַפרייונג.

טוביה פלעגט זאָגן: „כּדי צו ראַטעווען איין אַלטן ייִדן, לוינט צו ריזיקירן מיטן לעבן..."

דער קעמפערישער אָטריאַד פון טוביה ביעלסקי איז געווען די שטראָפנדיקע האַנט, וועלכע האָט נישט דערלויבט, אַז יידיש בלוט זאָל זיין הפקר. זיי האָבן אַנגעוואָרפן אַ שרעק אין נאָוואָגרודקער קרייז מיט זייערע נקמה־אַקטן קעגן פּאָלי־ציי און פויערים — דייטשע אַגענטן און צוטראָגערס (מוסרים).

זיין באַזע איז געווען די נאַליבאָקער פּושטשע. דאָרט איז אויך געווען די באַזע פון די פאַרטיזאַנער פון שלום זאָרין. אַהער זענען געקומען יידן אַנטלאָפענע פון די געטאָס אין לידע, נאָוואָגרודעק, קאָרעליטש און אַנדערע. דאַקעגן צו זאָרינען אין אָטריאַד נומער „106" זענען מערסטנס געקומען יידן פון מינסק און געטאָס פון ווייסרוסלאַנד.

דאָ אין דער נאַליבאָקער פּושטשע ביי ביעלסקין, איז געווען אַ גאַנצע שטאָט, וועלכע מען האָט גערופן „ירושלים", אָדער „ביעלסק"... מיט דער צייט איז דאָ אָרגאַניזירט געוואָרן אַ סטאָליער־וואַרשטאַט, אַ קוזניע פאַר שמידעריי־אַרבעטן, אַ זייגערמאַכעריי, היטלמאַכעריי, אַ שניידער־ און רימער־וואַרשטאַט, אַ זייף־פאַבריק, אַ בעקעריי — פריִער האָט מען געבאַקן ביי די פּויערים — אַ שעכטהויז און וורשט־פאַבריק, און דאָס סאַמע וויכטיקסטע — אַ שפּיטאָל און אַ באָד.

דער באַפעלמעכטיקטער פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג אין דער נאַליבאָקער פּושטשע — גענעראַל־מאַיאָר פּלאַטאָן — איז בעת אַ באַזוך אין די וואַרשטאַטן פון ביעלסקיס אָטריאַד, ממש געווען פאַרגאַפּט פון די לייסטונגען פון די יידישע בעלי־מלאָכות פאַר די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען.

שווערע טעג האָבן די יידישע פּאַרטיזאַנער פון ביעלסקין איבערגעלעבט אין אויגוסט 1943, בעת דער גרויסער בלאָקאַדע. אָבער נישט געקוקט אויף אַלץ איז טוביהן געלונגען זיי אַרויסצופירן פון דער געפאַר און ברענגען צו דעם אַזוי גערופענעם „רויטן בערגל", וואָס האָט זיך געפונען אין מיטן פון גרויסע זומפּן, וואָס ציִען זיך העכער צוועלף קילאָמעטער די לענג, כדי צו קאָנען שפּעטער ווייטער פאָרזעצן דעם קאַמף קעגן די ברוינע קאַניבאַלן.

# מיין זון יאָלקע (טענענבוים)

## לויט דער דערציילונג פון פּאַרטיזאַנער הענריק איילענבערג

דער מירער שלאָס, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געטאָ פאַר ייִדן, האָט איילענבערג פאַרלאָזט צוזאַמען מיט אַנדערע ריזיקאַנטן אין אויגוסט 1942. עס איז נישט געווען לענגער איבער וואָס צו דעבאַטירן — אויפברעכן די מויער און פאַרפאָלגט דורך אַ פּאָליציייִשע קויל, געפינען דעם טויט אויפן אָרט, אָדער בלייבן אין געטאָ און פון טאָג צו טאָג קוקן דעם טויט אין די אויגן... זיי האָבן אויסגעוויילט דאָס ערשטע — האָבנדיק דערביי אַן אויסזיכט צו קומען אין וואַלד, צו די פּאַרטיזאַנער און שפּעטער קאָנען נעמען נקמה...

דער אויסברוך איז געלונגען. דאָס געטאָ האָבן זיי שוין הינטער זיך. דאָס ערגסטע איז שוין פאַרביי. די נעכטיקע מענטשן מיט דער געלער לאַטע אויף זייער ברוסט זענען ווידער האָפערדיק, פול מיט מוט און גלויבן אין אַ מעגלעכ־קייט זיך צו באַגעגענען אין קאַמף, מיט געווער אין האַנט, קעגן די, וועלכע האָבן גערויבט זייער פרייד, צעשטערט זייער היים און געפּרוּווט דערנידעריקן זייער מענטשלעכע ווירדע. אין זיין זייט שפּאַנט זיין לעבנס־באַגלייטערין, דער איינציק־געבליבענער אים נאָענטסטער מענטש, מיט וועמען ער האָט זיך באַקענט אין מיר — געניע בלאַכער... אָבער זי איז טרויעריק — דאָרט, הינטער דער געטאָ־מויער האָט זי איבערגעלאָזט די גאַנצע משפחה, מענטשן, וועלכע האָבן נישט געהאַט דעם מוט און גלויבן אין דער ריכטיקייט פון אַזאַ אונטערנעמונג... מיט זיי האָט זיך געניע אויף אייביק געזעגנט...

זיי שניידן איבער דעם טייך ניעמען. אין דער שפּיץ גייט שלמה כּאַרכאַז, ווי אַ מאָל משה־רבינו, וועלכער האָט געפירט די ייִדן איבערן רויטן ים־סוף, בלויז יעדער פון זיי ווייסט, אַז עס דערוואַרט אים נישט קיין מן פון הימל, נאָר ווער ווייסט וויפל לאַנגע הונגעריקע טעג. אַלע גייען זיכער פאַרויס איבער דעם וואַסער, ווי איבער אַ געפלאַסטערטער בריק. פון ביידע זייטן טוען זיך שוימען, הייבן און פאַלן די כוואַליעס פון דעם רוישנדיקן וואַסער, וואָס באַגיסט די מחנה געראַטעוועטע ייִדן.

דער ווינט האָט געטריקנט די נאַסע קליידער אין מאַרש, אויפן וועג צו די בערשטיינער וועלדער, ווו זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט אַ אַרטיזאַנער־אָפּטיילונג פון עטלעכע הונדערט מענטשן, אונטער דער אָנפירונג פון דעם מוטיקן דרייסיק־

יאַריקן בחור קעסלער און זיין שטאַב־שעף, דער העלדישער פּאַרטיזאַנער, אַן אָפּשטאַמיקער פון לידע — גאַרדאָן.

די אָפּטיילונג האָט זיך רעקרוטירט מערסטנס פון יידן פון דער לידער געגנט. אַ סך פון זיי האָט אַפילו נישט איבערגעטראָטן די שוועל פון קיין געטאָ און זייער ברוסט האָבן די ברוינע מענטשן־פרעסערס נישט געשטעמפּלט מיט דער געלער שאַנדלאַטע. אַ גרויסער טייל איז שוין אויך געווען באַוואָפנט און שוין אויך געהאַט הינטער זיך צוזאַמענשטויסן מיטן שונא.

זיי האָבן דאָ געטראָפן די ריכטיקע סביבה, אַ מחנה נקמה־נעמערס, וועלכע האָבן פון דער ערשטער מינוט אָן זיך נישט געוואָלט שטעלן אויף די קני פאַר דער היטלעריסטישער בעסטיע; אַ מחנה שטאָלצע יידן, וועלכע האָבן אויסגע־ווײלט דעם וואַלד און קאַמף. זיי האָבן באַשלאָסן צו זיי זיך אָנצושליסן...

אין דער צייט קומען נאָך אָן פון דעם פראָנט אַלץ טרויעריקע ידיעות: — די דייטשע חילות מאַרשירן כסדר פאָרויס אויף אַלע פראָנטן. זיי זענען שוין דערגאַנגען צום קאַווקאַז. עס קומען פאַר קאַמפן ביי סטאַלינגראַד. די קאָנטר־אָפענסיווע פון דער סאָוויעטישער אַרמיי הינטער רזשעוו האָט זיך צוזאַמענגע־בראָכן. דער געשאַפענער מיטאָס וועגן דער אומבאַזיגבאַרקייט פון דער היטלעריס־טישער אַרמיי הייבט אָן ווערן אַווירקלעכקייט. דער קאַמפס־ווילן ביי די פאַר־טיזאַנער איז אָבער נישט געמינערט געוואָרן. דער דראַנג צו נקמה איז געוואַלדיק. — „בעסער פאַלן דאָ אין קאַמף, איידער צו זיין אַ שקלאַף אין געטאָ און אַרבעטן פאַרן דייטשן אָקופּאַנט"... — די דאָזיקע ווערטער זענען איבערגעחזרט געוואָרן פון צענדליקער און צענדליקער פּאַרטיזאַנער.

דער לעבנס־ווילן איז טראָץ אַלעם שטאַרק און דעם זיג האָבן זיי פאַרבונדן מיטן פאָרויסמאַרש פון דער סאָוויעטישער אַרמיי. עס איז דעריבער בכלל נישט קיין וווּנדער, וואָס די שטימונג נאָך אַזעלכע ראַדיאָ־רעדעס איז נישט געווען קיין געהויבענע. נאָר ענדלעך איז געקומען דער לאַנג־דערוואַרטער מאָמענט פון 22סטן נאָוועמבער 1942 — דער מאָסקווער ראַדיאָ גיט איבער אַ שמחת־תורהדיקע נייעס: „די אַרמיי פון גענעראַל פאַולוס איז אַרומגערינגלט"... די פרייד איז נישט צו באַשרייבן, מענטשן טאַנצן, וויינען, מען וואַרפט זיך אין די אָרעמס — זיי זעען בחוש דעם אָנהייב פונעם סוף צו דער וויסטער היטלעריסטישער ממשלה.

די דענערווירונג פון די דייטשן צוליב דעם דאָזיקן פאַקט איז גרויס. זיי טוען דעם צאָרן אויסלאָזן צו דער ציווילער באַפעלקערונג און שוין איבערהויפּט צו די פאַרטיזאַנער. אָנהייב דעצעמבער ווערן זיי שרעקלעך באָמבאַרדירט פון דער דייטשער אַוויאַציע, וואָס צווינגט זיי צו פאַרלאָזן די ביז איצטיקע באַזע און ציען טיפער אין דער נאַליבאָקער פּושטשע.

עס דויערט נישט לאַנג און זיי שליסן זיך אָן אין דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג פון טוביה ביעלסקי. דער אַטריאַד ציילט איצט צוזאַמען העכער טויזנט מענטשן. אין זיין אָנפירונג איז אַריין: טוביה ביעלסקי אַלס קאָמאַנדיר, דער רוסישער פּאָלקאָווניק סמאַטאָוויעט אַלס קאָמיסאַר, דער שעף פונעם שטאַב — אַ יידישער בחור פון נאָוואָגרודעק, פּסעוודאָנים „מאַלווין", דער ביז איצטיקער קאָמאַנדיר קעסלער און דער חבר אַבראַמאָוויטש. דער אַטריאַד טראָגט איצט דעם נאָמען „קאַלינין" און אונטערליגט דעם באַפעלמעכטיקטן פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג אין דער נאַליבאָקער פּושטשע — גענעראַל־מאַיאָר פּלאַטאָן.

זיי דערפילן איצט זייער גרויסן כּוח, מיט וועלכן זיי טוען אָרויסטרעטן קעגן זייערע באַצווינגערס. טאָג־איין טאָג־אויס גייען אָפּטיילונגען אויף פאַרשידענע סאַבאָטאַזש־ און דיווערסיע־אַרבעטן. מיט געווער אין האַנט גייען יידישע יינגלעך און מיידלעך נעמען נקמה פאַר דעם אומשולדיק־פאַרגאָסענעם בלוט פון זייערע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, פריינד און באַקאַנטע. — אויך זיין פרוי, געניע, שטייט נישט אָפּ אין דעם הייליקן פאַרמעסט.

עס דערנענטערט זיך דער האַרבסט פון 1943. ביי יעדן איינעם זענען נאָך פריש אין זכּרון די קרבּנות פון דער גרויסער בלאָקאַדע פון דער נאַליבאָקער פּושטשע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן דעם 15טן יולי דורך גרויסע אָפּטיילונגען פון עס.עס און וולאַסאָווצעס. עס שטייט נאָך פאַר די אויגן דער 16־יאָריקער שווער־פאַרוווּנדעטער מירער בחור — ניאָמע, וועלכן מען האָט ביי נאַכט געפונען אין אַ האָפענונגסלאָזן צושטאַנד צווישן די קוסטעס. נאָר די געשעענישן אויף די שלאַכט־פעלדער קייקלען זיך מיט שנעלטריט פאָרויס. די דייטשן ליידן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער און די פּאַריטזאַנער קאָנען אין אַ גרויסער מאָס זייער וויסטן בראָך צואיילן.

די אָפּטיילונגען זענען רעאָרגאַניזירט געוואָרן און טראָגן זייערע גרויסע פאַרלוסטן גייען ווידער פּאַרטיזאַנער אויף פאַרשידענע אַקציעס — בלויז איין פרוי קאָן זיך מער אין זיי נישט באַטייליקן.

עס איז אַ טריבער סעפּטעמבער־אָוונט. פּאַרטיזאַנישע גרופּעס ציִען אין פאַרשידענע ריכטונגען, אויף פאַרשידענע אויפגאַבעס. אויך איילענבערג שטייט אין דער ריי מיט נאָך זיבן מאַן, גרייט צום אַרויסמאַרש. ווי דער שטייגער איז, קומען אַ סך זיך געזעגענען, צווישן זיי שטייט אויך זיין פרוי. זי איז טרויעריק, נאָך ווי קיין מאָל נישט.

— זיי געזונט! — האָט איילענבערג געזאָגט מיט אַ שמייכל, ווי ער וואָלט וועלן זי אַ ביסל אויפמונטערן.

— גייט געזונטערהייט און קומט געזונט צוריק, העניעק — האָט זי צוגעגעבן

מיט טרערן אין די אויגן. — פאַרגעס נישט, אַז דו געזעגנסט שוין נישט בלויז מיך אַליין...

דער וועג האָט געפירט צו דער געגנט פון סטאָלפּצע, אַ מהלך אומגעפער פון זעכציק קילאָמעטער פון דער באַזע. זייער אויפגאַבע איז געווען — צעשטערן די טעלעפאָן־פאַרבינדונג אויפן דאָרטיקן געביט.

אָנגעטאָן ווי האָלץ־אַרבעטער, די אויטאָמאַטן פאַרשטעקט אונטער די מאַנט־לען, וואַנדערן זיי דורך ישובים און דערפער שוין עטלעכע טעג. זיי מאַרשירן מערסטנס ביי נאַכט. זעלטן ווען טוען זיי זיך פאַרהאַלטן אין וועלכער ס'איז כאַטקע, כּדי עפּעס געקעכטס איבערצוכאַפּן — זיי ווילן זיך נישט פאַרראַטן.

איילענבערגס געדאַנקען זענען די גאַנצע צייט אין זיין „פאַריזאַנישער היים" און נאָך ווי קיין מאָל איז אין געדאַנק פּלוצעם אַרויסגעשווומען די שרעק פון טויט. עס קלינגען אין די אויערן די ווערטער פון זיין פרוי: „פאַרגעס נישט, אַז דו געזעגנסט שוין נישט בלויז מיך אַליין..." — אַזוי שטאַרק האָט זיך דעמאָלט געוואָלט לעבן. זיך צוריקקערן און זען זיין ערשט־געבוירן קינד...

דעם פינפטן טאָג זענען זיי געקומען צום באַשטימטן ציל און זיך גענומען צו דער אַרבעט. די טעלעפאָן־סלופּעס זענען געפאַלן ווי די זאַנגען אונטער דעם סערפּ פונעם שניטער. דער דזין... דזין... פון די געריסענע דראָטן האָט געקלונגען ווי אַ האַרציקע מוזיק. אין משך פון צוויי נעכט האָבן זיי אויף פאַרשידענע פונקטן אונטערגעשניטן עטלעכע צענדליק טעלעפאָן־סלופּעס. ערשט דעם אַכטן טאָג זייענדיק אונטערוועגס, האָבן זיי גענומען זיך אומקערן צו דער באַזע.

מיט שנעלע טריט האָבן זיי מאַרשירט. צופרידן וואָס קיינער האָט נישט געשטערט, האָבן חברים זיך גענומען וויצלען, שטיפן, נישט וויסנדיק, אַז דער גורל פירט נאָך אַ פאַרביסענעם קאַמף מיטן מלאך־המוות וועגן זייער לעבן...

אין מיטן וועג ווערן זיי פּלוצעם אָנגעגריפן פון אַ גרויסער אָפּטיילונג קאַוואַ־לעריסטן. זיי פאַרנעמען שנעל פּאָזיציעס אויפן ראַנד פונעם וואַלד, כּדי כאָטש אַ ביסל בלוט צו קאָנען אָפּלאָזן דעם שונא פאַר זייער לעבן. די לאַגע איז אָבער אויסזיכטלאָז. די רייטערס קומען אַלץ נענטער און נענטער. זיי פאַרלאַנגען מען זאָל זיך אונטערגעבן. ווי איבערראַשט זענען זיי אָבער געוואָרן, דערהערנדיק מיט אַ מאָל די פּוילישע שפּראַך און דערזען דעם פּוילישן אָדלער אויף די היטלען.

— דאָס זענען באַשטימט פּוילישע פאַשיסטן — האָט זיך אָנגערופן איינער פון די יאַטן.

די צייט איילט אָבער און עס זענען נישט פאַראַן קיין מעגלעכקייטן אויף דינגעניש. איילענבערג באַשליסט צו גיין אַלס פאַרלאַמענטאַריער.

— שטעלט אויף אַלע אייערע ביקסן אויף מיר... — האָט ער ווי באַפוילן און זיך געלאָזט איבערן וועג צו די קאַוואַלעריסטן.

— ווער ביסטו ? — האָט ער דערהערט אַ פּויזנער אַקצענט פון זייער פירער — און וואָס טוט איר דאָ אין וואַלד ?...

— איך בין פון דיין געגנט — האָט איילענבערג אויך געענטפערט אויף „דו", נישט האָבנדיק וואָס צו פאַרלירן — און ווי דו אַ פּוילישער זעלנער.

מיט זיין שייגעצוואַטע פנים האָט ער זיך געקאָנט דערלויבן אויף אַזאַ ענטפער... צווישן זיי האָט זיך תיכּף פאַרבונדן אַ פריינדלעכער שמועס.

— מיר האָבן געמיינט, אַז איר זענט באַלשעוויקעס, און דאָ טרעף איך גאָר אַ לאַנדסמאַן (קראַיאַן) פון טשעכאָטשינעק... — האָט ער צוגעגעבן ביים געזעגענען זיך און זיך הילכיק צעלאַכט.

ער האָט אויסגעדרייט זיין פערד און די באַנדע נאָך אים האָבן זיך גענומען זייער וועג.

דער צוריקקער צו דער באַזע איז געווען אַ טאָפּלט־פריידיקער. חברים זענען אַנטקעגנגעלאָפן און איבערגעגעבן די נייעס : „העניעק, דיין געניע האָט מיט מזל געבוירן אַ זון הינטער דער יאַלקע".

דאָס איז געווען דער 9טער סעפּטעמבער 1943. דער קאָמיסאַר סמאַטאָוויעט האָט גלייך געגעבן אַ באַפעל פאַר אים אויפצונייען אַ העמדל פון דעם זייד פון די פאַלשירעמס, זיין פרוי ווערט אַרויסגעצויגן פונעם קעמפערישן אָטריאַד, באַקומט אויך מיטאָגן פון שטאַב. דער זון, ווייל ער איז געבוירן הינטער אַ טענענבוים, באַקומט דעם נאָמען יאַלקע.

# זייער טרוים איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן

ס׳איז פאַראַן אַן אַלט שפּריכוואָרט: „דער מענטש איז אַ געוווינהייטס חיה״. אמת, אַז ס׳איז נייטיק, קאָן מען זיך צופּאַסן צו אַלע באַדינגונגען, איבערהויפּט ווען דער מענטש איז באַדראָט אָפּגעמעקט צו ווערן פון דעם ערד־פּלאַנעט, איז ער גרייט זיך צו פאַרשטעקן אַפילו הינטער די הרי־חושך. לײַדער איז דער דראַנג צום לעבן זייער שטאַרק. דאָס איז דאָס אור־אַלטע רעכט אויף דער וועלט, דאָס נישט־געשריבענע, נאָר רײַן־נאַטירלעכע רעכט. דאָס איז געווען טאַקע די סיבה, וואָס ייִדן האָבן זיך פאַרשטעקט אין בונקערס, אין קעלערס, אַוועקגעגעבן דאָס לעצטע וואָס זיי האָבן נאָר געהאַט, געלעבט אין די שווערסטע וואַלד־באַדינגונגען, וועלכע נישט איינער אין נאָרמאַלע באַדינגונגען וואָלט זיך דאָס אַפילו נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז ער וועט דאָס אויסהאַלטן.

עס איז אויך כדאי אונטערצושטרייכן, אַז די ייִדישע יוגנט, וועלכע האָט געקראָגן אַ היפּער־פּאַציפיסטישע דערציִונג אויף דער תורה, וועלכע האָט גע־לערנט, אַז דעם מענטשנס לעבן איז אַ הייליקטום — „ואת הדם לא תאכלו, כי הדם הוא הנפש״. דאָס שטענדיקע פלעגן די אידעלע געפילן, ווי למשל: „ווילסט אַרויסנעמען אַ טייבעלע פון נעסט, שיק פריִער אַרויס די מוטער״, אָדער „בהרמת יד נקרא רשע״ און נאָך דערצו ווען מען לאָזט זי אַראָפּ ?!... „זיי שטילער פון וואַסער און נידעריקער פון גראָז״... און נאָך און נאָך אַ סך אַנדערע שפּרוכן און ציטאַטן. מען האָט אָפּגעטויט יעדעס געפיל פון קאַמף און נקמה... אָט די יוגנט איז, אין די פּאַרטיזאַנישע באַדינגונגען, געווען נישט צום דערקענען. זייער מוט, קאַמפס־גייסט, דאָס געפיל פון נקמה איז געוואַלדיק, און שוין ביז גאָר — דער ביטול צום טויט.

— איך דערמאָן זיך אַזאַ געשעעניש — דערציילט איילענבערג — דאָס איז שוין געווען פעברואַר 1944. אונטער דער אָנפירונג פונעם שטאַב־מיטגליד אַבראַ־מאָוויטש גייען מיר, אַן אָפּטיילונג פון אַן ערך דריי הונדערט פּאַרטיזאַנער, אויף אַ פּאָליציי־גאַרניזאָן, ספּעציעל געשולטן צו קעמפן מיט פּאַרטיזאַנער. דער דאָזיקער גאַרניזאָן האָט דעמאָלט סטאַציאָנירט אין אַ דאָרף ביי נאָוואָגרודעק.

ווי אונדזערע אויסשפּיר׳ערס האָבן איבערגעגעבן, זענען דאָרט געווען אַן ערך צוויי הונדערט זשאַנדאַרמען און ווייסרוסישע פּאָליציאַנטן. דאָס מאָל זענען מיר געווען אויף פערד און וועגענער, וועלכע מיר האָבן איבערגעלאָזט אונטער אַ קליינער וואַך אין וואַלד, נישט ווייט פון דאָרף, און צו פוס גענומען אַרומרינגלען די פאַשיסטישע נעסט.

אונדזער אָנגריף איז פֿאַר זיי לגמרי נישט געווען קיין איבעראַשונג. זיי האָבן אויף דעם געוואַרט, געהאַט אַ גוט־צוגעגרייטן בונקער און אַרויסגעשטעלט פֿאַרפֿאָסטנס, וואָס האָבן תּיכּף אַלאַרמירט דעם גאַנצן גאַרניזאָן.

עס איז אין מיטן דער נאַכט. די אַרומיקע שטילקייט פֿון דער קאַלטער ווינטער־נאַכט איז פּלוצעם איבערגעריסן געוואָרן פֿון אַ שטעכן פֿון מאַשינגעווער. עס שטייען קעגנאַנאַנדער צוויי שטאַרקע קעגנערס. אונדזערע יאַטן רוקן זיך אַלץ נעענטער צו די דייטשע פּאָזיציעס. די פֿאַרביסנקייט פֿון די ייִדישע ייִנגלעך און מיידלעך האָט נישט קיין גרענעץ. אָנגעטאָן אין די רוסישע פּופּייקעס, באַדעקטע מיט שניי, זעען זיי אויס ווי די ריזיקע בערן, וואָס לויערן אויף זייער פֿאַנג. דער קאַמף דויערט. מיר האָבן שוין אויך קרבנות. די ביקסן און קוילנוואַרפֿערס שפּייען מיט אַ לאַווינע צעגליטן בליי פֿוןביידע זייטן און טראָגט זיך מיט רעש און שטורעם איבער די קעפּ. די ערד און אַלץ וואָס אויף איר טוט זיך ממש טרייסלען פֿון די שרעקלעכע אויפֿרייסן פֿון גראַנאַטן און באָמבעס.

מיט קורצע איבעררייסן האָט די שלאַכט שוין געדויערט דעם צווייטן טאָג. אונדזערע יאַטן שטורעמען דעם בונקער. אַרום טראָגן זיך די קולות און באַפֿעלן, די קרעכצן פֿון פֿאַרוווּנדעטע און גוססנדיקע. אַ יונגן פּאַרטיזאַן איז געלונגען זיך צו דערשלאָגן נאָענט צום בונקער און אַרײַנצושליידערן אַ בינטל גראַנאַטן, ליקווי־דירנדיק די גאַנצע דאָרטיקע מאַשינגעווער־באַדינונג. דעם שונאס פֿײַערנעסט איז מיט אַ מאָל פֿאַרשוויגן געוואָרן. צום גרויסן באַדויערן איז ער אַליין אויך שווער פֿאַרוווּנדעט געוואָרן דערבײַ.

די וואָגשאָל פֿון זיג האָט זיך דייטלעך אַריבערגעבויגן אויף אונדזער זייט. עס איז שוין דער דריטער טאָג. מיר רעכענען שוין פֿון מינוט צו מינוט אויף דער קאַפּיטולאַציע פֿון די פֿאַשיסטן, אָבער אין לעצטן מאָמענט האָבן זיי באַקומען הילף פֿון נאָוואָגרודעק. גרויסע מיליטערישע כּוחות האָבן גענומען אונדז אַטאַקירן פֿון צוויי זייטן. מיר זענען שוין מיד און שטאַרק פֿאַרמאַטערט.

— פֿאַר וואָס ציִען מיר זיך צוריק ?!... ווייטער פֿאָרויס !... — האָט אײן גרויס ווייטיק געשריגן דער יונגער פּאַרטיזאַן, וואָס האָט אויפֿגעריסן דעם בונקער.

מיר אָבער זענען צו שוואַך געווען קעגן אַזאַ כּוח — און צו גרויס אונדזערע פֿאַרלוסטן.

*

אַזוי האָבן געקעמפֿט אונדזערע פּאַרטיזאַנער אויך שפּעטער. פֿאַר יעדן איז געשטאַנען אײן ציל — אַ ווייסטע מפּלה פֿון די ברוינע מערדערס ! „איין טאָג בלויז צו לעבן — פֿלעגט זאָגן גאָרדאָן, פֿון לידע, דער פֿירער פֿונעם שטאַב ביי

קעסלערן נאָך אין די בערענשטיינער וועלדער — אָבער נאָך דעם, ווי איך וועל זען די היטלעריסטן אויף די קני...״

צום ביטערן באַדויערן איז זיין טרוים נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. ער האָט דעם טאָג פון נצחון איבער די טיראַנען פון אונדזער דור, נישט דערלעבט.

דאָס איז שוין געווען אין יוני 1944. זיי האָבן זיך שוין באַגעגנט מיט דער רויטער אַרמיי. דער פאַרטיזאַנער־קאַמף אויף דעם געביט איז שוין געווען פאַר־ענדיקט. עס איז אָבער נאָך געווען אַ באַפעל צו בלייבן אין וואַלד, כּדי צו נעמען געפאַנגענע. עס האָבן מאַרשירט גרויסע קאָלאָנעס דייטשן, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן, פּרוּווּנדיק זיך דורכרייסן דורכן פראָנט.

אויף אַזאַ קאָלאָנע האָט זיך אָנגעשטויסן גאָרדאָן מיט אַ קליינער גרופּע יידישע פאַרטיזאַנער.

אין דעם שוין ממש לעצטן מאָמענט, ווי עס וואָלט זיך געדאַכט די אַזוי געררופענע „פינף מינוט פאַר צוועלף״, דעמאָלט, ווען פאַר פאַרטיזאַנער איז דער קריג געווען אין דער לעצטער פאַזע, אָט דאַן טאַקע פאַלן: דער האַרציקער גאָרדאָן, אַברהם זשוק פון דער שטאָט מיר און נאָך ניין פאַרטיזאַנער.

די פלוצעמדיקע שיסעריי האָט אַלעמען געשטעלט אויף די פיס. עס האָט אָנגעפירט דער גענעראַל „פלאַטאָן״ אַליין מיטן גאַנצן שטאַב. די דייטשע קאָלאָנע איז געוואָרן אַרומגערינגלט און גענומען אין געפאַנגענשאַפט. נאָר דאָס לעבן פון די עלף פאַרטיזאַנער האָט קיינער נישט צוריקגעגעבן.

דער דאָזיקער טראַגישער פאַל האָט יעדן איינעם שרעקלעך פאַרביטערט. — „אין לעצטן מאָמענט״ — האָט מען געהאַלטן אין איין איבערחזרן — „אין לעצטן מאָמענט״...

פון זייער טויט איז איילענבערג געווען שרעקלעך צעבראָכן. ער האָט די מענטשן געקענט, זיי זענען אים געווען אַזוי נאָענט און טייער. ער האָט געזען זייערע פנימער, ער האָט געהערט זייער קול, געזען זייערע אויגן פול מיט האָפענונג און גלויבן אין טאָג פון נצחון. זיי האָבן דעם אויסגעטרוימטן טאָג נישט דערלעבט.

# די ייִדישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון קאָמאַנדיר שלמה כאַרכאַז

דערציילט פון אסתּר שוויערזשינסקאַ־מאַרכווינסקאַ

טרויעריק איז אַ געפּאַנגענעם אַפילו אין אַ גאָלדענער שטייג. אויך דער שלאָס פון מירער גראַף איז געוואָרן דערווידער, ווען ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געטאָ פאַר ייִדן.

אַלטע און פרומע לייט האָבן הכנעדיק געטענהט, אַז „דאָס איז אַ שטראָף פון גאָט, פאַר אונדזערע זינד״, און „מען דאַרף אַלץ אָננעמען פאַר ליב און דער איבערשטער וועט העלפן״. אָבער דער גרעסטער טייל פון דער יוגנט איז געווען ביי אַן אַנדער מיינונג, וואָס האָט נישט איין מאָל דערפירט צו געוואַלדיקע ווידעראַנאַנדן, אַפילו מיט די אייגענע עלטערן.

„אַדישעם ברא את האדם בצלמו״, פלעגט דער חבר שלמה כאַרכאַז געמיטלעך זאָגן די פרומאַקעס, באַשיצנדיק דער אָנשטענדיקער יונגוואַרג. נאָר מעגלעך, אַז אויף זיי קלאָגט אַ ביסל גאָט, ווייל זיי זענען צו אים נישט ענלעך, זיי ווילן נישט גיין אויפן דרך־הישר, נאָר גאָר צו די פּאַרטיזאַנער. איז, מילא, וואָס־זשע קאָן מען טאָן — און אין געהיים האָט ער, צוזאַמען מיט בערל רעזניק, אָרגאַני־זירט אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז גרייט געווען צו פאַרטיידיקן דעם כּבוד און שטאָלץ פון זייער פאָלק.

אַ זייער גליקלעכער פאַל און גינסטיק פאַר דער באַוועגונג איז געווען די צופעליקע באַגעגעניש פון שלמה כאַרכאַזן מיט דעם מיטאַרבעטער פון דער מירער זשאַנדאַרמעריע — „אָסוואַלד״. דער דאָזיקער „אָסוואַלד״ איז געווען אַ ייִדישער בחור מיטן נאָמען רופאייזן, וועמען ס׳איז געלונגען צו באַקומען דייטשע דאָקו־מענטן. אָנגייענדיק אַלס דייטש, און אויך צוליב זיינע שפּראַך־קענטענישן, האָט ער זיך קונציק אַריינגעדרייט אַרבעטן אין דער מירער זשאַנדאַרמעריע. שלמה כאַרכאַז און רופאייזן, פסעוודאָנים „אָסוואַלד״, זענען געווען אַלטע באַקאַנטע, נאָך פון דער חלוצישער באַוועגונג אין ווילנע.

די דאָזיקע באַגעגעניש איז געווען אַ גליקלעכער צונויפפאַל פאַר זיי ביידע, און פאַר צענדליקער און צענדליקער מירער ייִדן, פאַרשפּאַרטע אין געטאָ — אַ דערלייזונג; ס׳האָט זיך פשוט נישט געלייגט אויפן שׂכל אַז דאָס איז מעגלעך, זיי אַליין האָבן אין ערשטן אויגנבליק נישט געגלויבט, אַז דאָס איז ווירקלעך אַן אמת: דער דייטשער זשאַנדאַרם „אָסוואַלד״ און דער אָנפירער פון דער אונטער־

DOWÓD OSOBISTY

Imię, nazwisko Marchwinska Esta

(stopień wojskowy i funkcja) szer

służy w jednostce wojskowej P. P. 13588

w Wydz. Polit. Wych.

Podpis

Podpis

№ (dowódca oddziału)

Odstępowanie swego dowodu osobistego jest karane zgodnie z prawem.

די לעגיטימאַציע פון אסתר מאַרכווינסקאַ

ערדישער באַוועגונג אין מירער געטאָ, שלמה כאַרכאַז, האָבן באַשלאָסן צו אַרבעטן צוזאַמען.

די אָרגאַניזאַציע הייבט זיך אָן פאַרגרעסערן. זיי באַקומען שוין אויך די ערשטע שטיק געווער, וואָס רופאייזן האָט איבערגעגעבן זיין חבר כאַרכאַז. אַ טייל יאַטן באַזאָרגן געווער אויף פאַרשידענע אַנדערע וועגן. אַ קורצע צייט איז פאַרביי און זיי האָבן שוין אייגנס גאַנצע צען ביקסן, עטלעכע רעוואָלווערן, גראַנאַטן און אַמוניציע. זיי דערפילן עפּעס אַ מאָדנעם כּוח און מיט אים קומט צוריק זייער מענטשלעכע ווירדע. ביי איינער אַזאַ באַגעגעניש גיט „אָסוואַלדן" איבער שלמה כאַרכאַז, די טרויעריקע ידיעה, אַז אין דער זשאַנדאַרמעריע איז דאָ אַ פּלאַן צו ליקווידירן דאָס געטאָ.

— מען טאָר לאַנג נישט וואַרטן — האָט צוגעאיילט „אָסוואַלד" — עס מוז עפּעס געטאָן ווערן אַז אַ טייל זאָל פאַרלאָזן דאָס געטאָ און אַרויס אין וואַלד.

צו שוואַך זענען זיי געווען אין פאַרגלייך מיט די כּוחות פונעם שונא, כּדי אָנצוהייבן אַן אָפענעם קאַמף אין געטאָ. דאָס וואָלט געווען בלויז אַ דעמאָנסטראַציע, מיט ווייט קליינע פאַרלוסטן פאַרן שונא און אַ זיכערן טויט פאַר אַלע קעמפערס פון דער אָרגאַניזאַציע. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצורייסן די מויער־קראַטן און דורך דער עפענונג וועלן זיי קאָנען אַרויס אויסערן געטאָ. אַלס וועגווייזער איז באַשטימט געוואָרן דער חבר אַברהם זשוק, וועלכער האָט אין דער געגנט געקענט יעדעס שטעגל און וועגל, ער זאָל אַרויספירן די מענטשן אין די מירער וועלדער, וואָס בינדן זיך מיט דער ענדלאָזער נאַליבאָקער פּושטשע.

דאָס איז געווען אָנהייב אויגוסט 1942. אין מיטן נאַכט זענען דורך דער דאָזיקער עפענונג אַרויס העכער הונדערט פערזאָן. קודם אַ טייל פון דער באַוואָפנטער גרופּע, מיט די חברים בערל רעזניק און אַברהם זשוק בראש און דערנאָך אַלע איבעריקע. דער לעצטער איז אַרויס שלמה כאַרכאַז.

אין דער זעלבער צייט האָט רופאייזן — „אָסוואַלד", כּדי אָפּצוציִען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג, כּלומרשט באַקומען אַ מעלדונג פון אַן אינפאָרמאַטאָר, אַז אין דער געגנט געפינען זיך פּאַרטיזאַנער און ער האָט אַרויסגעפירט אַ גרויסן טייל פון דער זשאַנדאַרמעריע אויף דער אָבלאַווע פון די פּאַרטיזאַנער.

זיי מאַרשירן שנעל פאָרויס. אַברהם זשוק קען גענוי די געגנט, די וועגן און אַלע זייערע אָפּקירצונגען. נאָך אין דער זעלבער נאַכט זענען זיי אַריבער דעם טייך ניעמען און, דערווייל, פון קיינעם נישט פאַרפאָלגט.

דאָס שווערסטע האָבן זיי שוין געהאַט הינטער זיך: דאָס געטאָ מיט זיינע קאַשמאַרן, פאָרויס אין אומבאַוווסטקייט. זיי זענען פול מוט און האָפענונג און

רוקן זיך אַלץ ווייטער צו זייער ציל. צו דער „נייער היים" — צום וואַלד, צו די פּאַרטיזאַנער.

דעם צווייטן טאָג טרעפן זיי אין וועג אַ קליינע פּאַרטיזאַנישע גרופּע פון צען מאַן, געוועזענע סאָוויעטישע זעלנער, אַנטלאָפענע פון דער דייטשער קריגס־געפאַנגענשאַפט. מיט זייער האַלטונג האָבן זיי נישט אַרויסגערופן קיין סימפּאַטיע. זיי האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ גרופּע לומפּן און נישט קיין קעמפּערס קעגן פאַשיזם, וועלכער איז דער געמיינזאַמער שׂונא. איבעריקנס, האָט מען דאָ אַזעלכע „ווילדע" פּאַרטיזאַנישע גרופּעס געקאָנט טרעפן אַ סך מער. ערשט שפּעטער האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ נישט שלעכט באַוואָפנטער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג פון אַן ערך זיבעציק מאַן, וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען פון „טשאַלקאָוו". איר אָנפירער איז געווען דער פּוילישער בחור יוזעף מאַרכווינסקי — אַ לאַנגיאָריקער קאָמוניסטישער טוער פון לאָדזש.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג ווערט אָנגענומען אַ באַשלוס: די אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון שלמה כאַרכאַז שליסט זיך אָן צו דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג פון „טשאַלקאָוו", אונטער דער אָנפירונג פונעם קאָמאַנדיר יוזעף מאַרכווינסקי און מיט זיי צוזאַמען טיילן דעם גורל אין קאַמף קעגן דעם געמיינזאַמען טויט־שׂונא...

עס שליסט זיך אויך אָן אַ גרופּע יידן אַנטרינענע פונעם פּאָגראָם אין ניעס־וויעזש, צווישן וועלכע עס זענען געווען: משה דאַמעשעק, ראָזע און זעלדע דאַמעשעק, יעקב קראַמאַרסקי, פריידע לאַכוויצקאַ, דוד פּאַרפּעל, באַריס עלפּע־ראָוויטש און אַנדערע.

די נישט־געלונגענע אָבלאַווע פון די זשאַנדאַרמען אויף די פּאַרטיזאַנער האָט, ווייזט אויס, אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט אויף „אָסוואַלדן" וועגן זיין מיטאַרבעט מיט דער אונטערערד, און דאָס האָט געצוווּנגען „אָסוואַלדן" צו פאַרלאָזן די זשאַנדאַרמעריע און קומען צו די פּאַרטיזאַנער *.

ערשט עטלעכע טעג שפּעטער, האָט די פּאָליציי אָרגאַניזירט אַ געיעג נאָך דער אַרויסגעגאַנגענער מחנה פון געטאָ. עס זענען געווען ביי אַ דרייסיק זשאַנדאַרמען אויף וועגענער. עס ווערן דערשאָסן די וועכטערס חיים ליס און ביילע קאַגאַן. אָבער די דייטשן ווערן גענומען אונטער אַ פייער פון געמיינזאַמע כּוחות,

---

* רופאייזן, פּסעוודאָנים „אָסוואַלד" איז נאָך דער מלחמה געוואָרן אַ פּוילישער מאָנאַך. שפּעטער האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין ישׂראל און דאָרט אַריינגעטראָטן אין אַ מאָנאַסטיר.

אונטער דער אָנפירונג פון יוזעף מאַרכווינסקי און די היטלעריסטן זענען געצוווּנ־גען זיך צוריקצוציִען פאַר די נעכטיקע געטאָ־מענטשן מיט דער געלער לאַטע.

דער קאָמאַנדיר שלמה כאַרכאַז הייבט אָן צו זאָרגן פאַר באַוואָפענונג און זיי טרעטן גלייך צו צו פאַרשידענע אַקציעס, כּדי צו דעראָבערן געווער. צווישן אַנדערן צינדן זיי אונטער דאָס גוט, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער דייטשער אַדמי־ניסטראַציע אין סאָסאָווע, צעשטערן די בריק הינטערן שטעטל דאַרעווואָ, פאַר־ברענען צוויי טאַרטאַקן אין סטאָלפּצער קרייז, געבנדיק צו פילן דעם אָקופּאַנט, אַז ס'איז אויפגעשטאַנען אַ נייער כּוח קעגן אים צו קעמפן און נעמען נקמה.

*

דאָס איז געווען דעם 13טן יאַנואַר פון יאָר 1943 — דערציילט ווייטער אסתּר — אין דעם דאָזיקן קאַלטן פרימאָרגן ווערן מיר מיטאַמאָל אויפגעוועקט דורך אָפּהילכן פון שיסערייען, נישט ווייט פון דער באַזע. ווי די מעלדערס האָבן איבערגעגעבן, איז אַ באַטאַליאָן עס־עס־לייט, וועלכער האָט סטאַציאָנירט אין באַראַנאָוויטש, אַרויסגעפאָרן אויף אַ פּאַציפיקאַציע־אַקציע קעגן דער „קאָמסאָ־מאָל"־אָפּטיילונג. אַלע פּאַרטיזאַנער זענען גלייך געשטעלט געוואָרן אין אַלאַרם־גרייטקייט, כּדי צו קומען צו הילף דעם אָנגעגריפענעם שכן.

עס לאָזט זיך אין וועג אַן אָפּטיילונג פון אַכצן יאַטן, אויף וועגענער און פערד אין גרעסטן גאַלאָפּ. ביים דאָרף לאָדקאָ שטויסן זיי זיך אָן אויף די עס.עס.־לייט און עס קומט צום ערשטן פייער־אויסטויש...

ווייזט אויס, אַז די היטלעריסטן האָבן זיך אויף זיי געריכט, ווייל די פאַר־פעסטיקטע דורך זיי פּאָזיציעס האָבן פאַרנומען אַ רעזערוו־שטח פון אַ לויערונגס־פונקט און נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן זיך צו צעשיטן אין אַ קאַמפּס־טיראַליע־רי, זענען זיי באַשאָטן געוואָרן מיט אַ האָגל צעגליטן בליי פון אַלע מינים געווער, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט.

זיי גיבן די ערשטע קרבנות און צווישן זיי טראָגן זיי אַרויס אַ שווער־פאַרוווּנדעטן דעם קאָמאַנדיר יוזעף מאַרכווינסקי. די לאַגע ראַטעוועט אַ ביסל די אָנגרייפנדיקע אָפּטיילונג, אונטער דער אָנפירונג פון שלמה כאַרכאַז. די וואָגשאָל פון דעם קאַמפּס־אויסגאַנג ציט אָבער אַריבער לטובֿת די דייטשן.

דער קאַמף דויערט שוין עטלעכע שעה. צו הילף דעם שׂונא קומט זיין אַוויאַציע, וועלכע וואָלט באַשטימט דעצידירט אין דער שרעקלעכער נידערלאַגע פון די פּאַרטיזאַנער, ווען נישט דער טעות, וואָס האָט דאָ פּאַסירט. ווייזט אויס, אַז דער שיקזאַל האָט זיך דאָך איבער זיי דערבאַרעמט, און די דייטשע פליִערס הייבן אָן באָמבאַרדירן... זייערע אייגענע פּאָזיציעס, שאַפנדיק אַ בלוטבאָד אין די

היטלעריסטישע רייען. אין אַ גרויסער בהלה הייבן די דייטשן אָן צו פֿאַרלאָזן דעם קאַמפּס־אָפּשניט, באַגלייט מיט אַ גרעגעריי פֿון די פּאַרטיזאַנישע אויטאָמאַטן. פֿאַרגרעסערט נאָך מער די פּאַניק, האָט די אָניאָגנדיקע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „ערשטע ווייסרוסישע קאַוואַלעריסטישע דיוויזיע", אונטער דער אָנפֿירונג פֿון קאָמאַנדיר דמיטרי דעניסענקאָ, וועלכער האָט דער־גענצט די אָנגעהויבענע דורך זיי שלאַכט...

אויף אַזאַ וויסטער מפּלה האָבן די עס.עס.־לייט באַשטימט זיך נישט געריכט. אָבער ביי אונדז — זאָגט אסתּר — איז אויך נישט געווען אין גאַנצן לוסטיק. אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד, דערצו מיט צוויי אָנגעפּרוירענע הענט, ברענגען מיר דעם קאָמאַנדיר צוריק צו דער באַזע. די אָנפֿירונג פֿון דער „טשאַלקאָוו"־אָפּטיילונג גייט איבער אין אַנדערע הענט.

די אָנפֿירונג פֿון דער ייִדישער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג, אונטער דער לייטונג פֿון קאָמאַנדיר שלמה כאַרכאַז, נעמט אָן אַ באַשלוס צו פֿאַרלאָזן די באַזע און אַוועקגיין טיפֿער אין דער פּושטשע, ווו זיי שליסן זיך שפּעטער אָן אין אַ צווייטער סאָוויעטישער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג, וואָס טראָגט אויך דעם זעלבן נאָמען „טשאַלקאָוו", אונטער דער אָנפֿירונג פֿון פּאָלקאָווניק וואַטושין.

אסתּר, פֿערזענלעך, מאַכט נאָך דורך אַ סך וואַנדערונגען. זי קומט אָן אין דער פּוילישער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג, אָרגאַניזירט נאָך זיין צוריקקער צום געזונט פֿון יוזעף מאַרכווינסקי, אויפֿן נאָמען פֿון „יאַראָסלאַוו דאָמבראָווסקי". זי מאַכט מיט די בלאָקאַדע פֿון דער נאַליבאָקער פּושטשע אין יולי 1943. נאָך די גרויסע פֿאַרלוסטן קומט פֿאָר אַ רעאָרגאַניזאַציע און זיי נעמען איבער דעם נאָמען פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג א"נ פֿון „26 יאָר אָקטאָבער־רעוואָלוציע".

— איר פּאַרטיזאַנישע קאַריערע פֿאַרענדיקט אסתּר אין דער פּוילישער אַרמיי — אין דער דריטער דיוויזיע פֿון דער II אַרמיי, ביי קעגנלופֿט־אַרטילעריע.

* אסתּר איז היינט די פֿרוי פֿון געוועזענעם קאָמאַנדיר פּאָלקאָווניק מאַרכווינסקי.

# אין די נעגל פון טויט

## דערציילט פון קאַפּיטאַן ד״ר האַרעצקי יעזשי — ישׂראל האַכמאַן

דאָס איז געווען אין יולי 1943. זייער פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג, אין דער נאַליבאָקער פּושטשע, לעבט איבער שווערע טעג. דער אָפּשניט, ווו זיי האָבן זיך געפונען, ווערט אַנגעגריפן פון גרויסע אָפּטיילונגען עס.עס.-לייט, וולאַסאָווצעס און „יאַגד־קאָמאַנדאָס״, וועלכע זענען ספּעציעל געשולט צו וואַלד־קאַמפן מיט פּאַרטיזאַנער. עס רעגנט מיט בליי און באָמבעס פון קליינעם קאַליבער. די דייטשן זשאַלעווען נישט קיין מענטשן און מיליטערישע מכשירים, כּדי אומשעדלעך צו מאַכן די „באַנדיטן״, ווי זיי פלעגן רופן די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, פאַר וועלכע זיי האָבן געציטערט ווי פאַרן טויט.

די אָפּטיילונג, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט דער רוסישער בחור דמיטרי דעניסענקאָ, האָט געציילט ביי אַ הונדערט און פופציק מאַן, מערסטנס זענען דאָס געווען קריגס־געפאַנגענע, אַנטלאָפענע פון די דייטשע לאַגערן, אָדער אַנטרינענע פון די צעקלאַפּטע סאָוויעטישע אַרמייען, פון די אַזוי גערופענע „קעסל־שלאַכטן״. די אָפּטיילונג איז געווען נישט שלעכט באַוואָפנט, אַ סך האָבן געהאַט זייער אייגן געווער, וואָס זיי האָבן נאָך באַקומען אין דער רויטער אַרמיי. אַלע זענען געווען אויף פערד און טאַקע דערפאַר האָט די אָפּטיילונג געטראָגן דעם נאָמען „ערשטער ווייסרוסישער קאַוואַלעריסטישער דיוויזיאָן״.

אויך ישׂראל האַכמאַן, אַלס דאָקטער, האָט געמוזט ביים אָנהייב דורכמאַכן אַ רייטער־קורס, און טאַקע צוליב זיין באַרוף, האָט דער גורל אים פאַרבונדן מיט דער דאָזיקער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג.

גלייך ביים אַריינמאַרש פון די דייטשע חילות קיין לאָדזש אין יאָר 1939, איז ער מיט זיין פרוי ביילע האַכמאַן־סעצעמסקאָ, אַוועק פון דער שטאָט און, צוזאַמען מיט אַנדערע פּליטים, זיך געלאָזט אויף מזרח. זיי קומען אין דעם ווייס־רוסישן שטעטל סוזשעץ ביי נאָוואָגרודעק און ישׂראל האַכמאַן הייבט אָן אַרבעטן אַלס דאָקטער אין דאָרטיקן שפּיטאָל אַלס — יעזשי האַרעצקי. עס דויערט אָבער נישט לאַנג און די דייטשן הייבן אָן שאַפן פאַר יידן געטאָס און „שמאַלצאָוו־ניקעס״ הייבן אָן שאַנטאַזשירן, פאַרלאַנגענדיק אויסקויף־געלט פאַר נישט אויס־געבן זיי צו די דייטשן. דאָס האָט זיי געצווונגען צו פאַרלאָזן סוזשעץ און קומען אין דאָרף נעקראַסאָוויטשע, אָבער דאָס געיעג פון די אויסוורפן נאָך געלט און זייער לעבן האַלט אָן.



דער קאַפּיטאַן ד״ר ישראל האָכמאַן,
פּסעוודאָנים „יעזשי קאָרעצקי״

דאָס דאַרף האָט זיך געפונען נישט מער ווי זעקס קילאָמעטער פונעם וואַלד, און זיי, ווי געזאָגט, זענען געווען שטענדיק גרייט אַהין צו אַנטלויפן. אין אַ שיינעם אָוונט איז דאָס טאַקע געשען.

דאָס איז געווען אין מאַי 1943, ווען זיי זענען געקומען אין וואַלד צו דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג פון „ערשטן ווייסרוסישן קאַוואַלעריסטישן דיוויזיאָן", וועלכער האָט זיך געניטיקט אין אַ דאָקטער. עס דויערט נישט לאַנג און זיי געפינען זיך אין אַ שווערן קאַמף.

די אָפּטיילונג גייט ממש אָפּ אין בלוט. נישט געקוקט אויף דער געוואַלדי־קער פאַרביסנקייט און גרויס העלדישקייט פון אַלע פּאַרטיזאַנער, זענען זיי דאָך נישט בכּוח אויפצוהאַלטן דעם אָנגריף פונעם שׂונא, פילפאַכיק שטאַרקערן אין מענטשן, ווי אויך אין קריגס־מאַטעריאַל. די אָפּטיילונג איז געצוווּנגען זיך צוריק־ציִען פון קאַמפּס־פּלאַץ, כּדי נישט פאַרניכטעט ווערן פולשטענדיק.

עס שטייט איצט די פראַגע פון די פאַרוווּנדעטע, מיט וועלכע עס איז נישט מעגלעך זיך דורכצורייסן, ווייל קיין איינציקער פון זיי איז אַפילו נישט אין שטאַנד זיך צו האַלטן אויפן פערד.

דער ד״ר האָרעצקי באַקומט אַ באַפעל פון קאָמאַנדיר צו ראַטעווען די פאַר־ווונדעטע. עס ווערן צוגעטיילט צען פּאַרטיזאַנער אַלס שוץ און גלייכצייטיק אַלס הילף צו קאָנען איבערטראָגן די פאַרוווּנדעטע חברים און פאַרשטעקן אין די זומפּן, אין דער נאָענטער געגנט.

האָרעצקי פילט זיין חוב אַלס פּאַרטיזאַן און אַלס דאָקטער צו ריזיקירן מיט זיין לעבן פאַר די מענטשן. זיי האָבן אַכט פאַרוווּנדעטע, וועלכע מען הייבט שוין אָן אַריבערטראָגן צו די זומפּן, בעת עס דויערט נאָך די שלאַכט. ביז אין האַלדז אין בלאָטיקן וואַסער רוקט מען זיך פאָרויס מיט די קראַנקע ממש אויף די קעפּ. אַזוי טאַפּטשעט מען, איינשטעלנדיק זיך דערטרונקען צו ווערן, עטלעכע מאָל אַהין און צוריק, אַז קיין איינציקער לעבעדיקער, וועלכער קאָן זיך אַליין נישט ראַטעווען, זאָל נישט אַריינפאַלן אין די דייטשע הענט. אויפן קאַמפּס־פּלאַץ האָבן די דייטשן געטראָפן נאָר די טויטע, וועלכע מען איז, צום גרויסן באַדויערן, נישט געווען אין שטאַנד צו באַערדיקן.

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. אַרום איז שטיל און זיי פילן זיך ווי פאַריתומט אין די נעגל פון טויט. איבערן וואַלד פאַררויטלט זיך אַ שטיק הימל פון דעם פייער, אין וועלכן די דייטשן האָבן פאַרוואַנדלט די איבערגעלאָזטע וועגענער און פאַשע פאַר די פערד. פון צייט צו צייט דערטראָגן זיך צו זייערע אויערן די רופן, געשרייען און באַפעלן אין דער גאָרגלדיקער שפּראַך. די פּאַרטיזאַנער הערן זיך איין אין די קולות, נישט וויסנדיק וואָס דער מאָרגן וועט זיי ברענגען.

אַזוי זענען זיי געבליבן צוואַנציק טעג, ווי צוואַנציק אייביקייטן, צווישן די זומפּן, מיט אַכט פאַרווונדעטע חברים, אַרומגערינגלט פון די ווילדע מענטשן־פרעסערס.

# אַן אַקט פון נקמה

ביז צום סוף פון לעבן וועט בלייבן ביי אַ פּאַרטיזאַן אין זכּרון, דער לעצטער אויסגעשריי פון זיין חבר, מיטקעמפער פון וואַלד: „פאַרגעסט נישט אין אונדז!” אָדער: „נעמט נקמה פאַר אונדזערע פריצייטיקן טויט!”. ווי אַ צוואה זענען תמיד געווען פאַר זיי די ווערטער. די טרויעריקע געזעגענונגס־בליקן פון די חברים זענען געווען אַ צוזאָג זייער צוואה צו דערפילן.

דער קאַמף פון די פּאַרטיזאַנער ווערט יעדן טאָג פאַרביסענער, נעמט אַן אַלץ ברייטערע פאַרמען. די רייען פאַרגרעסערן זיך. דער ווילן פון די אָקופּירטע פעלקער זיך צו באַפרייען פון דעם שענדלעכן יאָך, שטייגט. דער דראַנג צו נקמה פאַר די אוממענטשלעכע און אַכזריותדיקע מעשׂים און רציחות, הייסער. עס שרעקן שוין נישט אָפּ די פּאַציפיקאַציעס, דאָס רויבן און מאָרדן און אַפילו נישט דאָס פאַרברענען גאַנצע שטעט און דערפער צוזאַמען מיט די מענטשן.

די דייטשן הייבן אָן אַלץ מער צו פילן, אַז ס'ברענט דער באָדן אונטער זייערע פיס. זיי זענען אויף קיין שום אָרט מער נישט זיכער. אויף אַלע שטעגן און וועגן הייבט אָן לויערן דער טויט. עס העלפן שוין לגמרי נישט די טאָוולען מיט אויפשריפטן אויף די וועגן: „באַנדיטן־געפאַר, ניכט איינצעלן פאַהרען, שוס־וואַפען בערייט האַלטען!” און אַנדערע פאַרזיכטס־מיטלען. כּדי אָפּצונעמען די קאָנטינגענטן ביי די פויערים אין די דערפער, מוז מען שוין אַרויסשיקן גאַנצע מיליטערישע אָפּטיילונגען און אויך דאַן איז מען נישט זיכער צי אַלץ וועט נישט אַריינפאַלן אין די פּאַרטיזאַנישע הענט. דאָס פאַרריכטן די צעשטערטע באַן־רעלסן, אָדער די טעלעפאָן־ליניעס פאָדערט איצט גאַנצע גרופּעס מיט מילי־טערישער פאַרזיכערונג. אָבער אויך דאָס האָט שוין נישט געהאָלפן.

דאָס איז געווען אין פעברואַר 1944. דער פראָסט האָט געברענט און גע־שטאָכן אין פּנים, ממש ווי מיט נאָדלען, אָבער דערצו זענען שוין די יאָטן צוגעוווינט געוואָרן. עס מאַרשירט אַן אָפּטיילונג פון אַן ערך פערציק פּאַרטיזאַנער אונטער דער אָנפירונג פון קאָמאַנדיר דמיטרי דעניסענקאָ, צו דעם זעלבן אָפּשניט ווו דיווערסאַנטן האָבן צעשטערט די טעלעפאָן־פאַרבינדונג, אויף דער ליניע סטאָלפּצע — באַראַנאָוויטש.

אויף אַזאַ וויזיט האָבן זיך די דייטשן לגמרי נישט געריכט — היינט צו צעשטערן און מאָרגן ווידער קומען?! — דאָס איז נישט אין שטייגער פון פּאַר־טיזאַנער. נאָר שטורמישע צייטן רופן אַרויס העלדן, וועלכע וואָלטן ביי נאָרמאַלע

БЕЛОРУССКИЙ
ШТАБ
ПАРТИЗАНСКОГО ДВИЖЕНИЯ
„28“ июля 1944 г.
№ 14655.

# СПРАВКА

Дана настоящая Гохман Израиль Копелевич

в том, что он действительно состоял в партизанском отряде ........ бригады Кав. бригада

с „ — “ июня 1943 г. по „01“ августа 1944.

в должности врач терапевт - бригады.

Просьба к местным органам власти оказать тов. Гохман Изр. Копел. содействие в устройстве на жительсто и работу.

Начальник Отдела Кадров
м. п. Белорусского Штаба Партизанского
Движения

די באַשטעטיקונג וועגן דער פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט פון ד"ר ישראל האַכמאַן

באַדינגונגען דורכגעגאַנגען זייער לעבן נישט באַמערקט צו ווערן. געוויינלעך זענען דאָס מענטשן מוטיקע, מיט טעמפעראַמענט, ענערגיע, אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקייטן און איניציאַטיוו. אין תּקופות פון אויפברויז און צערודערונג זענען זיי די יעניקע, וועלכע נעמען דעם רודער פון די געשעענישן אין זייערע הענט. אין לויף פון די געשעענישן וואַקסן זיי אויס און הייבן זיך אויף אַריבער דעם גאַנצן אַרום. צו אָט דער גרופּע מענטשן האָט געהערט דמיטרי דעניסענקאָ. זיינע איינפאַלן, פלענער און העלדישע געוואַגטקייט איז צום באַוווּנדערן.

— די פאַרבינדונג איז צעשטערט — האָט געזאָגט דעניסענקאָ — זיי וועלן קומען זי פאַרריכטן... און מיר וועלן אויך קומען.

די דייטשן האָבן זיך אויף דעם נישט גערעכט. אַן אָפּטיילונג היטלעריסטן פון אַן ערך דרייסיק מאַן, זענען זיך רויִק געקומען און גענומען צו דער אַרבעט. אייניקע האָבן געצויגן די דראָטן, אַנדערע האָבן געגראָבן גריבער פאַר די סלופּעס, פאַרפעסטיקט די האָקנס, געקלעטערט אויף די סלופּעס און געצויגן די ליניע. עס זענען אַפילו געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אַוועקגעשטעלט די ביקסן אין קאָנוסן, זיי זאָלן נישט שטערן ביי דער אַרבעט. יעדער איינער פון די פאַרטיזאַנער האָט זיך גענומען איינעם אויפן ציל.

— פּייער! — איז געפאַלן דער באַפעל פון קאָמאַנדיר.

דער זאַלפּ האָט אָפּגעהילכט ווי אויף אַן עקזעקוציע־פּלאַץ, אויף וועלכן די דייטשן פלעגן אויספירן עפנטלעכע טויט־אורטיילן. די היטלעריסטן האָבן גענומען פאַלן ווי די פליגן, און די, וועלכע זענען לעבן געבליבן, האָבן אויפגעהויבן זייערע ציטערנדיקע הענט אין דער הייך. עס איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז קיין איינער פון זיי האָט נישט באַוויזן צו כאַפּן זיך צום געווער.

אויפן באַפעל פון קאָמאַנדיר זענען אויך די איבעריקע דערשאָסן געוואָרן.

דאָס איז געווען אַ נקמה פאַר די דערמאָרדעטע און געשענדעטע טויטע קערפּערס פון די חברים בעת דער אַרומרינגלונג. בלויז איינעם האָט דעניסענקאָ געשענקט דאָס לעבן — דאָס איז געווען דער איטאַליעניִשער זעלנער דזשאָוואַני בריגאַ, וועלכער איז שוין פאַרבליבן אין פאַרטיזאַנישן אָטריאַד.

# אַרויסגעפירט אַ פאַרוואונדעטן פּאַרטיזאַן
# פון אַ דייטשן שפּיטאָל

קיין לייכטן טויט האָבן די דייטשן אַ פּאַרטיזאַן נישט געגעבן, אָבער אויך זעלטן ווען אַ לעבעדיקער פּאַרטיזאַן איז אין זייערע הענט אַריינגעפאַלן. תמיד איז די לעצטע קויל געווען באַשטימט פאַר זיך אַליין. אין קאַמף געשעט אָבער פאַרשידנס. אין איינער אַ שלאַכט איז זיי דאָך געלונגען צו נעמען אין געפאַנגענ־שאַפט אַ פאַרוואונדעטן פּאַרטיזאַן.

די פאַרשטייערס פון „הערען־פאָלק" זאָלן מענטשלעך זיך באַגיין מיט אַזאַ פאַרוואונדעטן מענטשן, לייגט זיך פשוט נישט אויפן שכל. אַן אויסגעמאַטערטן און אין ווייטיקן האָט מען אַזאַ פּאַרטיזאַן באַלד גענומען אויפן „פאַרהער". שפּעטער פלעגט מען אים אָפּשיקן אין שפּיטאָל, אים אויסקורירן, כדי ווייטער צו קאָנען פייניקן מיט די גרויליקסטע באַקאַנטע געסטאַפּאָ־מעטאָדן. און ווען זיי האָבן שוין אָנגעזעטיקט זייערע חיהשע אינסטינקטן, האָט מען דעם אומגליקלעכן מענטשן אַרויסגעפירט און דערשאָסן אָדער אויפגעהאָנגען.

גאַנצע צוואַנציק פּאַרטיזאַנער האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן צו גיין דער־אָבערן דאָס דייטשע שפּיטאָל, וווּהין עס איז אַריבערגעפירט געוואָרן אַ פאַר־וואונדעטער חבר.

דמיטרי דעניסענקאָ האָט באַשטימט, אַז אַלע זאָלן גיין. עס איז אויסגע־אַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן. זיי האָבן באַקומען אַכט אויטאָמאַטן, די אַזוי גערופענע „בעזשומקי" און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

דאָס שפּיטאָל איז געלעגן אַ ביסל אויסער דער שטאָט קאָרעליטשע. אויך זייער גינסטיק פאַר דער אונטערנעמונג איז געווען די פינצטערע נאַכט. צום ציל זענען זיי געקומען שפּעט אין אָוונט, ווען די איינוווינערס זענען שוין געווען אין די שטיבער, אָדער געשלאָפן. מען האָט אַרומגערינגלט דאָס שפּיטאָל, אַן אַ גרע־סערן ליאַרעם און געפּילדער זענען מיט די „בעזשומקעס" אַראָפּגענומען געוואָרן ביידע וועכטער און אין דער זעלבער צייט האָט אַ צווייטע גרופּע איבערגעשניטן די טעלעפאָן־פאַרבינדונג. אַלע איבעריקע האָבן גענומען באַהערשן דאָס דייטשע שפּיטאָל.

אַ האַלב־לעבעדיקן האָבן זיי אַראָפּגעטראָגן דעם פאַרוואונדעטן פּאַרטיזאַן, אַרויפגעלייגט אים אויף אַ גוט־אויסגעבעטן וואָגן, עס זאָל אים נישט טרייסלען און אויף אַ צווייטן האָט מען פאַרלאָדן אַ טייל נייטיקע כירורגישע מכשירים, באַנדאַזשן, מעדיקאַמענטן און וועש.

די פרייד פון אָטריאַד פון דער געלונגענער אָפּעראַציע איז געווען אַזוי גרויס, ווי זיי וואָלטן אַרויס זיגרייך פון דער גרעסטער שלאַכט. און באַשטימט איז דער צאָרן פון דער געסטאַפּאָ אין נאָוואָגרודעק נישט געווען קלענער, וואָס ס׳איז זיי נישט געלונגען דער טייוולאָנישער פּלאַן מיט דעם פאַרווונדעטן פּאַרטיזאַן.

*

נישט תּמיד איז אָבער ביי די פּאַרטיזאַנער פריילעך אויפן האַרצן. אין פרילינג 1944 באַקומען זיי אַ מעלדונג, אַז אַן אָפּטיילונג פון עס.עס דאַרף איבערגיין פון נאָוואָגרודעק קיין קאָרעליטשע. פאַרשטייט זיך, אַז דער קאָמאַנדיר האָט אַזאַ געלעגנהייט נישט געקאָנט דורכלאָזן טרוקן. עס ווערט אויף דעם וועג איינגעאָרדנט אַ לויער־פּונקט.

צום ביטערן באַדויערן אָבער ווערן זיי פאַרראַטן. די סיבה פון דאָזיקן פאַרראַט איז עד־היום נישט אויפגעקלערט געוואָרן.

די דייטשן ברענגען אַראָפּ גרויסע כּוחות און די פּאַרטיזאַנער באַמיִען זיך דאָרט זיי צו ליקווידירן. עס קומט צו אַ פאַרביסענעם קאַמף און זיי ציִען זיך אַרויס מיט גרויסע פאַרלוסטן — און דאָס ערגסטע — זיי טראָגן אַרויס אַ שווער־פאַרווונדעטן דעם קאָמאַנדיר דמיטרי דעניסענקאָ.

אין די פּאַרטיזאַנישע באַדינגונגען ווערט דעניסענקאָ שנעל אָפּערירט דורכן וואַרשעווער יידישן דאָקטער פּאַפּקאָ, וועלכן עס געלינגט אים צו ראַטעווען דאָס לעבן, אָבער צו פּאַרטיזאַנישע אָפּעראַציעס און צו זייער דורכפירונג, לויט זיין שטייגער און פאַרנעם, איז דעניסענקאָ מער נישט בכּוח...

# דער אָנגריף אויפן דאָרף לאָמאָוויטשע

## דערציילט פון סערזשאַנט ישׂראל קאַנדעלשיין

די מלחמה פון יאָר 1939 האָט אים פאַריאָגט פון זיין היים, פון זיין ווירטשאַפט אין דאָרף רומונקי ביי ליפּנע, פון זיין ערד, וואָס זיי האָבן באַאַרבעט פון דור־דורות. ער קומט קיין סלוצק און אַרבעט אַלס גערטנער אין דער שטאַטישער אונטערנעמונג. דער גלויבן צוריקצוקערן זיך אַהיים ווערט מיט יעדן טאָג מער דערווייטערט, אָן אויסזיכטן. די דייטשע רויב־ און מאָרד־פּאָליטיק און זייער אייביקער „דראַנג נאָך אָסטען" הייבט אָן ווערן אַ ווירקלעכקייט. עס בלייבט איין וועג — גיין אין וואַלד און ווערן אַ פּאַרטיזאַן.

אַ גרופּע מער דרייסטע יאַטן האָבן ערגעץ געקראָגן אַ רעוואָלווער און אין אַ שיינעם טאָג באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די שטאָט.

זיי זענען געווען זעקס פּערזאָן: יצחק גינזבורג, זיין ברודער יעקב, גיטל דראָבסק פון לאַכווע ביי לונינִיעץ, יעקב און אַברהם טאַפּטשיק און קאַנדעלשיין. דער וועג האָט געפירט צו די סלוצקער וועלדער.

נישט לאַנג איז אויסגעקומען צו זיין פאַראייניזאַמט. דער גורל האָט געוואָלט זיי זאָל טרעפן אין וועג אַ גרופּע ענלעכע נע־ונדניקעס — סאָוויעטישע זעלנער, אַנטלאָפענע פון דער דייטשער קריגס־געפאַנגענשאַפט, און זיי האָבן גענומען וואַנדערן צוזאַמען.

אַלס אָנפירער ווערט באַשטימט דער סאָוויעטישער קאַפּיטאַן ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש און אַלס פאַרטרעטער — אַ צווייטער געוועזענער מיליטער־מאַן — סמירנאָוו.

די וועלדער זענען אין דער צייט געווען דאָס איינציקע רעטונגס־אָרט כּדי אַנטרינען פון די היטלעריסטישע מאָרד־אָרגיעס. אַהער האָבן גענומען שטראָמען מענטשן, וועלכע האָבן געראַטעוועט זייער לעבן, ווי אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געזוכט קאַמף און נקמה.

די אָפּטיילונג הייבט אָן וואַקסן און גלייכצייטיק — די דאגות און צרות וועגן לעבנסמיטל, געווער, קליידונג און אַנדערע נייטיקע זאַכן צו קאָנען עקזיסטירן אין וואַלד.

— מיר מוזן וועגן זיך לאָזן הערן — האָט איין מאָל געזאָגט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, ווערט די באַפעלקערונג, האָפנטלעך, אונדז קומען צו הילף. דאָס וועט מאָביליזירן אונדזערע כּוחות צו אַן אינטענסיווערן קאַמף.

זיין שטעלונג איז געווען אַ ריכטיקע. גלייך נאָך דער ערשטער „טעלעפאָן־אַקציע" האָט מען אין דער געגנט גענומען דערציילן פֿאַנטאַסטישע געשיכטעס וועגן אַ פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג און איר גרויסן כּוח, וואָס גרייט זיך צו קעמפֿן אין רוקן פֿון שׂונא. פֿון די דערפֿער האָט מען גענומען ליפֿערן ברויט, קאַרטאָפֿל, איבערגעבן פֿאַרשידענע נייעסן. אַ סך פּויערים האָבן זיך ממש מיט זיי געטיילט מיטן ביסן.

די אָפּטיילונג האָט צוגענומען דעם שלאָף ביי די דייטשן. זיי זענען אָבער נישט געווען אין שטאַנד אויפֿצונעמען אַ קאַמף קעגן וואַנדערערס. צו הילף האָבן זיי דעריבער גענומען די ווייסרוסישע פּאָליציי און די פֿאַשיסטישע עלעמענטן פֿון דער באַפֿעלקערונג. אין דאָרף לאַמאָוויטשע האָט מען איינגעאָרדנט אַ לויערונג אויף פּאַרטיזאַנער, וואָס פֿלעגן קומען נאָך פּראָוויאַנט און זיי איבערגעגעבן אין די הענט פֿון דער געסטאַפּאָ.

דאָס איז שוין געווען אין ווינטער פֿון יאָר 1942. דער אָטריאַד האָט שוין דעמאָלט געציילט העכער הונדערט פּאַרטיזאַנער. אין דער זעלבער צייט זענען שוין געווען אויך אַנדערע אָפּטיילונגען, מיט וועלכע מען איז געווען אין כּסדרדיקן קאָנטאַקט. פֿון דער „גרויסער ערד" האָט מען געמאַכט באַמיִונגען צו העלפֿן מיט פּאַראַשוטיסטן. אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן האָבן זיך די יאַטן אַנגעשטויסן אויף דריי מאַן, וואָס האָבן עפּעס פֿאַרדעכטיק גענישטערט אין וואַלד. פּרווונדיק זיי פֿאַרהאַלטן, האָט מען זיך באַגעגנט מיט אויסגעשטרעקטע רערן פֿון מאַשין־ביקסן. צום גליק אָבער האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן טאַקע געטראָפֿן צו די, וועמען זיי האָבן געזוכט. דאָס זענען געווען די מאָסקווער יאַטן, וועלכע מען האָט געשיקט אַלס אינסטרוקטאָרן. זיי האָבן דעמאָלט דערפֿילט זייער מאָראַלישן כּוח; פֿאַר יעדן פֿון זיי איז געוואָרן באַוווסט, אַז מען ווייסט וועגן זייער טעטיקייט און זיי האָבן אויף וועמען זיך צו שטיצן. דאָס האָט געהויבן זייער מוט, זייער קאַמפֿס־גייסט און נישט געקוקט אויף דער שוואַכער באַוואָפֿענונג איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, זיך אָפּצורעכענען מיט די פֿאַשיסטן פֿונעם דאָרף לאַמאָוויטשע.

דער קאַפּיטאַן האָט זיך פֿאַרשטענדיקט מיט אַ שכנותדיקער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג און צוזאַמען האָט מען געדאַרפֿט אָנגרייפֿן די סטאַציאָנירנדיקע דאָרט ווייסרוסישע פּאָליציי.

נאָכן מיטאָג־עסן האָבן פֿאַרלאָזט די באַזע צוויי פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן אונטער דער אָנפֿירונג פֿונעם קאָמאַנדיר און זיין פֿאַרטרעטער. זיי האָבן געהאַט פֿאַר זיך אַ וועג פֿון העכער אַכציק קילאָמעטער. דאָס דאָרף לאַמאָוויטשע איז געלעגן עטלעכע הונדערט מעטער ווייט פֿון אַ וואַלד און זיך געצויגן אויף אַ לענג פֿון דריי קילאָמעטער. פֿון ביידע זייטן האָבן די פֿאַשיסטן געמאַכט אַזעלכע

פאַרמאַסקירטע אונטערגראָבונגען, וועלכע האָבן דערמעגלעכט די פאַררעטערישע לויערונג אויף די פאַרטיזאַנער.

פאַר טאָג זענען די פאַרטיזאַנער שוין געווען אויפן פלאַץ. די שליטנס מיט די פערד האָבן זיי געלאָזט אין וואַלד אונטער אַ קלענער באַוואַכונג און גרופנווייז זיך דערנענטערט צום דאָרף. די פּאָליציי איז גלייך געוואָרן אַלאַרמירט און דער אָנגריף האָט זיי לחלוטין נישט איבערראַשט. דערצו האָבן זיי אויך געהאַט בעסערע פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציעס, וועלכע זענען מאָמענטאַל געוואָרן אויסגענוצט און באַזעצט. ס'איז געקומען צו אַ פאַרביסענעם קאַמף, אין וועלכן די פאַרטיזאַנער האָבן געהאַט פאַרלוסטן פון העכער אַ צענדליק טויטע און פאַרווונדעטע. קיין שום קראַפט האָט אָבער נישט געקאָנט אויפהאַלטן דעם מאַרש. דער פאַראָל איז געווען: „נעמען דאָס דאָרף, אָדער פאַלן ביז צום לעצטן!"...

די פאַרטיזאַנישע האַלטונג האָט געווירקט, אַז די פּאָליציי האָט סוף־כּל־סוף געמוזט רעזיגנירן און פּשוט גענומען אַנטלויפן פונעם קאַמפּס־פּלאַץ...

די פאַרטיזאַנער זענען געוואָרן די הערשערס פון לאָמאָוויטשע — טאַקע בלויז אויף עטלעכע שעה, אָבער דאָס איז געווען פולשטענדיק גענוג צו פאַרניכטן די מיל, דעם טאַרטאַק און איינוועגס זיך אָפּרעכענען מיט די שפּיצלעס און קאָלאַ־באָראַנטן.

די פּאָליציי האָט זיך אין דער צייט געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די דייטשן, וועלכע זענען געקומען צו הילף. די פאַרטיזאַנער האָבן אָבער באַשלאָסן אונטער אַ דעקונגס־פייער זיך צוריקציִען אין וואַלד אַריין און אויף די שליטנס זיך שנעל געלאָזט אין וועג צוריק, צו דער באַזע.

# דער אַטענטאַט אויפן געביטס־קאָמיסאַר פון האָמעל

עס קומט אַ באַפעל צו קומען נענטער צו דער פראָנט־ליניע — דערציילט ווייטער קאַנדעלשיין — זיי ציִען אין די וויטעבסקער וועלדער, שוין דעמאָלט אַ בריגאַדע, וואָס האָט געציילט העכער זעקס הונדערט פּאַרטיזאַנער. אין אַ קורצער צייט אַרום ווערן זיי דאָרט די אמתע באַלעבאַטים פון דער געגנט. זיי האָבן שוין אינפאָרמאַטאָרן און אַגענטן, אַן אויסשפּיר־גרופּע, וואָס שיקט יעדן טאָג צו מעל־דונגען פון פאַרשידענע געביטן, וועגן נייעס וואָס קומען פאָר אין דער מיליטע־רישער און ציווילער אַדמיניסטראַציע.

דאָס איז געווען אין פעברואַר אָדער מערץ 1943. זיי דערוויסן זיך, אַז דער געביטס־קאָמיסאַר פון האָמעל קלייבט זיך צו פאָרן אויף אורלויב. דער גאַנצער אויסשפּיר־אַפּאַראַט ווערט געשטעלט אויף די פיס, כּדי פעסטצושטעלן גענוי דעם טאָג פון זיין רייזע, דעם וועג, זיין באַגלייטונג און אַנדערע איינצלהייטן.

אויפן באַפעל פון בריגאַדע־קאָמאַנדיר האָבן אַכט פּאַרטיזאַנער געלאָקערט אויפן וועג פון האָמעל, וואַרטנדיק אויף דער מאַשין, מיט וועלכער ס'האָט גע־דאַרפט פאָרן דער היטלעריסטישער פירער.

— איך בין געזעסן אַ ביסל דענערווירט — זאָגט קאַנדעלשיין — עס איז דאָך נישט קיין קליייניקייט אַזאַ אויפגאַבע. די אויגן זענען ממש אַרויסגעקראָכן פון די לעכער, פון איינקוקן זיך אין דער ווייט, דאָס געהער אָנגעשטרענגט צום מינדסטן רעש. אויפן האָריזאָנט האָבן זיך פּלוצעם באַוויזן צוויי מאַשינען.

זיי זענען געווען דריי מאַן מיט גראַנאַטן און די איבעריקע האָבן געדאַרפט עפענען אַ פייער פון די מאַשין־ביקסן, אין פאַל ווען די גראַנאַטן וועלן נישט טרעפן אין זייער ציל. אַ סך צו קלערן און דיסקוטירן איז נישט געווען איבער וואָס, דאָס וויכטיקסטע — קיין טעות האָט מען אין דעם פאַל נישט געקאָנט און נישט געטאָרט מאַכן. אויב נישט דער געביטס־קאָמיסאַר, וועט דאָס זיין אַן אַנדער אויסוואורף. אַ ביסל מחמת דענערווירונג, מעגלעך אויך פאַר מורא, אַז עס קאָן אַ מאָל נישט געלונגען, האָבן ביידע גרופּעס גלייכצייטיק אָנגעגריפן.

דער געביטס־קאָמיסאַר און זיינע צוויי באַגלייטערס, וועלכע זענען געזעסן אין דער ערשטער מאַשין, זענען אויפן אָרט דערהרגעט געוואָרן פון גראַנאַטן־אויפרייס, די צווייטע מאַשין איז לייכט באַשעדיקט געוואָרן און אַ דאַנק דעם איז איינער פון די פאָרערס געבליבן לעבן. אַ פאַרוואונדעטן, צוזאַמען מיט דער מאַשין, האָבן די פּאַרטיזאַנער אים גענומען אין געפאַנגענשאַפט.

דער טרויער ביי די דייטשן אין האָמעל נאָכן אַטענטאַט האָט געדויערט אַפיציעל אַ חודש צייט.

אין פּאַרטיזאַנישן לאַגער איז איין שׂמחה נאָך דער צווייטער. קודם די פריִער־דיקע ידיעה, אין פעברואַר 1943, וועגן ענדגילטיקן ליקווידירן די היטלעריס־טישע אַרמיי הינטער סטאַלינגראַד, דערנאָך דער געלונגענער אַטענטאַט אויף דעם געביטס־קאָמיסאַר, נאָך דעם — אַן אויפגעריסענער צוג הינטער וויטעבסק, וווּ זיי האָבן דעראָבערט גרויסע זאַפּאַסן זאַלץ, וואָס ביי די פּאַרטיזאַנער איז דאָס געווען מיט גאָלד גלייך. אויך אַנדערע אַקציעס זענען געווען אויף דער טאָג־אָרדענונג. די דייטשן הייבן אָן גוט פילן דעם פּאַרטיזאַנישן פויסט, וואָס פּאַלט שטענדיק אויף זייער קאָפּ אומגעריכט און פעסט. די פילצאָליקע פּרווון צו פאַר־ניכטן די פּאַרטיזאַנער האָבן געגעבן פונקט פאַרקערטע רעזולטאַטן. די דייטשן פאַלן אויף אַ נייער המצאָה — סם.

אין אַ שיינעם טאָג מעלדן זיך דריי אוקראַיִנישע בחורים און בעטן זיך, מען זאָל זיי אָננעמען אין די פּאַרטיזאַנישע רייען, כּדי צו קאָנען קעמפן, ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט, קעגן די, וועלכע האָבן אָקופּירט זייער פאָטערלאַנד. ווי גע־וויינלעך, האָט מען זיי אויסגעפאָרשט. זייערע דערקלערונגען האָבן יעדן טיף געריררט, ממש ביז טרערן, געפּלאָנטערט האָבן זיי בלויז וואָס שייך דעם, ווי אַזוי זיי האָבן דעראָבערט זייערע רעוואָלווערן. אַ געוויסע צייט האָט מען געהאַלטן אויף זיי אַן אויג. זיי ווייזן אַרויס גרויס אַקטיווקייט, נעמען אָנטייל אין פאַרשי־דענע אַקציעס, מעלדן זיך אַפילו פרייוויליק צו שווערע שליחותן, און דער פאַר־דאַכט איז כּמעט ווי אַראָפּגענומען געוואָרן פון זיי.

אויפן באַפעל פון קאַפּיטאַן ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש ווערט איינער פון זיי מיט נאָך אַן אַלטן פּאַרטיזאַן, אַרויסגעשיקט אויף אַן אויסשפּיר־אַרבעט. עס זענען פאַרביי עטלעכע טעג און זיי קומען אַלץ נישט צוריק. דער קאָמאַנדיר איז געוואָרן אַ ביסל באַאומרויִקט. אין זיין געדאַנק האָט אויפגעטויכט דער אַלטער פאַרדאַכט און ס'איז באַפוילן געוואָרן נישט אַראָפּצולאָזן אַן אויג פון די צוויי איבערגע־בליבענע אוקראַיִנער.

עס דויערט נישט לאַנג און אַלץ האָט זיך אויפגעקלערט. צופעליק האָט אַ גרופּע, צוריקגייענדיק פון אַן אַקציע, געפונען דעם אַלטן פּאַרטיזאַן אַ דערמאָר־דעטן אין וואַלד. אין יענער זעלבער נאַכט זענען די צוויי כּלומרשטע פּאַרטיזאַנער אַרעסטירט געוואָרן און נאָך אַ געננויעם פאַרהער און אונטערזוכונג, האָט מען ביי איינעם פון זיי, אין אַ ספּעציעל־אויסגעהוילטן קנאָפּל פון שוך, געפונען סם.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זענען זיי אַלע דריי, נאָך אַ ספּעציעלער אויס־שולונג, געשיקט געוואָרן מיטן ציל צו פאַנגען ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן און פאַרגיכטן דעם אָטריאַד, אַריינשיטנדיק דעם סם אין קעסל עסן...

דער אורטייל איז געווען אַזאַ, ווי עס האָבן זיך כּשר פאַרדינט פאַררעטערס.

## אַ שמועס מיטן פּאַלקאָווניק
## יוזעף טשאַפּליצקי־קורץ — פּסעוו. „סאַשאַ״
### ביים וויגעלע פון דער בריאַנסקער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג

דאָס איז געווען — דערציילט טשאַפּילצקי — אין נאָוועמבער 1941, ווען „סאַשאַ״ איז אָנגעקומען אין דאָרף מיכאַילאָווקע, קרייז סיעמיעריטשע. אַ מידער, דערשעפּט פון דעם לאַנגן וואַנדערן, נישט ראַזירט, האָט ער מיט זיינע עטלעכע און דרייסיק יאָר אויסגעזען אַן אַלטער, אין קבר אַריינצוליי גן צעבראָכענער ייִד. ער האָט באַטראַכט זיין אויסגעריבן רעקל, די צעריסענע שיך און זיך אַליין געפרעגט: וואָס ווייטער?... אויפגעגעסן דאָס לעצטע שטיקל ברויט, וואָס ער האָט נאָך מיט זיך געהאַט, האָט ער באַשלאָסן אַריינצוגיין אין דער ערשטער בעסטער שטוב, מיטן געדאַנק צו קריגן עפּעס וואַרעמס, ווו איבערצוטעכטיקן, אָדער גאָר אפשר אַ באַשעפטיקונג. זיין ייִדישן נאָמען פאַרשטעקט, איז ער איצט אָנגעגאַנגען אַלס קריסט — אַלעקסאַנדער ביעלקין.

— אַ גוטן־אָוונט! — האָט ער באַגריסט, אַריינקומענדיק אין שטוב פון אַן אַלטן פּויער, וועלכער האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן דער סאָלטיס פון דאָזיקן דאָרף.

— אַ גוטן־אָוונט! — האָט דער פּויער פריינדלעך געענטפערט, וואָס איז נישט איבערראַשט געוואָרן פון אַזאַ פּאַרשפּעטיקטן און נישט דערוואַרטן גאַסט. „סאַשאַ״ איז ביי אים נישט געווען דער ערשטער און נישט דער לעצטער. אין דאָרף זענען שוין געווען אין די צענדליקער אַנטלאָפענע פון די ווייסרוסישע געביטן איבערגעטוענע זעלנער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די דייטשע „קעסלען״.

— פון וואַנען קומט אַ מענטש? — האָט ער גלייך געפרעגט, ווייזנדיק גלייכגילטיק מיט דער האַנט אויף אַ ברייטער הילצערנער באַנק, ער זאָל זיך זעצן.

— פון פּוילן.

— פון פּוילן? — האָט ער מיט פאַרוווּנדערונג איבערגעחזרט.

— איך שטאַם פון לאָדזש — האָט ער קורץ צוגעגעבן — אַן אַרבעטער.

— אָ, איך קען לאָדזש, נאָך פון יענער וועלט־מלחמה. — באַטראַכטנדיק גלייכצייטיק דעם אויסגעריבענעם דאָקומענט ביי דער שיין פון דעם קליינעם נאַפט־לעמפּל.

— און איצט, פון וואַנען קומט איר?

— פון ביאַליסטאָק.

אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט די טיר און אין שטוב איז אַריינגעקומען דער שמיד פונעם דאָרף, אַן עלטערער פויער, אָבער נאָך אַ גענוג קרעפטיקער לויט זיינע יאָרן.

— אָ, דיערבוכאָוו! — האָט אויסגערופן דער סאָלטיס — גוט וואָס איר זענט דאָ, איך האָב אַ גאַסט פאַר אייך, פון אַ וויטן וועג, פון פוילן.

— אמת, פון וויט... — האָט מיט אַ שמייכל צוגעשטימט דיערבוכאָוו — נו, און די דייטשן האָבן אַריבערגעלאָזט?

— איך האָב נישט געפרעגט. צוויי מאָל פאַרהאַלטן אין לאַגערן. נאָר עס איז געלונגען צו אַנטלויפן.

— מאָלאָדיעץ! — האָבן ביידע גלייכצייטיק אַרויסגעזאָגט.

— וואָס קלערט איר איצט ווייטער צו טאָן? — האָט געפרעגט דער סאָלטיס.

טשאַפּליצקי האָט בלויז אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען, ווי איינער זאָגט: איך זאָל אַזוי וויסן פון שלעכטס...

— לאָז צו רו — האָט זך אָנגערופן דיערבוכאָוו — זאָל ער איבערכאַפּן דעם אָטעם. זעסט דאָך, ווי ער זעט אויס. ווו איבערצונעכטיקן וועט זיך נאָך געפינען און אַרבעט וועסטו אים מאָרגן צוטיילן.

אין דאָרף האָט ער זיך שנעל באַקענט מיט פאַרשידענע מענטשן, געוואָרן אַ גאַנצער תּושב, הויפּטזאַכלעך האָט ער זיך באַפריינדט מיט דיערבוכאָווס יינגסטן זון, דעם לערער פונעם דאָרף.

עס זענען פאַרביי עטלעכע וואָכן. ער איז געקומען צו זיך, פאַררעכטן די קליידער, פאַרלאַטעט די שיך, פאַר דעם עסן און מאַכאָרקע אויך ערלעך אָפּגע־אַרבעט. אין דאָרף האָט מען שוין אַ סך אָנגעהויבן דערציילן וועגן גרויסע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, וואָס געפינען זיך אין די בריאַנסקער וועלדער.

— צייט צו קלערן פון אַ תּכלית — האָט יוזעף טשאַפּליצקי געגעבן אַ טראַכט, און באַשלאָסן וועגן דעם זיך דורכצושמועסן מיטן דאָרפישן לערער, דיערבוכאָוו, וועלכער איז פאַר דער מלחמה געווען אַן אַקטיוויסט פון קאָמסאָמאָל און צוליב זיין לאָמען פוס נישט געגאַנגען אויפן פראָנט.

— הער אויס — האָט טשאַפּליצקי איין מאָל צו אים געזאָגט — אויב דו ביסט מיר אַ גוטער פריינד, מוזסטו מיר העלפן. קיין געהעריקע דאָקומענטן האָב איך נישט, שפּיצלעס אין דאָרף פעלן אויך נישט. טאָמער פאַל איך אַריין אין די הענט פון דער פּאָליציי — איז אַ סוף מיט מיר...

— וואָס מיינסטו, סאַשאַ? — אַזוי האָט מען אים אין דאָרף גערופן — מיט וואָס זאָל איך דיר העלפן?

— איך וויל אַ קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער.

דעם יונגן דיערבוכאָוו איז געוואָרן אַ ביסל קאַלעמוטנע, מיט זיינע קלוגע אויגן מאָדנע, אויספאַרשעריש אים אָנגעקוקט.

— איך וויל דיך נישט ציִען ביי דער צונג, סאַשאַ — האָט ער גלייך צוגע־געבן — קלער דיר דאָס גוט איבער. וועסט האַלטן פאַר נייטיק עפּעס מיר צו זאָגן, איז גוט, אויב נישט, וועל איך דיר אויך קיין שׂונא נישט ווערן.

עטלעכע טעג זענען פאַרביי און גאָרנישט. איין מאָל האָט זיך דער לערער אַזוי האַלב וויצלענדיק, האַלב ערנסט אָנגערופן:

— סאַשאַ, דו וואָלסט נישט געוואָלט אַ שפּאַציר מאַכן צו מיין ברודער. ער איז אויך אַ שמיד, ווי אונדזער טאַטע. ער וווינט אין אַ פּאָסיאָלעק ביי די בריאַנסקער וועלדער. וועסט אים ביי דער געלעגנהייט אָפּגעבן אַ גרוס און וועסט אים בלויז זאָגן... ער זאָל נישט פאַרגעסן... ס׳וועט דיר ביי אים געפעלן.

מען האָט דאָס טשאַפּליצקין נישט געדאַרפט צוויי מאָל איבערחזרן. גלייך דעם צווייטן טאָג האָט ער גענומען אויספירן דאָס שליחות. עס איז געווען אַ פּראָסטיקער טאָג, ווען ער האָט זיך געקליבן אין וועג אַריין. געזעגנט מיט די פריינד, איינגעפּאַקט אַ ביסל צידה־לדרך אויפן וועג און פאַרלאָזט מיכאַיִלאָווקע.

דער וועג איז נישט געווען קיין לייכטער. טשאַפּליצקי האָט געוואַנדערט איבער פאַרפרוירענע ראָוועס, פאַרשיטע מיט שניי טאָלן און בערגלעך, דורך וועלדער איינגעהילטע אין ווייסע ווי וואַטע מלבושים, דורך צעשפּרייטע פעלדער. אַ וויוגע, אַ שטורעם־ווינט האָט געהוליעט. די ביימער האָבן געקרעכצט, גע־יאָמערט אונטער די קלעפּ פון דעם אומברחמנותדיקן ווינט. די פיס פאַרשטייפטע פון קעלט באַוועגן זיך שווער ביים דורכשלאָגן זיך איבער די בערג, נאָר דער ציל איז שטאַרקער פון אַלעם, אין קאָפּ שוועבט בלויז איין געדאַנק — פּאַרטי־זאַנער...

דער יונגער שמיד האָט אים זייער פריינדלעך אויפגענומען, אָבער נישט געקוקט אויף אַלץ, האָט דאָס אים נישט געשטערט דעם צווייטן טאָג אים צו פרעגן, ווען ער האָט בדעה צוריקצוגיין קיין מיכאַיִלאָווקע.

— איך טראַכט איבערהויפּט נישט צוריקצוגיין — האָט טשאַפּליצקי גלייך געענטפערט — איך וואַרט אויף אַ קאָנטאַקט מיט פּאַרטיזאַנער.

— וואָס, דו ווילסט נישט צוריקגיין? — האָט ער אַזוי גלייכגילטיק זיך געגעבן אַ זאָג — גוט, בלייב דאָ, אפשר וועט זיך דיר עפּעס טרעפן.

אין דריי טעג אַרום האָט זיך טאַקע „עפּעס" געטראָפן. אין מיטן נאַכט הערט זיך אַ שטאַרק קלאַפּן אין דער טיר. דיערבוכאָוו איז שנעל אויפגעשטאַנען, גע־עפנט די טיר און אָנגעצונדן אַ קליין נאַפט־לעמפּל.



УДОСТОВЕРЕНИЕ

Предъявитель настоящего удостоверения Курц

Исидор Герцович

за доблесть и мужество, проявленные в партизанской борьбе против немецко-фашистских захватчиков, награжден медалью

„Партизану Отечественной войны"

первой степени

Секретарь Президиума Верховного Совета СССР А. Горкин

28 августа 1951 года

№ 028426

די אויסצייכענונג פון פאַלקאָווניק יוזעף טשאַפּליצקי

— פּאָליציי — האָט ער שטיל געזאָגט — שטיי אויף.

אין שטוב זענען אַריינגעקומען צוויי פּאָליציאַנטן מיט אָרעם־בענדער. איינער פון זיי, אַ מאַן פון אַ יאָר 36, אַ ברונעטער, פון מיטעלן וווקס, האָט גלייך גע־פרעגט אויף דאָקומענטן, אויף דעם גאַסט, וואָס האָט זיך געפונען, אַחוץ טשאַ־פּליצקין, און נאָך פיל אַנדערע פראַגעס.

זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן אַ ביסל האַסטיקער קלאַפּן, אָבער ער האָט זיך גלייך באַהערשט. שוין נישט איין מאָל געווען אין אַזאַ לאַגע. דער געדאַנק האָט גענומען געשווינדער אַרבעטן: אויב זענען דאָס אמתע פּאָליציאַנטן, איז אַ פאַר־פאַלענע זאַך, מוז מען זיין גרייט אויף אַלץ. אויב אָבער איז דאָס בלויז אַ שפּיל, צוליב פאַרזיכטיקייט?... מען מוז זיך אַנטשליסן. ער האָט אויפגעריסן דעם אונ־טערשלאַק פון זיין ראָק און אַרויסגענומען אַ קליינעם קאָנווערט און אים דער־לאַנגט דעם אויספאָרשער. עטלעכע פּאָר אויגן האָבן מיט גרויס נייגער אַ קוק געגעבן דאָ אויף אים און דאָ אויף דעם קאָנווערט. אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ טויט־שטילקייט. פאַר יוזעף טשאַפּליצקין איז דאָס אָבער געווען אַ מאָמענט, אין וועלכן עס האָט זיך דעצידירט — לעבן אָדער טויט. זיין אויספאָרשער האָט זיך פּאַמעלעך אַנידערגעזעצט, געעפנט דעם קאָנווערט, אַרויסגעטרייסלט אויפן טיש זיין אינהאַלט און גענומען לייענען. אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַ קוק געגעבן אים שאַרף אין די אויגן און געפרעגט:

— יוזעף טשאַפּליצקי, פון לאָדזש, אַן אַרבעטער?...

— יאָ.

— אַ קאָמוניסט?

— פון דעם איין און דרייסיקסטן יאָר...

— לעצטנס געאַרבעט אין ביאַליסטאָק?

— יאָ.

די שטוביקע זענען געפּלעפט געוואָרן, אָבער די זעלבע אויגן קוקן אויף אים שוין גאַנץ אַנדערש, היימלעכער, וואַרעמער; מער פריינדלעך. ער אַליין פילט אויך, אַז מיט זיין שריט האָט ער קיין טעות נישט געהאַט. ער איז אין אַן אייגענער סביבה. מיט אַ מאָל שטעלט זיך דער פּאָליציאַנט אויף, פאַרריכט זיך דעם פּאַס און, מיט אַ גאַנץ אַנדער טאָן, אָפיציעל זיך פאָרגעשטעלט:

— דער עלטערער קאָמיסאַר פון פּאַרטיזאַנער־באַטאַליאָן, סיליטש. אַנט־שולדיקט פאַר דער מאַסקירונג. ביטע, וואָס ווינטשט איר זיך?

ווי טשאַפּליצקי האָט שפּעטער זיך דערוווּסט, איז דאָס געווען אַ יידישער בחור פון דער שטאָט גאַרקי, פון פאַך אַ פילם־רעזשיסער. סיליטש איז געווען זיין פּסעוודאָנים.

— איך וויל גיין מיט אייך.

סיליטש האָט אַ ווײַלע געקלערט.

— זעסטו, ברודערקע, דאָס וועט שוין זײַן שווער. מיר נעמען קיינעם נישט, נישט קיין מיליטער־לײַט און אַוודאי נישט קיין ציווילע, און דו ביסט אַן געווער און דערצו נאָך אַן אויסלענדער.

— איר נעמט נישט, וועל איך אַליין צו אייך קומען.

— כאַ־כאַ, דו שרעק אונדז נישט. אַזעלכע, וואָס קומען אַליין און נישט געבעטן, טוען מיר... צווייטנס — די וועלדער זענען גרויס. ווי אַזוי וועסטו טרעפן ?...

— טרעפן ?, צום בײַשפּיל, מיטן שפּור פון דעם היי... אייערע פערד דאַרפן דאָך אויך עסן...

— דאָס האָט ער אויסגעקלערט — האָט סיליטש אָנגעהויבן לאַכן.

אינעם זעלבן טאָן האָט זיך דער שמועס נאָך לאַנג געצויגן. ענדלעך האָבן זיי באַשלאָסן אים מיטצונעמען.

דאָס איז געווען אָנהייב פעברואַר 1942. צו דער גרופּע וואָס ער האָט געטראָפן איז געווען אין גאַנצן 63 מאַן, דערונטער 61 אָפיצירן, איין אונטער־אָפיציר און יוזעף טשאַפּליצקי. ער איז בײַ זיי געזעסן עטלעכע וואָכן בײַ קאַרטאָפל שיילן. אייגנטלעך זענען דאָס נאָך נישט געווען קיין פּאַרטיזאַנער. דאָס זענען געווען נישט־דערשלאָגענע רעשטלעך פון די גרויסע „קעסלען", איבער־הויפּט פון דער סמאָלענסקער קאָמפּאַניע. זייער ציל איז געווען זיך אָנצושליסן צוריק אין דער רעגולערער אַרמיי. די איינציקע אַרבעט זייערע איז איצט געווען צו פאַרניכטן דײַטשע פּאַטראָלן, וואָס האָבן זיי געקאָנט דעמאַסקירן. דערנעבן איז געווען נאָך אַן אָפּטיילונג קאַוואַלעריע. דאָס זענען געווען די טויזנטער פּאַרטיזאַנער, וועגן וועלכע מען האָט אין די דערפער דערציילט פאַנטאַסטישע געשיכטעס... מיט דער צייט האָבן זיי זיך פאַרוווירקלעכט. אין דעם ראַיאָן האָבן מאַסנווייז אָנגעהויבן צוצושווימען מענטשן און זיי זענען געוואָרן אַ שטאַרקע באַוועגונג, זיך צעוואַקסן אין באַטאַליאָנען און בריגאַדעס פון זייער אַן אינטענ־סיווער און באַוועגלעכער קראַפט. הויפּטזאַכלעך האָט מען קאָנצענטרירט די אַרבעט אין צוויי ריכטונגען: אויסשפּיר און דיווערסיע. יעדער באַטאַליאָן האָט געהאַט אַן אויסגעטיילטן פלוטאָן פון אויסשפּירערס, אין וועלכן עס זענען אַרײַנ־געגאַנגען, אָפּהענגיק פון דער צייט און סיטואַציע — 3 ביז 4 גרופּעס. טשאַפּ־ליצקי איז אויך באַשטימט געוואָרן אַלס פירער פון אַזאַ אויסשפּיר־גרופּע.

די מאַטעריאַלן זענען סיסטעמאַטיש איבערגעשיקט געוואָרן קיין מאָסקווע מיט דער הילף פון דעם אויסגעשולטן ראַדיסט און ראַדיאָסטאַנציע, וועלכע מען האָט סיליטשן צוגעשיקט פון דער „גרויסער ערד". אַזוי אַרום זענען זיי געוואָרן אַ טייל און אויך אונטערליגן די באַפעלן פון דער פראָנט־אָנפירונג.

# אַ צופעליקע אָנערקענונג

די בריגאַדע, צו וועלכער ס׳האָט געהערט טשאַפּליצקי, האָט זיך דעמאָלט קאָנצענטרירט אין מערבדיקן טייל פון דעם דרייעק בריאַנסק - ראָסלאַוול - מגלין. דאָס לעבן איז דאָ געווען אונטער אַ שטאַרקער מיליטערישער דיסציפּלין, ווי אין אַ רעגולערער אַרמיי. די אָנפירונג האָט דעמאָלט געהאַט איבערגענומען דער מאַיאָר גאַלוגאַ — אַ הויכער, בלאָנדער בחור פון איבער 30 יאָר, אַ זייער אינטעליגענטנער און אויסגעשפּראָכן קאָנסעקווענטער אין דער האַנדלונג.

ווי געוויינלעך האָט זיך יעדער געטאָן זיין אַרבעט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די דיווערסיע־אַרבעט איז געווען אינטערעסאַנטער, קאָנקרעטער, מער ממשות־דיק — אויפרייסן באַן־רעלסן, אונטערלייגן מינעס אין דייטשע מאַטעריאַל־סקלאַדן, אין גאַרניזאָנען, טייל מאָל אויך דירעקטע קאַמפן מיט היטלעריסטישע אָפּטיילונגען. אָבער אויך זייער אַרבעט איז נישט געווען פון קיין קלענערן באַטייט, דערצו נאָך האָט זי פאַרלאַנגט אַ זייער שטאַרקן נערוון־סיסטעם, זעלבסט־באַהערשונג אין יעדן פאַל, ווי אויך המצאות און פאַרשידענע קאָמבינאַציעס.

זייער באַזע איז געווען די שטאָטישע און די דאָרפישע באַפעלקערונג, צווישן וועלכער זיי האָבן געהאַט אַ סך אינפאָרמאַטאָרן און רעזידענטן, הויפּטזאַכלעך ביי די פּאַטריאָטיש־געשטימטע איינוווינערס און פאַרטייערס. אַ סך מאָל אָבער האָט מען אַליין זיך געמוזט אַריינלאָזן אין דער נעץ, כּדי עפּעס אַרויסצוציִען. עס זענען אויך געווען מאָמענטן, ווען עס האָט צוגעהאָלפן אַ פּשוטער צופאַל.

ס׳איז אַ קאַלטע ווינטער־נאַכט — דערציילט ווייטער טשאַפּליצקי — דער ווינט האָט געפייפט און געבלאָזן אין די אויגן. די, ווי זאַמד, טרוקענע און שוואַרצע שיכטן שניי, וואָס האָבן פאַרדעקט די פעלדער און וועגן. ער האָט זיך צוריקגע־קערט מיט זיין גרופּע אויסשפּירערס צו דער „פּאַרטיזאַנישער היים”. זיי זענען געווען מיד פון דעם לאַנגן וואַנדערן. יעדער האָט געהאַט אין געדאַנק די „זעמליאַנקע”, וווּ ער וועט קאָנען אויסגלייכן די געפרוירענע פיס, זיך אָפּוואַשן און זיך אויסשלאָפן. מיט אַ מאָל האָבן זיי דערזען, ווי פון דער טונקלקייט שניידן זיך אַרויס עטלעכע סילועטן. „אַ פּאַטראָל”, איז גלייך געקומען אויפן געדאַנק. ווי אויף אַ באַפעל האָבן אַלע, גרייט צום שיסן, גענומען די אויטאָמאַטן, יעדער איז גלייך געוואָרן מונטער און וואַך. צעטיילט אין צוויי גרופּעס האָבן זיי זיך צעשפּרייט אין טיראַליערן און גענומען וואַרטן ביז זיי וועלן צוקומען נענטער.

— הענדע האָך! רוקי ווערך! — האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פון עטלעכע זייטן.

דער פּאַטראָל איז איבערראַשט געוואָרן פון די אינטערנאַציאָנאַלע באַפעלן און נאָך מער פון די אויסגעשטרעקטע שוואַרצע רערן...

די אַנטוואָפענונג האָט סך־הכל געדויערט עטלעכע מינוט. מיט אַזעלכע זאַכן האָט מען זיך ביי די בריאַנסקער פּאַרטיזאַנער נישט געריכמט, מחמת יעדן איז געווען גוט באַקאַנט דאָס פּחדנות פון דער רענעגאַטן־פּאָליצייִ, ביי וועמען די הענט האָבן זיך אַליין געהויבן אין דער הייך ביים באַוויזן זיך פון אַ פּאַרטיזאַן. אָבער אַ זייער אינטערעסאַנטער פּאַרשוין איז געווען דער דייטשער פעלדפעבל, דער פירער פונעם פּאַטראָל.

טשאַפּליצקי האָט גלייך גענומען דעם פעלדפעבל אויף אַ פאַרהער.

דער דייטש האָט געקענט אונגאַריש און איז געווען דער פאַרבינדלער ביים שטאַב פון דער דיוויזיע פון דער אונגאַרישער אַרמיי, וואָס האָט געקעמפט אויף דער היטלעריסטישער זייט.

ער האָט אָנגעגעבן די צאָל, די נעמען פון דער אָנפירונג, דיסלאָקאַציע, באַוואָפענונג, און נאָך אַנדערע נייטיקע מאַטעריאַלן. טשאַפּליצקי האָט דאָס אַלץ פאַרצייכנט און איבערגעגעבן דעם שטאַב פון דער בריגאַדע, וועלכער האָט אין זיין טעגלעכן ביולעטין איבערגעשיקט אויך די דאָזיקע מעלדונג צום אַרמיי־שטאַב אויף מזרח.

נאָך די זעלבע נאַכט איז צוריקגעקומען אַ באַפעל: דעם, וואָס האָט געבראַכט די מעלדונג, אויסדריקן אַ דאַנק פאַרן פראָנט פון דער גאַנצער בריגאַדע!

דאָס איז געווען ביי די פּאַרטיזאַנער די העכסטע אָנערקענונג.

אַזוי האָט אַ צופאַל אויפגעדעקט די דיסלאָקאַציע פון דער אונגאַרישער דיוויזיע, וואָס דער סאָוויעטישער שטאַב האָט אַזוי שטאַרק געזוכט, ווייל דאָרט האָבן די דייטשן אין שטרענגער געהיימעניש געמאַכט גענויע צוגרייטונגען צו אַ גרויסער מיליטערישער אַקציע.

# די בריק אויף דער דעסנאַ

דאָס איז געווען אין מאַי 1943, ווען יוזעף טשאַפּליצקי איז גערופן געוואָרן אין דער זעמליאַנקע פונעם שטאַב. ביי אַ מאַפּע איז געשטאַנען דער בריגאַדע־פירער, מאַיאָר גאַלוגאַ, נעבן אים דער שטאַב־שעף גריגאָרי, האַלטנדיק עפּעס אַ פאַרשריבן בלאַט פּאַפּיר אין דער האַנט, ווייזט אויס, דעם באַפעל, וועלכן ס׳האָט איבערגענומען דער ראַדיסט פונעם פראָנט־שטאַב פון דער „גרויסער ערד״.

— נאַ, סאַשאַ, ווידער אַ שווער שטיקל אַרבעט — האָט מיט גרויס ערנסט געזאָגט גאַלוגאַ.

— דערויף זענען מיר פּאַרטיזאַנער!

— יאָ, גערעכט טאַקע, דערויף זענען מיר פּאַרטיזאַנער — האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ גאַלוגאַ — און דאָס לעבן איז נישט לייכט אין אונדזער דינסט. סאַשאַ — האָט ער מיטן זעלבן טאָן ווייטער געצויגן — אַלסופיעוואָ קענט איר?

— פון אַזאַ אָרט געהערט, אָבער דאָרט נישט געווען.

— איצט וועט אויסקומען דאָרט צו זיין. ס׳איז דאָ אַ באַפעל פונעם פראָנט־שטאַב, אַז די דאָרטיקע בריק אויף דער דעסנאַ מוז ווערן צעשטערט. איר, סאַשאַ, מוזט באַשטימען ווי אַזוי דאָס אויסצופירן. איך שטעל אייך קיין טערמין נישט. איר זענט אַן אַלטער, דערפאַרענער פּאַרטיזאַן, איר פאַרשטייט אַליין — עס גייט צו זומער, מען גרייט זיך צו גרויסע קאַמפן, מען מוז זיך איילן...

ער איז אַרויס פון שטאַב ווי פאַרשיכורט. אַלסופיעוואָ... דעסנאַ... די בריק... די באַן־ליניע ראָסלאַוול־בריאַנסק... עס אַז נישט קיין לייכטע זאַך. צום גליק האָט ער נישט געוווסט וועגן די דעפּעשעס און באַפעלן, וועלכע האָבן זיך געשיט פון דער „הויפּט־קוואַרטיר דער דויטשער ווערמאַכט״. אין מאַי 1943 האָט די היטלעריסטישע אַרמיי „צענטרום״, אויפן באַפעל פון דעם „פירער״, זיך געגרייט צו דער זומערדיקער אָפענסיווע. אין ראַיאָן פון בריאַנסק האָבן זיך געפונען די הויפּט־מאַגאַזינען פון דער אינטענדענטור פאַר דער דייטשער צענטראַלער אַרמיי. דערפאַר האָט מען אַהער געשיקט שטאַרקע כּוחות צו שיצן די ליניע ראָסלאַוול־בריאַנסק, און הויפּטזאַכלעך די איינציקע גרויסע בריק אין אַלסופיעוואָ.

דער גאַרניזאָן אין אַלסופיעוואָ האָט איבערגענומען דער גוט־אויסגעשולטער און געניטער אין קאַמפן מיט פּאַרטיזאַנער — מאַיאָר קערעט.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג ביים אויסשפּיר־לייטער פון באַטאַליאָן, האָט

טשאַפּליצקי באַקומען לעבנסמיטל אויף צוויי טעג און מיט נאָך פינף אויסשפּירערס זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

ס׳איז כּדאַי צו געדענקען, אַז אין די אויסשפּיר־גרופּעס זענען אויסגעקליבן געוואָרן ספּעציעל־פּעיִקע מענטשן. מ׳האָט גענומען אין אַכט סיי די פיזישע ווערטן, סיי די אינטעליגענץ און בילדונג פונעם קאַנדידאַט. אין דעם פאַל האָט מען אים צוגעטיילט די שטאַרקסטע און אינטעליגענטסטע יאַטן.

די ערשטע נאַכט איז אַדורך אָן געשעענישן. זיי האָבן איבערגעלאָזט הינטער זיך אַ וועג פון העכער צוואַנציק קילאָמעטער. אין דער פרי האָבן זיי באַשטימט אַ וואַך, וואָס האָט זיך געטוישט יעדע צוויי שעה און די איבעריקע האָבן זיך געלייגטשלאָפן. די צווייטע נאַכט האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ דייטשן פאָר־פּאָסטן, וועלכן מען האָט געמוזט זייער פאָרזיכטיק אויסמיידן, כּדי נישט אָנצומאַכן טומל. עס האָט אַפילו געקיצלט אין די הענט זיי אַריבערצושיקן אין גן־עדן אַריין, אָבער די אויפגאַבע איז געווען וויכטיקער פון אַלץ. אַזוי האָבן זיי מאַרשירט נאָר ביי נאַכט, ביז זיי האָבן ענדלעך דערגרייכט דאָס דאָרף אַלסופּיעוואָ.

פון דער ווייטנס האָבן זיי באַטראַכט דעם אָביעקט פון זייער ציל. פון איין זייט די קליינע דאָרפישע הייזלעך מיט די פאַרטונקלטע פענצטערלעך און פון דער צווייטער זייט האָט מאַיעסטעטיש זיך געצויגן איבער דער דעסנאַ די בריק, איבער וועלכער ס׳איז גראָד אין דעם מאָמענט אַריבערגעפאָרן אַ צוג פון ראָסלאַוול מיט צוויי מאַשינען, וואָס האָבן געצויגן מיט זיך ביי אַ זיבעציק וואַגאָנען און פּלאַט־פאָרמעס מיט טאַנקען און אַנדערע מיליטערישע מכשירים. ביי אַ דריי הונדערט מעטער פון דער דעסנאַ, אויפן מזרחדיקן ברעג, זענען געווען געדיכטע וואַלד־קוסטעס און דאָ האָבן זיי געשאַפן זייער צייטווייליקן אויפהאַלטס־פּונקט.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָבן זיי זיך געלאָזט אויסשפּירן דאָס געביט און אויך כּדי אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט עמעצן פון דער דאָרטיקער באַפעלקערונג. דריי פון די אויסשפּירערס איז גליייך געלונגען אָנצוטרעפן אויף אַ דאָרפיש יִינגל, וועלכער איז געווען מיט אַ שיפל ביים פיש־פאַנגען און ער האָט זיי אַריבער־געפירט אויף דער צווייטער זייט בריק. ער האָט אויף זיי אַפילו קיין אַכט נישט געלייגט. נישט וואַרטנדיק אַפילו אויף קיין דאַנק, האָט ער פאַרוואָרפן זיין ווענדקע אויפן צווייטן אָרט. די יאַטן האָבן זיך איצט געלאָזט יעדער אין אַן אַנדער ריכטונג.

אַזוי זענען אַריבער עטלעכע טעג. עס זענען אַריינגעשוווּמען בלויז אויבער־פלעכלעכע ידיעות. זיי זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז וועגן אַ פראָנטאַלן אָנגריף אויף דער בריק איז נישטאָ וואָס צו רעדן. אַרום זענען געווען אויסגע־בויטע בונקערס, מיט פאַכמעניש צוגעגרייטע ראָוועס־פאַרבינדונגען. אַלע זיכער־

היטס־פּונקטן זענען געווען אין דער הייך, מאַסקירט צווישן ביימער און קוסטעס. ווען זיי זאָלן אַפילו האָבן אין זייער רשות אַרטילעריע, וועלן זיי אויך קיין סך נישט אויפטאָן, ווייל די דייטשן האָבן צו יעדער מינוט געקאָנט ברענגען פאַר־שטאַרקונגען. די מעלדונגען פונעם דייטשן שפּיצל, וועלכער איז אַריינגעפאַלן אין זייער נעץ, דער קליינער אליאָשקע פון אַלסופּיעוואַ, זענען אויך נישט געווען גענוגנדיק צו שאַפן אַ גענויעם פּלאַן, מיט וועלכן מען האָט געקאָנט קומען צום מאַיאָר גאַלוגאַ. דעם אמת געזאָגט, איז די אויסשפּיר־אַרבעט געווען פאַרענדיקט. זיי האָבן געהאַט אַלע פאַרצייכענונגען פון די בונקערס, יעדן דייטשן פּונקט, די צייט פון טוישן זיך פון דער שוץ־וואַך, באַוואָפענונג, נעמען פון די אָפיצירן, סקיצן, אָבער קאָנקרעט ווי אַזוי די בריק צו פאַרניכטן, האָבן זיי נישט געוווּסט.

אַריינדרינגען אין דעם אינערלעכן סיסטעם פון דער שוץ איז נישט געווען וואָס צו טראַכטן, בלויז דייטשן זענען געווען אין דער גאַנצער באַדינונג; אַריינ־שמוגלען אויפרייס־מאַטעריאַל איז געווען אוממעגלעך.

זיי זענען געזעסן פאַרטראַכט ביים אָוונט־ברויט, אָן הומאָר. עס זענען פאַר־לוירן געגאַנגען דריי וואָכן אָנגעשטרענגטע אַרבעט אָן שום קאָנקרעטן רעזולטאַט.

— איך האָב אַ פּלאַן — האָט זיך אָנגערופן מישקאַ קאָניעוו, זייער פּראָוויאַנט־פאַרזאָרגער — מיט דער דעסנאַ, אונטערן וואַסער.

— וואָס רעדסטו, מישאַ? — האָט אים אָפּגעענטפערט סטעפּאַן קאַרצאָוו, אַן איזנזשיניער פון פאַך — דאָס נאָענטסטע אָרט, ווו מען קאָן אַריינגיין אין וואַסער איז אומגעפער 150 מעטער. ווער וועט קאָנען שווימען אַזאַ לענג אונטערן וואַסער, נאָך דערצו מיט אויפרייס־מאַטעריאַל? אָט דאָ האָסטו דעם סקיץ. פון דער צווייטער זייט בריק ווידער איז אַ שטיק וואַלד, פול אָנגעפּיקעוועט מיט דייטשן.

— ביסט גערעכט, סטעפּאַן, נישט איך און נישט דו וועלן צושווימען, אָבער טויכערס?

דער געדאַנק איז נישט געווען קיין שלעכטער, אָבער צוריקקומען מיט דעם אַליין וועלן מיר זיין צו געלעכטער. מוז מען זיך צו ערשט איבערצייגן אויב דאָס איז אויספירבאַר.

דריי נעכט נאָך אַנאַנד האָבן זעקס אויסשפּירערס, אויסגעטאָן אָדם־נאַקעט, זיך געלאָזט מיטן וואַסער, כדי אויסצופּרוּוון די איינציקע מעגלעכקייט צו פאַר־ניכטן די בריק. די אַרבעט איז געווען זייער אַ געפערלעכע. אין פאַל פון אַן אַלאַרם, וואָלט קיינער נישט געבליבן ביים לעבן און דער מאַיאָר גאַלוגאַ וואָלט געוווּסט, אַז די אונטערנעמונג איז אַ פאַרפאַלענע. זעקס נעמען וואָלט מען ווידער אויסגעשטראָכן פון דער בריגאַדע...

שטיל, עס זאָל אַפילו קיין פליוסק נישט געבן, איז מען אַריין אין טייך, אַריינגעצויגן דעם אָטעם און פאַרשווונדן אונטערן וואַסער. ווידער אַרויסגע־שטעקט דעם קאָפּ, אַריינגעכאַפּט אַ ביסל לופט און ווייטער געשווומען. אַ טייל האָבן זיך געררוקט פון ביידע זייטן ברעג, מאַסקירט פון דער פלאַנצן־געדיכטקייט, וועלכע האָט איבערגעהאָנגען ביז צום וואַסער. אונטער די פילאַרן זענען זיי געשטאַנען און שווער געאָטעמט. די ברייט פונעם טייך אויף דעם אָרט איז געווען ביי אַ דרייסיק מעטער און צוויי ביז צוויי און אַ האַלבן מעטער די טיף. עס זענען דאָ געלעגן גרויסע שטיינער. זיי האָבן געזוכט, געגנישטערט ווו מען קאָן דאָס מאַטעריאַל בעסער אָנטשעפּען. אינעם פּלאַן מוז דאָס אַלץ זיין, אַפילו דער סקיץ פון די ווענט פון די בריק־פילאַרן, שפּעטער וועט קיין צייט נישט זיין צו זוכן, ווען מען וועט שוין זיין מיטן מאַטעריאַל. טויכערס מוזן האָבן אַלץ ווי אויף דער האַנט, אויסגערעכנט ביזן קלענסטן פונקט און צו דער מינוט און רגע. די הערצער האָבן האַסטיק געקלאַפּט. אויך אַזעלכע אַלטע און דערפאַרענע אויס־שפּירערס זענען בלויז מענטשן און האָבן אויך נערוון, וועלכע ס׳איז טייל מאָל שווער געווען צו באַהערשן. עס האָט זיי גאָרנישט נישט פאַרראַטן. דאָס ברויזנ־דיקע וואַסער האָט געיאָגט אין זיין בעט, די כוואַליעס האָבן געאיילט, די בריק האָט מאַיעסטעטיש געשווינגן און די ווערכטער האָבן געקוקט אין דער אומענדלעכער ווייטקייט פון דער ביינאַכטיקער פינצטערניש, אויף דעם רוישנדיקן רוסישן וואַלד, וועלכער האָט אויך מיט די פאַרטיזאַנער שלום געמאַכט און די געהיימעניש נישט אויפגעדעקט.

אין דער בריגאַדע איז מען שיון געווען באַאומרויקט. זיי זענען שוין געווען אָפּוועזנדיק פיר וואָכן. דער פראָנט־שטאַב האָט געאיילט, געוואַרט אויף אַ רעזול־טאַט. עס איז דעריבער נישט קיין וווּנדער, אַז ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט איז זיי אַרויס באַגעגענען דער גאַנצער שטאַב. גאַלוגאַ האָט שוין געהאַט אַ ביין געזיכט און אויף דער צונג — ווו זענט איר אַזוי לאַנג געווען?!... אָבער עס איז געגנוג געווען איין בליק צו געבן אויף די אויסגעמאַטערטע פּנימער, אָפּגע־ריסענע און אָפּגעשליסענע קליידער, ער זאָל גלייך ענדערן זיין געזיכט און מיט אַ שמייכל אַריינבעטן אין דער זעמליאַנקע.

באַלד איז געפלויגן אַ מעלדונג צו דער „גרויסער ערד". צוויי שעה שפּעטער האָט מען זי איבערגעגעבן דעם פאַרטיזאַנישן שטאַב אין מאָסקווע און נאָך די זעלבע נאַכט האָט דער ראַדיסט אין די בריאַנסקער וועלדער איבערגענומען אַ שיפרירטע מעלדונג: איקס 57 קאָמאַ 16 קאָמאַ 5 סטאָפּ. רפּ 93 קאָמאַ 6 קאָמאַ 7 סטאָפּ. 0000 ז 13... אין דער לופטן זענען געפלויגן די צייכנס פון ראַדיסט און

די באַשטעטיקונג פון איר אָפּנעמען... דער שיפּראַנט פון דער אָפּעראַטיווער אָפּטיילונג האָט אַלץ גלייך געמאָלדן גאַלוגאַן.

— מאָרגן, 0.15 אַ זייגער, אַ מאַשין דוגלאַס. די הייך 500, דריי קרייזן... גיט דערקענונגס־צייכנס לויטן באַפעל 15/ר/42... דער וואָרף: אויפרייס־מאַטע־ריאַל, 12 טויכערס, דער פירער מאַיאָר קושניעזאַקאָוו...

אין שטאַב איז אַ באַראַטונג. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן הונדערט רייטערס. מיטן באַקאַנטן שוין וועג האָבן געדאַרפט פאָרן: יוזעף טשאַפּליצקי און זיינע פינף אויסשפּירערס. זיבעציק רייטערס אַלס שוץ פון דער אונטער־נעמונג. די הויפּט־פיגורן זענען איצט — דער מאַיאָר קושניעזאַקאָוו, אַן איידעלער, הויכער מאַן פון אַ יאָר 30 און זיינע עלף טויכערס — יעדער האָט ביי איינעם דער פּאַלשירעם זיך גישט געעפנט. זיין קערפּער האָט מען שפּעטער געפונען אויפן וואַלד־אָפּשניט שוין פאַרשטייפט. יאָ, ביי פּאַרטיזאַנער געשעט פאַרשיידנס, אַ טויכער ווערט אַ מאָל געהרגעט אין דער לופטן אויך. די 32 קאַסטנס מיט אויפרייס־מאַטעריאַל, צו 25 קילאָ יעדער, האָט געזאָלט אויפגעלאָדן ווערן אויף 16 פערד. דער מאַרש מוז, צוליב קאָנספּיראַטיוון פאַרזיכט, פאָרקומען בלויז ביי נאַכט.

עס איז שווער צו דערציילן, זאָגט טשאַפּליצקי, ווי עס האָט אויסגעזען דער וועג. אַ געהיימער מאַרש פון אַזאַ גרויסער אָפּטיילונג, כאָטש די פערד זענען געווען ווי צוזאַמענגעוואַקסן מיטן רייטער און פאַרשטאַנען זיין יעדן צייכן, איז נאָך דערצו געווען די געוואַלדיקע מאַסע אויפרייס־מאַטעריאַל, וואָס האָט דער־גרייכט די פייער־קראַפט פון אַ באַוואָפענונג כמעט פון אַ באַטאַליאָן. אָבער דער גורל האָט געוואָלט, אַז מען זאָל בשלום אָנקומען צום ציל.

עס איז אַ שטילע נאַכט. די גאַנצע אָפּטיילונג איז פאַרהאַלטן אין וואַלד און וואַרט אויף ווייטערדיקע באַפעלן, וועלכע זענען אָפּהענגיק פון די ידיעות, מיט וועלכע עס וועלן צוריקקומען די אויסשפּירערס. אַרום איז אַלץ איינגעהילט אין אַ טיפן שלאָף, דאָ און דאָרט הערט זיך בלויז אַ בילן פון אַ הונט, אָדער אַ פּייף פון אַ ווילדן פויגל. עס ווילט זיך כאָטש פאַררויכערן, אָבער אויך דאָס איז דערוויל פאַרבאָטן.

מ׳האָט אויפגעשטעלט וועכטער. געמאַכט אַלע נייטיקע צוגרייטונגען.

אַלץ איז געטאָן געוואָרן אויפן ווונק. אין מיטן נאַכט האָבן זיך באַוויזן די אויסשפּירערס.

— מיר טרעטן צו צו דער אַרבעט — הערט זיך די קלאָרע שטים פון מאַיאָר קושניעזאַקאָוו.

די אויסשפּירערס האָבן צוגעפּירט די טויכערס און די שוץ ביי אַ דריי הונדערט מעטער פאַר דער בריק. אַ קליינע גרופּע מיט די פערד זענען געבליבן אין וואַלד. קיין צייט טאָר מען נישט פאַרלירן. די טויכערס ציִען אַרויף די סקאַפאַנדערס. די ערשטע גליטשן זיך אַריין אין וואַסער. קושניעזאַקאָוו דערלאַנגט יעדן די מאַסקע, פּרוּוונדיק קודם צי עס פונקציאַנירן די אָטעם־רערן. די טויכערס פאַרשווינדן אונטערן וואַסער, שלעפּנדיק מיט זיך די לאַדונג.

צענדליקער אויגן קוקן אויף דער אויבערפלאַך פון דער דעסנאַ, וואָס באַהאַלט אין זיך איצט אַזאַ גרויסן סוד און זי שווימט זיך ווי עס וואָלט דאָ גאָרנישט פאָרגעקומען. אין דעם מאָמענט ווערן אַלע ווי פאַרגליווערט. פון אונטער דער בריק שווימט זיך בנעימות אַ שיפל. עמעץ האָט אויסגעקליבן אַ צייט פאַר אַ נאַכטלעכן שפּאַציר.

— נישט שיסן! — האָט מען זיך איבערגעגעבן דעם באַפעל פון מויל צו מויל. דאָס שיפל קומט נענטער. מען דערקענט שוין דעם מונדיר. עס איז אַ דייטשער אָפיציר, ער איז שוין געציילטע מעטער פון די פאַרטיזאַנער. ער דרייט אויס צום ברעג. אַלע פאַרהאַלטן דעם אָטעם. די צום נאָענטסטן ליגנדיקע גרייטן זיך ווי די פּאַנטערעס צו אַ שפּרונג, כּדי אים אָן אַ שאָרך צו דערשטיקן. עס געשעט אָבער ממש אַ וווּנדער: אין לעצטן מאָמענט דרייט ער אויס דאָס שיפל און לאָזט זיך צוריק.

אויב ער לעבט ערגעץ און עס וועט אים געוווּנטשן זיין צו לייענען די דאָזיקע שורות — וויצלט זיך טשאַפּליצקי — וועט ער זען, ווי נאָענט ער איז דאַן געווען פון שרעקלעכן טויט.

ער זאָל זיך נאָר נישט אָנשטויסן אויף די טויכערס, פליט ביי יעדן דורך דער געדאַנק, און די בליקן מעסטן ווידער די לענג פון זיי צו דער בריק און צוריק. די מינוטן ציִען זיך ווי אַן אייביקייט. מיט אַ מאָל טוט אַ ציטער דער דראַנג, וועלכער איז געמאַכט אַז די טויכערס זאָלן זיך אָריענטירן, און עס באַווייזט זיך דער ערשטער קאָפּ, דער צווייטער, דער דריטער און די איבעריקע. עס ציִען זיך צו זיי די הענט פון די חברים, אַלע זענען דערפרייט. אַ פּאָר מינוט שפּעטער ליגן עלף טויכערס צווישן די קוסטעס, אָטעמענדיק שווער אָבער צופרידענע פון דעם אָפּגעטוענעם שטיקל אַרבעט.

דער מאַיאָר קושניעזאַקאָוו נעמט איצט דאָס קליינע מעטאַלענע שאַכטל, וויקלט איבער מיט אַן איזאָליר־טאַשמע די פאַרבינדונג פון די איבערפירערס, פון וועלכע צוויי דינע גרייכן אין וואַסער. ער קוקט אויפן זייגער.

— אַלע זיך גרייט מאַכן! — פאַלט אַ באַפעל.

— די פאַרזיכערונג?

— אַלע.

— אויסשפּירערס ?

— אַלע.

קושניעזאַקאָוו קוקט ווידער אויפן זייגער. ער בייגט זיך אַראָפּ און דרייט איבער דעם שליסל. אַ ווײַלע געשעט גאָרנישט... מיטאַמאָל שפּרינגען אַרויס פון דער דעסנאַ צוויי מעכטיקע וואַסער־זײַלן. דער שווערער שטאָלענער בנין פון דער בריק הייבט זיך אין דער לופטן, ער וויגט זיך און ברעכט זיך צוזאַמען. פון אונטער אים דערהערט זיך אַזאַ פאַרשטיקטער דונער, וואָס גיסט זיך צונויף מיט דעם קנאַקן פון געבראָכענע מעטאַלענע רעלסן. פון ביידע זייטן באַווייזן זיך גלייך ראַקעטן און פון די דייטשע בונקערס דערהערט זיך אַ גרעגערײַ פון מאַשין־ביקסן. עס איז שוין אָבער אַ פאַרשפּעטיקטער און אומנוצלעכער אַלאַרם.

— נישט ענטפערן! צו די פערד!

קיינער טוט זיך איצט נישט דעקן, מען טאָר נישט פאַרלירן קיין צייט. אין עטלעכע מינוט אַרום זענען אַלע אין די זאָטלען.

— גרופּענפירער, קאָנטראָלירן אויב אַלע זענען שוין דאָ!...

אין גאַלאָפּ האָבן זיי זיך גענומען דערווײַטערן, די פערד האָבן ממש געטראָגן, ווי די אָדלערס. שפּעטער זענען אַלע שוין געווען טיף אין די וועלדער — אין דעם „לאַנד פון די פּאַרטיזאַנער".

# דאָס מאַסקירטע פליפלאַץ

אין דער זעמליאַנקע פון פּאָלק. קאַראַטטשענקאָ, וועלכער האָט איבערגענומען די אָנפירונג פון דער בריגאַדע נאָכן שווער־פאַרוואונדעטן מאַיאָר גאַלוגאַ, ס'האָט זיך געמאָלדן דער שיפּראַנט.

— זייער אַ וויכטיקער באַפעל, חבר בריגאַדע־קאָמאַנדיר, איר וועט דער־לויבן אייך פאַרצולייענען.

פּאָלק. קאַראַטטשענקאָ איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר 40, זייער אַ הויכער און קרעפּטיקער. ער האָט נישט ליב געהאַט מען זאָל אַ סך רעדן.

— לייען! — האָט ער קורץ באַפוילן.

און דער שיפּראַנט האָט אָנגעהויבן: באַפעל נר. 29/108. אונדזערע פליִערס האָבן פעסטגעשטעלט אַן אַוויאַציע־באַזע פון דייטשע באָמבאַרדירערס פאַר דער אַרמיי „מענטרום". מיר גיבן אָן מער־ווייניקער די פונקטן לויט דער מאַפּע 6. א 11 — עס 15. אַ באַפעל: אויספירלעכע באַאַרבעטונג פון געניטע אויסשפּי־רערס. אַלע איינצלהייטן מעלדן. דאָס פליפלאַץ איז גוט מאַסקירט, מיט אַ גאַנצער ריי אויבנאויפיקע פליפלעצער. דער ציל ווי די ווירקונג זייער מינימאַל. אונטער־געשריבן — דער שעף פון דעם פראָנטשטאַב.

דאָס איז געווען ווידער אַ שיין שטיקל אַרבעט פאַר טשאַפּליצקין. דאָס מאָל האָט ער באַקומען נאָר צען מאַן, דערונטער אַ ראַדיסט מיט אַ ראַדיאָ־סטאַציע.

דער בריגאַדע־פירער אַליין איז אַרויסגעקומען זיי געזעגענען. ער האָט זיך, ווייזט אויס, אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז ער שיקט זיי אין טאָמע פּיסק פון שׂונא. ווער ווייסט, צי ער געזעגנט זיך נישט מיט זיי דאָס לעצטע מאָל.

אַלע האָבן פאַררויכערט אַ גראָבע מאַכאָרקע איינגעוויקלט אין אַ שטיקל צייטונגס־פּאַפּיר און גערירט פון פּלאַץ.

— מיט הצלחה, יאַטן, און אַ גליקלעכן צוריקקער!

און דאָ האָט קאַראַטטשענקאָ, וועלכער האָט בטבע פיינט געהאַט פּאַטאָסן, שטיל אויסגערופן:

— פאַרן פאָטערלאַנד, חברים! — און וואַרפנדיק אַ בליק אויף טשאַפּליצקין, צוגעגעבן: — און פאַר פרייע פעלקער.

דאָס איז געווען זיין ווייטסטער אויסשפּיר־רעיד. דער פּירעק א 11 — עס 15 איז געלעגן ביי אַ 150 קילאָמעטער אויף צפון־מערב פון זייער געביט. ווי געוויינ־לעך האָט דער וועג געמוזט דורכגעמאַכט ווערן נאָר ביי נאַכט און אַ שפּרונג פון איין וואַלד אין צווייטן. עסן האָבן זיי מיטגענומען, וואַסער האָבן געגעבן די

וואַסער־קוואַלן אין וואַלד, די פערד ווידער האָבן געגעסן וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט, ווי פּאַרטיזאַנישע פערד.

ווען זיי זענען נאָר געקומען אויף דעם געביט פון ראַסלאַוול, האָט זיך גלייך געוואָרפן אין די אויגן, אַז זיי געפינען זיך אויף אַ שטח פול אָנגעפּיקעוועט מיט היטלעריסטן. די דייטשע מאַשינען זענען געפאָרן אָן קאָנוואָירן, די פּאַטראָלן — קליינע, אַז אין „פּאַרטיזאַנער־לאַנד״ וואָלטן זיי זיך בישט געוואַגט אויף דער גאַס זיך צו ווייזן אין אַזאַ צאָל. דער וועג איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שווערער, אָבער זיי זענען דאָס בייגעקומען. ווען זיי האָבן נאָר דערגרייכט דעם פּירעק האָבן זיי גלייך געגעבן אַ מעלדונג:

„דאָ, דער שפּילפויגל, דאָ, דער שפּילפויגל. דער פּירעק אַ 11 — עס 15 דערגרייכט. מיר זוכן די באַזע״.

עס האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַ נאָכטיקע אַריינדרינגונג אין געביט. דער צופאַל האָט געוואָלט זיי זאָלן זיך אָנשטויסן אויף אַ קליינעם ישוב אין וואַלד, וואָס האָט געציילט קוים זיבעצן שטיבלעך. גלייך איז טשאַפּליצקין געקומען אויפן געדאַנק דער טריק, וועלכן סיליטיש האָט אָנגעווענדט לגבי אים, ווען מען האָט אים אָנגענומען צו די פּאַרטיזאַנער. אָנגעטאָן אין די מיטגענומענע דיסטינקציעס פון די וולאַסאָווצעס, איז ער, און דער באַקאַנטער מישקע קאָניעוו און וואָלאָדיאַ רומיאַנצעוו צוגעגאַנגען צו דער ערשטער שטוב און אָנגעקלאַפּט אין טיר. נאָך אַ ווײַלע האָט זיך דערהערט אַ שטים פון אַן אַלטן מאַן, וועלכן זיי האָבן, ווייזט אויס, אויפגעוועקט פון שלאָף.

— ווער איז דאָרט?

— פּאָליציי! — האָט געענטפערט מישקע.

דער אַלטער האָט עפּעס בייז אַ ברום געטאָן, אָבער געעפנט.

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין שטוב, האָט מישקע באַמערקט, ווי עמעץ האָט זיך פאַרשטעקט אין בעט. שפּילנדיק די ראָל פון אַ ברוטאַל, האָט ער אַ ריס געטאָן דאָס איבערבעט. דערזעענדיק אַן אַלטע פרוי, האָט ער בלויז אויסגעשפּיגן.

— אַלטער, גיב אַהער טיי! — האָט ער גלייך באַפוילן — און דו, באַבע — דאָס איבערבעט איבער דעם קאָפּ, ווייל מיר האָבן דאָ סודות.

— ווו האָבן מיר טיי? — האָט זיך דער אַלטער גענומען בעטן.

— ניע וואַלאַי דוראַקאַ, סאַמאָגאָן דאַוואַי!

דער אַלטער האָט אָפּגעזיפצט און זיך געלאָזט צו דער קאַמער. באַלד איז אויפן טיש געשטאַנען אַ פלעשל סאַמאָגאָן, אַ שוואַרץ ברויט און אַ ביסל זאַלץ אין אַ צייטונגס־פּאַפּירל.

די פּלומרשטע וולאַסאָווצעס האָבן זיך געזעצט ביים טיש, פאַרזוכט דעם סאַמאַגאָן און זיך גענומען צום פאַרהער.

— נאָ, וואָס פאַר אַ דאָרף איז עס? — איז געווען די ערשטע פראַגע.

— ווער איז ביי דער פּאָליציי? — האָט צוגעגעבן מישקע, נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז דאָס געווען אַ שטיל דאָרף. קיין פּאָליציי איז אויך נישט געווען, וואָס פאַר די אויסשפּירערס איז דאָס געווען זייער וויכטיק.

— איצט, זאָג נאַר, ברודערקע, פּאַרטיזאַנער זענען אין די וועלדער פאַראַן?

— ניין.

— זאָג דעם אמת! — האָט געדראָט מישקע — איצט, ווער רעדט שלעכט אויף אונדזער פּאָליציי? און קעגן די דייטשן? וועלכע זענען דאָ קאָמוניסטן? — ער האָט געשיט מיט פראַגעס ווי פון אַרבל אַרויס.

דער פויער האָט בלויז אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן. די באַבע האָט דערווייל אַ ביסל אונטערגעכליפּעט.

— רעד, אַלטער, אויב נישט וועט זיין שלעכט מיט דיר!

— איך ווייס גאָרנישט, איך קען נישט קיין קאָמוניסטן, איך וועל אייך גאָר־נישט זאָגן. איר מעגט שלאָגן.

זיי האָבן בלויז אַ בליק געגעבן איינער אויפן אַנדערן און פאַרשטאַנען, אַז ס'איז גענוג. טשאַפּליצקי איז דער ערשטער אויפגעשטאַנען, אַראָפּגענומען די וולאַסאָווסקע דיסטינקציעס, אַריינגעזעצט די האַנט אין ברויט־זאַק און אַרויסגע־נומען אַ רעדל וווּרשט.

— עסט, אַלטער, געזונטערהייט. מיר זענען אָרעמע מענטשן און האָבן נישט מיט וואָס צו צאָלן פאַר אייער אויפנאַמע. דאָס וויכטיקסטע אָבער, וואָס איר האָט גוט אָפּגעגעבן דעם עקזאַמען. זייט מוחל אונדזער מאַסקירונג. בעט אויך איבער אין אונדזער נאָמען די פרוי.

דער פויער איז אויפגעשטאַנען פון טיש אַ געוואַלדיק איבערראַשטער.

— גאָט מיינער! — האָבן אַרויסגעשטאַמלט זיינע ליפּן — פּאַרטיזאַנער! און צוויי גראָבע טרערן האָבן זיך געקייקלט איבער זיין געזיכט.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג מיט די איבעריקע חברים האָבן זיי באַשלאָסן צו פאַרנעמען אַ לאַגערונגס־אָרט נישט ווייט פונעם דאָרף און גלייך צוטרעטן צו דער אַרבעט.

אין דאָרף האָבן זיך גלייך געשאַפן לעגענדעס וועגן גרויסע כּוחות פון פּאַרטיזאַנער, וואָס לאַגערן אין די נישט־ווייטע וועלדער. גלייכצייטיק האָט יעדער פון זיי געוואָלט מיט עפּעס לכל־הפּחות ביי זיי זיך פאַרדינען, און ווען זיי האָבן

זיך דאָס צווייטע מאָל באַוויזן ביי דעם אַלטן אין שטוב, זענען זיי מיט אַ היפּש ביסל נייעס צוריקגעקומען אין דער זעמליאַנקע. די פּויערים האָבן אַ סך געוווּסט וועגן די פּליפּלעצער. אַ טייל האָבן אַפילו דאָרט געאַרבעט. אָבער די ידיעות זענען דאָך נישט געווען פאַר די אויסשפּירערס גענוגנדיקע.

עס איז אַוועק אַ וואָך צייט און די באַזע „שפּילפּויגל" האָט גאָרנישט געקאָנט מעלדן אַזעלכעס, וואָס האָט געקאָנט דינען דעם פּראָנט.

דער ענטפער איז געווען קורץ, אַפילו נישט קיין שאַרפער: „די בריגאַדע גיט צו וויסן, אַז דער פּראָנטשטאַב פרעגט יעדן טאָג וועגן פּירעק א 11 עס 15.

דעם אָוונט זענען טשאַפּליצקי און מישקע ווידער געגאַנגען צום אַלטן.

— איר זענט עפּעס טרויעריק היינט — האָט ער גלייך דערקענט ביים באַגריסן— אָבער נישט געזאָרגט — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל — איך האָב גערעדט מיט מיין שוואָגער, ער ווינט צען קילאָמעטער פון דאַנען, ער אַרבעט אויף איינעם פון די פּליפּלעצער. זעט, איר זאָלט זיך מיט אים פּאַר־שטענדיקן. נאָר פּאַסט אויף, ווייל דאָרט איז אַ גרויס דאָרף און ס'זענען טאַקע פאַראַן אמתע וולאַסאָווצעס.

אויפן צווייטן טאָג האָבן זיי באַזוכט דעם שוואָגער. ווי עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, האָט ער טאַקע געאַרבעט, אָבער אויף אַן אויבנאויפיקן פּליפּלאַץ. ער האָט דאָרט געבויט האַנגאַרן פון דיקט, אויף וועלכע מען האָט שפּעטער אַרויפ־געוואָרפן שפּיגלען פון פּאַליע, עס זאָל בלישטשען, און די סאָוויעטישע פּליִערס האָבן אין קיין פאַל נישט געקאָנט אונטערשיידן.

זיי האָבן נאָך אַלץ געזוכט וועמען פון דעם אמתן פּליפּלאַץ. דאָרט אָבער האָט מען נישט יעדן גענומען צו דער אַרבעט און ווען שוין יאָ — איז דאָס געווען אַן אייגענער מענטש, וועלכער האָט זיי געדינט אַלס שפּיצל און צוטראָגער. מיט דער צייט אָבער האָבן זיי צו זיי אויך געטראָפן, נישט דווקא מיט קיין גלאַטע וועגן, אָבער סוף־כל־סוף דערגרייכט.

עלף אויסשפּירערס האָבן נישט גערוט, נישט ביי טאָג און נישט ביי נאַכט. פון מענטשן צו מענטש, פון דאָרף צו דאָרף; פון איין אַדרעס צום צווייטן, מיט גוטן און מיט בייזן, זענען זיי צוגעקומען צו אַלע, וואָס האָבן געקאָנט עפּעס אינפאָרמירן וועגן דעם דייטשן פּלי־קאָמבינאַט.

אַלטע בעלי־מלאָכות האָבן געקאָנט מער־ווייניקער אָנוואַרפן אַ סקיץ פון אַזאַ אונטערנעמונג. איין בוי־מייסטער האָט אויסגעמאָסטן מיט שריט דעם וועג פונעם ספּאָרט־פעלד צום ערשטן אויבנאויפיקן פּליפּלאַץ, אָנווייזנדיק יעדן בוים, וואָס איז אויפן וועג געוואַקסן, און ווייטער מיט צוויי טויזנט צוויי הונדערט שריט אויף צפון געפינט זיך דער אמתער פּליפּלאַץ.

טשאַפּליצקי מיט זיינע מענטשן האָבן געמאַכט נאָטיצן, צייכענונגען. אין אַלגעמיין געזאָגט, האָבן זיי געמאַכט אַ פּלאַן פאַר פּוסגייערס, וואָס וואָלטן זיך דאָ אויסגעקליבן, כּדי נישט צו בלאָנדזשען, אָבער נישט פאַר פליִערס, וואָס דאַרפן האָבן אַלץ מיט דער גרעסטער גענויִקייט און פּינקטלעכקייט, מיט דער מינדס־טער אויסרעכענונג, בעת זיי קומען אַהער באַמבאַרדירן פון דער לופטן און דערצו נאָך ביי נאַכט...

אין דער זעלבער צייט האָבן די דייטשן זיך שוין דערוווּסט וועגן זייער אַנוועזנהייט אויף דעם געביט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז זיי האָבן נישט געגלייבט אין דער לעגענדע וועגן פּאַרטיזאַנישע אַרמייען, אָבער זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס מוז זיין אַ סאָוויעטישע אַריינדרינגונג דורך אויסשפּירערס און גלייכצייטיק גענומען בויען מערערע אויבנאויפיקע פליפלעצער. די פּלענער פון די אויסשפּי־רערס וואָלטן אפשר געענוג געווען, כּדי די דייטשן צו מאַטערן מיט אָנגריפן. דאָ האָט זיך אָבער געהאַנדלט אין אַ גרעסערער אַקציע, אין אויסשליסן אַזאַ וויכטיקן אָביעקט פון דעם קאַמפּס־אַפּשניט.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט דאָך דער גורל צו זיי אַ שמייכל געטאָן און זיי האָבן שוין געזען דעם לאַנג־דערוואַרטן און דעציִדירנדיקן מאָמענט. איינער פון די בוי־מייסטערס האָט דערציילט וועגן אַן אינזשעניער פון דייטשלאַנד, אַ געוויסן באַרמאַן, וועלכער איז דער בוי־אונטערנעמער און פירט אָן מיט די אַלע אַרבעטן. ער האָט אונטער זיך די ציווילע אַרבעטער און אויך אַ „טאָדט"־קאָמפּאַניע. ער וווינט אין ראָסלאַוול און צו דער אַרבעט קומט ער מיט זיין אייגענער מאַשין „אָפּעל־אָלימפּיאַ"...

מיט צוויי טעג שפּעטער איז אַ פּאַטראָל פון דריי וולאַסאָווצעס מיט אַן אָפיציר אויף פערד, געריטן אויפן וועג פון פּאָניאַטאָווקע קיין ראָסלאַוול. עס האָבן זיי געמיטן דייטשע לאַסט־אויטאָס, מאָטאָציקלען, קיינער האָט אויף זיי ספּעציעל זיך נישט אומגעקוקט, מען איז דאָ צו וולאַסאָווצעס געוווינט. נאָר ווען עס זאָל געווען עמעצער אָבסערווירן, וואָלט ער באַמערקט, אַז ווי נאָר דער וועג איז געוואָרן ליידיק, האָבן זיי אויסגעדרייט און צוריקגעריטן, האַלטנדיק זיך אומגעפער דריי ביז פיר הונדערט מעטער נעבן אַ קליין וועלדל, צו וועלכן עס האָט געפירט אַ זייטיקן וועג.

ענדלעך האָט זיך באַוויזן דער „אָפּעל־אָלימפּיאַ". איינער פון די וולאַסאָווצעס האָט אויפגעהויבן דעם „לעקער", מיט וועלכן די דייטשע וועג־אָרדנערס פלעגן זיך באַדינען. די מאַשין האָט זיך פאַרהאַלטן. זיי זענען צוגעריטן, סאַלוטירט. מיט אַ געבראָכענעם דייטש אינפאָרמירט, אַז זיי זענען באַשטימט צו קאָנטראָלירן

דעם וועג, ווייל עס קורסירן קלאַנגען וועגן אַ פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג, וואָס גראַסירט אין דעם ראַיאָן, און זיי האָבן פאַרלאַנגט זיינע דאָקומענטן.

איבערגעקוקט די דאָקומענטן און צוריקגעגעבן.

— וואָס האָט איר אין דער טעקע? — האָט מען געפרעגט.

דער אייגנטימער האָט זיך אַ ביסל געקווענקלט צו ענטפערן. דערויף האָבן טאַקע די כּלומרשטע וולאַסאָווצעס געוואַרט. דאָס זענען טאַקע געווען פלענער, וועלכע ער האָט מורא געהאַט צו ווייזן, ווייל אייגנטלעך האָט ער זיי נישט געטאָרט מיט זיך נעמען אַהיים. דער דייטש האָט זיך געפּרוווט אַ ביסל שטעלן, ווייזן דעם טאָן פון איינעם פון דעם „הערען־פאָלק", אָבער עס האָט אים געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס און ער האָט די טעקע, במחילה, געמוזט ווייזן. זיי האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט עטלעכע ווערטער אויף רוסיש און דעם דייטש דערקלערט, אַז ער איז אַרעסטירט, ווייל די דאָקומענטן זענען געהיימע, און עס איז נישט דערלויבט צו פירן זיי מיט זיך אָן אַ שוץ.

דער „איבערמענטש" האָט זיך גענומען בעטן רחמים. זיי האָבן דעמאָלט אים דערלויבט ווייטער צו פאָרן, בלויז די טעקע וועלן מיר אַליין איבערגעבן דער מאַכט פון דער פליִער־באַזע.

קיין גענויע פלענער זענען דאָס נישט געווען, בלויז סקיצן און אויסרעכע־נונגען, אָבער דאָס אַלץ וואָס זיי האָבן שוין ביז דעמאָלט געהאַט האָט ערשט איצט באַקומען דעם ריכטיקן ווערט.

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט זענען צווישן די אויסשפּירערס געווען אָפיצירן מיט העכערער בילדונג און דערונטער אַ געאָדעז. פון דעם מאַטעריאַל, וואָס זיי האָבן געהאַט און די סקיצן און אויסרעכענונגען איז געלונגען אַנצוואַרפן אַ גענויען פּלאַן און צו פאַרצייכענען אַלע זעקס אויבאויפיקע פליפלעצער און ספּע־ציעל — דעם ריכטיקן. זיי האָבן איצט געהאַט דעם שליסל פון דער דייטשער פלי־באַזע.

עס פליִען איצט שיפרירטע צייכנס אויף 150 קילאָמעטער פון זייער זעמליאַנקע, צו דער בריגאַדע, דער דיזשורירנדיקער שיפראַנט וואַרפט שנעל די צייכנס פון קאַדו און פאַרבייט זיי אויף אַ ראַדיאָגראַם. זיי ווערן נאָך די זעלבע נאַכט איבערגעגעבן צום פּראָנטשטאַב...

— די קאַשטאַנקע רופט דעם שפּילפויגל, די קאַשטאַנקע רופט דעם שפּיל־פויגל. די מומע דאַנקט. מ'וועט היינט אויסנוצן. אָבסערווירן. מעלדן זעקס נול נול. סטאָפּ...

עס איז אַ שיינער אָוונט. אַ גרופּע אויסשפּירערס איז אַוועק צו זייער נאַר־מאַלער אַרבעט. טשאַפּליצקי און די איבעריקע — צו די אָפּגערעדטע טאָפּאָלן.

די פערד לייגן זיך אין די ראָווע‎ס און זיי דערנעבן. עס קלעפּט זיך צו קיינעם נישט דער שלאָף. זיי זענען אַלע איצט פאַרוואַנדלט אין אַ געהער־אַפּאַראַט. יעדע מינוט איז אַן אייביקייט. ענדלעך דערטראָגט זיך פון גאַנץ ווייט אַ ברומען פון מאָטאָרן און גלייכצייטיק רופן זיך אָן מיט אַ יאָמערלעכן רעווען די אַלאַרם־סירענעס פון דער פלי־באַזע. אויפן האָריזאָנט באַווייזן זיך פאַסן ליכט פון די רעפלעקטאָרן. באַלד ווערן שטיל די סירענעס און עס הייבן אָן גרעגערן די מאַשין־ביקסן און קלאַפן די זעניטקעס, וועלכע מישן זיך אויס מיט די שווערע דעטאָנאַציעס און פייפן פון די פליִענדיקע באָמבעס. עס טרייסלט זיך דער האָרי־זאָנט פון די אויסגעבראָכענע פייערן.

די פערד פון די אויסשפּירערס ציטערן אויף ביי יעדער דעטאָנאַציע, הייבן די קעפ, גרייטע יעדע סעקונדע זיך אַ ריס צו טאָן און גאַלאָפּירן, ווו די פיס וועלן טראָגן. די אויסשפּירערס טוען זיי גלעטן ביי די גריוועס און באַרויִקן, שעפּטשענדיק ווערטער ווי צו אַ געליבטער, גלייך זיי וואָלטן דאָס פאַרשטאַנען: „אָט הערט, דאָס טוען אונדזערע ברידער פון דער ,גרויסער ערד׳! זיי פאַרענדיקן אונדזער שווערע און אַזוי פיל מי אַריינגעלייגטע אַרבעט...״

פון די אינפאָרמאַציעס איז באַשטעטיקט געוואָרן, אַז ס׳איז פאַרניכטעט גע־וואָרן דער האַנגאַר, דאָס ספּאָרט־פעלד נר. 5, די מאַגאַזינען, די קאַשאַרן און פיר באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען.

דער „שפּילפויגל״ האָט דאָס גלייך געמאָלדן און די „גרויסע ערד״ האָט געדאַנקט...

די אָנגריפן האָבן זיך נאָך אַ סך מאָל איבערגעחזרט. דערמיט איז אויסגע־שלאָסן געוואָרן פון דער אַקציע די גרעסטע פיינטלעכע פלי־באַזע ביי דער פראָנט־ליניע, גראַד דעמאָלט ווען עס איז פאַר זיי צום נייטיקסטן, ביי די שווערע פאַרטיידיקונגס־קאַמפן פון דער פערטער און צווייטער דייטשער פאַנצער־אַרמיי אויפן בריאַנסקער פראָנט.

# דער אָנגריף אויף דעם פליפּלאַץ אין שיעשטשע

## דערציילט פון קאַפּיטאַן מגר פעליציאַ טשאַפּליצקאַ, פּסעוודאָנים „סאָניאַ"

דאָס איז שוין געווען אָנהייב נאָוועמבער 1942. איר „קאַריערע" אַלס קאַר־טאָפל־שיילערין אין אָטריאַד איז שוין פון לאַנג פאַרביי, זי האָט זיך שוין גערעכנט אַלס אַלטע פּאַרטיזאַנערין, געהאַט הינטער זיך דעם אָנטייל אין פאַרשידענע פּאַרטיזאַנישע אַקציעס. אין אָטריאַד גופא זענען אויך פאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען. דאָס קליינע הייפל אָפיצירן, וועלכן ס'איז געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון די גרויסע „קעסלען" בעת דער סמאָלענסקער קאַמפּאַניע און שאַפן דעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד אין די בריאַנסקער וועלדער, איז זיך שוין צעוואַקסן אין אַ בריגאַדע. דער אָנפירער איז געווען דער סאָוויעטישער מאַיאָר גאַלוגאַ. דער נאָמען פון דער בריגאַדע איז געווען „2טע קלעטניאַנסקע בריגאַדע".

דאָס איז געווען אַ מחנה, מיט וועלכער דער שונא האָט זיך שוין געמוזט גוט רעכענען און נישט אין היטלעריסטישן גודל האָט זי צוגענומען דעם שלאָף פון די אויגן.

פון פּאַרטיזאַנישן שטאָב פון דער „גרויסער ערד" קומט אַ באַפעל פייערלעך אָפּצומערקן דעם יום־טוב פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

די אָנפירונג שטעלט זיך גלייך אין פאַרבינדונג מיט די אַנדערע פּאַרטי־זאַנישע אָפּטיילונגען אין די בריאַנסקער וועלדער און עס ווערט אָנגענומען אַ באַשלוס צוזאַמען דורכצופירן אַ גרעסערע אַנטיהיטלעריסטישע אונטערנעמונג.

עס ווערן גלייך אַרויסגעשיקט אויסשפּירערס, וועלכע האָבן פאַר אַ ציל צו שאַפן סקיצן פון די וועגן, וואָס פירן צום פליפּלאַץ אין שיעשטשע, אויסאַרבעטן אַ פּלאַן פון דער געגנט אַרום דער דאָרטיקער באַן־סטאַציע, פעסטשטעלן די מיליטערישע כוחות וואָס געפינען זיך דאָרט, כדי צו שיצן די דייטשע פליִער־באַזע און אַנדערע וויכטיקע ידיעות, אין וועלכע די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך גענייטיקט, כדי צו קאָנען דורכפירן די געפּלאַנטע אונטערנעמונג.

מיט דער גרופּע אויסשפּירערס האָט דעמאָלט אָנגעפירט דער לאָדזשער בחור יוזעף טשאַפּליצקי־קורץ, פּסעוודאָנים „סאַשאַ", וועלכער האָט שוין אויך געהאַט אַ גאַנצע נעץ פון אינפאָרמאַטאָרן צווישן דער דאָרטיקער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן אים אין דער אַרבעט זייער אַ סך צוגעהאָלפן.

די פּאַרטיזאַנישע אָנפירונג האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פון דעם גרויסן באַטייט פונעם פליפּלאַץ אין שיעשטשע פאַר דער דייטשער מיליטערי־

שער מלחמה־מאַשין אין דעם ראַיאָן און דערפאַר אים אויסגעקליבן אַלס פאַר־ניכטונגס־אָביעקט.

די אָנפירונג איבערן גאַנצן פּלאַן פון דער דאָזיקער אַקציע און איר אויס־פירונג האָט איבערגענומען דער מאַיאָר גאַלוגאַ אַליין. די פּאַרטיזאַנער האָבן אַרויסמאַרשירט פון דער באַזע אין אַ צאָל פון דריי באַטאַליאָנען אין דער ריכטונג פון די קלעטניענסקער וועלדער, ווו זיי האָבן זיך געדאַרפט טרעפן מיט די פּאַרטיזאַנער פון דער שכונתדיקער בריגאַדע.

נישט געקוקט אויפן גרויסן כּוח, האָבן זיי נישט געקאָנט רעכענען אויף אַ פראָנטאַלן אָנגריף. די דייטשן זענען דאָרט געווען גוט באַפעסטיקט, דאַקעגן די פּאַרטיזאַנער זענען געווען אָן אַרטילעריע און אָן פּאַנצער־וואָפן און דערצו נאָך האָט דער שׂונא צו יעדער צייט געקאָנט רעכענען אויף הילף פון ראָסלאַוו־לער גאַרניזאָן. די אָנפירונג האָט זיך וועגן דעם אַלעם נאָך פריִער פאַרטראַכט.

מיט אַ טאָג פריִער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ רייטער־אָפּטיילונג אויף די בעסטע פערד, וואָס זענען נאָר געווען אין דער בריגאַדע אין דער ריכטונג אויף צפון פונעם פליפלאַץ. די אָפּטיילונג האָט מיטגענומען מיט זיך צוויי האַר־מאַטן, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט מיט פול געפּאַקטע קאַסטנס קוילן.

צעטיילט אין איינצלנע באַטאַליאָנען און קאָמפּאַניעס האָבן זיי פאַרנומען פּאָזיציעס אין פאַרשידענע פונקטן. פּעליציע האָט זיך געפונען אין אַן אָטריאַד נישט ווייט פון דער סטאַציע שיעשטשאַ.

עס איז שוין באַלד אין מיטן נאַכט און עס געשעט גאָרנישט. אַלע וואַרטן מיט אומגעדולד, בלויז אַ גרופּע יאַטן האָט באַקומען אַ באַפעל אונטערצושניידן ביימער און מיט זיי פאַרשטאָפּן דעם וועג, כּדי צו פאַרזיכערן די פּאַרטיזאַנישע פּאָזיציעס פאַר אַן עווענטועלן אָנקומען פון הילף פון דעם דייטשן גאַרניזאָן איידער זיי וועלן באַזעצן דעם פליפלאַץ.

אַ טייל הייבט אָן דרימלען, זייענדיק זיכער, אַז מען וועט זיי שוין צו דער צייט אויפוועקן. פּעליציע זיצט אויף אַ בוים־שטאַם, אָנגעשפּאַרט אויף דער ביקס און אין איר קאָפּ יאָגט איין געדאַנק דעם צווייטן... פאַר די אויגן טויכן ווידער אויף די קאַמפן אין דער באַלאַגערטער וואַרשע. איבערן קאָפּ רייסן די גראַנאַטן, עס שניידן די לופט פּיקירנדיקע דייטשע מאַשינען, וואָס באָמבאַרדירן די שטאָט און זי, אַלס פירער פון אַ לופטשוץ־פאַרטיידיקונגס־דרוזשינע. דער וועג קיין ביאַליסטאָק און שפּעטער די אַרבעט אַלס לערערין פון געשיכטע. דער סאָוויעטיש־דייטשער קריג און די געפאַנגענשאַפט ביי סלאָנים. זי קומט אין אַ דורכגאַנגס־לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע אין ראָסלאַוול. פון דאָרט, צוזאַמען מיט נאָך פיר פרויען, ווערט זי איבערגעשיקט קיין סמאָלענסק. נאָך היינט

ציטערט זי פונעם געדאַנק, ווי מען הייסט זיי אַנטלויפן און זיי וואַרטן אויף דער קויל פון הינטן. דאָס דאַרף מיכאַילאָווקע, דער לעבנס־האָפן, צו וועלכן זי דער־שווימט, ווי איבער צעברויזטן, אַכזריותדיקן ים. אין מיכאַילאָווקע פאַרטרישט זי די פעדער אויף דעם אָקער אין פעלד און דער טרעפפונקט אין דאָרף גלינקאָ מיט דעם לעניגראַדער יידישן בחור — דעם פּאָליטרוק פון דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג אין די בריאַנסקער וועלדער — מיכאַיל פּאַפּיערנאָ...

די בילדער קומען אַלץ ווידער און ווידער אין זכרון, לעבעדיק, ווי זיי וואָלטן אָקערשט זיך פּאַרלויפן. מיט אַ מאָל האָט אַ לייכט־ראַקעטע זיך באַוויזן פון צפון־זייט און געקומען, ווי אויף אַ פּאַלשירעם, זיך זעצן צו דער ערד, באַלד אַ צווייטע, אַ דריטע. זיי רייסן איבער דעם געדאַנקען־לויף. פון דער ווייטנס טראָגט זיך שוין אַ דונערן פון קורצע אַרטילעריע־זאַלפן.

— ס'האָט זיך אָנגעהויבן! — האָט מיט פרייד אויסגערופן דער דערנעבן איר זיצנדיקער פּאַרטיזאַן.

אַלץ איז מיט אַ מאָל וואַך געוואָרן, אָבער זיי האָבן ווייטער געוואַרט. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז דאָס געווען בלויז אַ מאַנעווער פון די פּאַרטיזאַנער מיט דעם אַרטילעריע־פייער. דערמיט האָט מען געדאַרפט אָפּציִען דעם שׂונאס אויפמערקזאַמקייט.

אין די רייען פון די דייטשע אָפּטיילונגען איז טאַקע געוואָרן אַ פּאַניק; אַרטילעריע גאָר ביי פּאַרטיזאַנער?! דאָס איז באַשטימט אַ דעסאַנט פון דער רעגולערער סאָוויעטישער אַרמיי, האָבן מסתּם געקלערט די דייטשן.

באַלד האָט זיך אויך דערהערט אַ שטעפּן פון מאַשין־ביקסן פון אַ צווייטער ריכטונג, און ווידער ראַקעטן, וואָס האָבן טאַקע באַשטעטיקט די האַלטונג פון די דייטשן, וועלכע האָבן גענומען ציִען מיט זייער גאַנצער קראַפט אויף צפון, איבערלאָזנדיק אויפן אָרט בלויז אַ קליינע באַוואַכונג...

ס'איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט, ווען ס'איז געקומען אַ באַפעל: „אַטאַקירן!"...

אַ כמאַרע פון רייטערס האָבן גענומען גאַלאָפּירן אין דער ריכטונג פון דער סטאַציע. די ביז איצטיקע שטילקייט איז איבערגעריסן געוואָרן פון הילכיקע געשרייען און טופען פון פערדישע קאָפּעטעס אויפן ברוק. די באַן־שוץ האָט זיך אָפּילו נישט געפּרוווט פאַרטיידיקן. צו אַ פייער־אויסטויש איז געקומען בלויז מיט די זעלנער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די וואַגאָנען.

דער דיזשורנע־אָפיציר פון דער סטאַציע האָט גלייך גענומען איבערגעבן אַ מעלדונג צום פירער פונעם פּליפּלאַץ וועגן פּלוצעמדיקן איבערפאַל — זי איז אָבער תּיכּף איבערגעריסן געוואָרן. די טעלעפאָן־פאַרבינדונג ווערט איבער־

געשניטן דורך דער ספּעציעלער דיווערסיע־גרופּע. דער דאָזיקער פֿאַקט האָט נאָך מער פֿאַרגרעסערט די בהלה. ערשט דעמאָלט איז געקומען די ריי אויף דער גרופּע אין וועלכער ס׳איז געווען פּעליציע.

צעשפּרייט אין אַ טיראַלעריע, האָבן זיי גענומען אַטאַקירן דאָס פּליפּלאַץ. די דייטשן האָבן מיט פֿאַרביסנקייט זיך פֿאַרטיידיקט, אָבער די שרעק פֿון דער איבערצייגונג, אַז זיי זענען אַרומגערינגלט, אויך דאָס אָפּהילכן פֿון די דונערן פֿון פֿאַרשידענע זייטן, האָט דערפֿירט צו אַן אמתדיקער צעפֿאָרנקייט און צע־טומלטקייט.

די שלאַכט איז אָנגעגאַנגען איינצייטיק אויף דריי אָפּשניטן. אויף דער אונטערגעצונדענער סטאַציע זענען פֿאַרניכטעט געוואָרן צוויי צוגן מיט פֿאַר־שידענע טיילן צו עראָפּלאַנען און אַנדערע מיליטערישע מכשירים און די גאַנצע דייטשע מאַנשאַפֿט.

אויפֿן פּליפּלאַץ איז געבליבן ווייניקער מיט איבער אַ צענדליק עראָפּלאַנען וואָס זענען אַזוי שטאַרק נייטיק געווען די דייטשע מחבלים פֿאַרן פֿראָנט. אויפֿן וועג, אויף וועלכן מען האָט דערוואַרט די הילף פֿון רסאָלאַוולער גאַרניזאָן פֿאַרן פּליפּלאַץ, זענען ליקווידירט געוואָרן די ערשטע פּאַטראָלן און די איבעריקע זענען געצוווּנגען געווען זיך צוריקצוציִען.

אַזוי האָבן די פּאַרטיזאַנער אָפּגעמערקט דעם יום־טוב פֿון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

אַ קיילעכדיק יאָר איז נאָך אויסגעקומען צו לעבן אין וואַלד. צווישן אַנדערן נעמט זי נאָך אָנטייל אין דעם אַזוי געראָפֿענעם גרויסן „רעלסן־קריג״. אין אָקטאָבער 1943, ווען די רויטע אַרמיי האָט פֿאַרנומען דאָס געביט, קומט זי אָן אין 202טן סאָוויעטישן פּאָלק און פֿון דאָרט — אין דער ניי־אַנטשטאַנענער פּוילישער אַרמיי.

# מיט צוויי קליינע קינדער צו די פּאַרטיזאַנער

## דערציילט פון שׂרה קאַרוואַצקאַ

גרויס איז דער דראַנג פון מענטשן צום לעבן, נאָך גרעסער איז די שרעק פאַרן טויט און אומבאַגרענעצט איז די ליבע און איבערגעגעבנקייט פון אַ מאַמע צו איר קינד. דאָס האָבן בולט באַוויזן די טרויעריקע טעג פון דער היטלער־ממשלה, מיט צענדליקער און הונדערטער פאַקטן, ווען מאַמעס האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן, באַגלייטנדיק זייערע קינדער אין לעצטן וועג. אַ סך האָבן געפּרוווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער ריזיקער מאָרדמאַשין פון די ברוינע טייוולאָנים. אַנדערע האָבן אַוועקגעגעבן דאָס לעצטע, אַבי נאָר צו קאָנען ערגעץ אויסבאַהאַלטן אַ קינד. שׂרה האָט באַשלאָסן אויפצונעמען אַ קאַמף מיט די מערדערס.

אויסבאַהאַלטנדיק זיך אויף דער אַרישער זייט, ווערט זי צוויי מאָל געמסרט און איבערגעגעבן די דייטשן, אָבער ביידע מאָל געלינגט איר זיך אַרויסצודרייען פון זייערע הענט. דער שווידערלעכער מאַסן־מאָרד פון די קורעניצער יידן, וועמען מ׳האָט אַריינגעטריבן אין אַ סטאַדאָלע הינטער דער שטאָט און לעבעדיקערהייט פאַרברענט, האָט זי טיף אויפגעטרייסלט. שׂרה האָט צוגעדריקט אירע צוויי קינדער צום האַרצן און זיך געלאָזט ווו די אויגן האָבן געטראָגן. „לעבעדיק וועט זי זיך נישט אונטערגעבן" — איז געווען איר פעסטער באַשלוס.

אין דער צייט איז דער פריינד פון איר מאַן, דער שפּעטערדיקער העלד פון ראַטנפאַרבאַנד, פיאָדאָר מאַרקאָוו, שוין געווען דער פירער פון אַ גרויסער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג, וועמענס באַזע ס׳איז געווען די נאַראָטשער וועלדער. אַהין וועט זי גיין מיט אירע קינדער — האָט זי באַשלאָסן, צו די פּאַרטיזאַנער.

דער עלטערער זון, בערנאַרד, איז דעמאָלט קוים אַלט געווען פיר יאָר. אָבער ער איז שוין געווען ווי אַ דערוואַקסענער מענטש, ער האָט פאַרשטאַנען און געוווסט אַלע צרות, וואָס זיי האָבן אויסצושטיין פון די דייטשע רוצחים. אַפילו דער צוויי־יאָריקער ערנעסט האָט, ווי אינסטינקטיוו, געפילט ווען עס דראָעט אַ סכנה און אויפגעהערט וויינען, כּדי נישט צו פאַרראַטן זייער באַהעלטעניש.

שׂרהס האַרץ האָט געלעכצט נאָך נקמה פאַר דער צוגערויבטער פרייד פון אַ מאַמען צו זען פריילעך אירע קינדער און די גרעסטע צרות וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין אויפן וועג צו די פּאַרטיזאַנער, האָט זי אַנגענומען פאַר ליב.

דאָס איז געווען זומער 1942 אין די נאַראָטשער וועלדער. די ערשטע, וועמען זיי האָבן באַגעגנט, זענען געווען די ייִדן פון שטעטל מיאַדזיאַל, לעבן דער אָזיערע נאַראָטש. זיי האָבן באַפרייט די זעלנער פון מאַרקאָווס בריגאַדע און געשאַפן די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „נקמה". איך בין ממש געווען פאַרשיכּורט פאַר פרייד — האָט דערציילט שׂרה — דער־זעענדיק באַוואָפנטע ייִדן, נעכטיקע געטאָ־מענטשן, וואָס מאַרשירן קעגן שׂונא, כּדי אָפּצורעכענען זיך פאַר דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט פון זייערע נאָענטסטע.

זי האָט גראָד אָנגעטראָפן אויף אַ לויערונג, אין וועלכער ס׳האָבן געדאַרפט אַריינפאַלן דייטשע פּאָליציאַנטן. אין דער אַקציע האָט אָנטייל גענומען אַן אָפּטיי־לונג אונטער דער אָנפירונג פון קאַפּיטאַן פּאַדאָלני — אַ מינסקער ייִד, אַן אינזשעניער, וועלכן ס׳איז געלונגען צו אַנטלויפן פון דער דייטשער קריגס־געפאַנגענשאַפט.

צוויי פון זיינע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן געדאַרפט שפּילן די ראָל פון באַטרונקענע, זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין דאָרף ווילעיקע צום סאָלטיס מיט אַ פאָדערונג, ער זאָל אַרויסגעבן פאַר די פּאַרטיזאַנער די בהמות, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן פאַרן דייטשן קאָנטינגענט... די גאַנצע אָפּטיילונג האָט דערווייל פאַרנומען פאַרמאַסקירטע פּאָזיציעס צווישן די קוסטעס ביים ראַנד פונעם וואַלד.

דער סאָלטיס, דערזעענדיק פאַר זיך צוויי שיכּורע חברה־לייט, האָט פאַר פרייד אַזש געריבן די הענט:

— איך גיי שוין באַפעלן די פּויערים, זיי זאָלן צונויפטרייבן די בהמות, האָט ער זיי געזאָגט, אַרויסשטעלנדיק דערביי נאָך אַ פלעשל סאַמאָגאָן אויפן טיש. אין דער צייט איז ער אַרויס און שנעל געפאָרן, פאַרשטענדיקן זיך מיט דער דייטשער פּאָליציי, פון וועלכער ער האָט זיך געריכט אויף אַ גרויסער באַלוינונג, פאַר אָנווייזן אַזאַ לייכט שטיקל אַרבעט.

דער באַפעל פונעם קאָמאַנדיר איז געוואָרן אויסגעפירט און די צוויי יאַטן מיטן פלעשל סאַמאָגאָן, האָבן זיך צוריקגעקערט צו דער אָפּטיילונג און צוזאַמען מיט אַלע געוואַרט אויף דעם סאָלטיס מיט די היטלעריסטן.

ווי אויף אַ באַפעל זענען געפאָרן אויף פיר וועגענער דער פאַררעטער און זיינע אַפּוטרופּסים, כּדי צו נעמען לעבעדיקערהייט די שיכּורע פּאַרטיזאַנער. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן זיך פאַרגעשטעלט צו טרעפן דאָ אַ גרעסערע גרופּע, וואָס זיי זענען געקומען אין אַזאַ גרויסער צאָל.

בלויז געציילטע איז געלונגען צו ראַטעווען דאָס נאַקעטע לעבן. גענומענע

אין אַ פייער פון אַלע זייטן, האָבן זיי איבערגעלאָזט אויפן וועג העכער אַ צענד־ליק טויטע. נאָך דעם באַזוך פון די פּאַרטיזאַנער איז שוין קיינער פון די דייטשן אין דאָרף נישט געפּאָרן, בליץ־שנעל האָט זיך דאָרט פאַרשפּרייט די ידיעה וועגן זייער ביטערער און וויסטער מפּלה.

דער קאָמיסאַר פּאַדאָלני האָט געגעבן אַ באַפעל פריי צו לאָזן די פּויערים מיט די וועגענער, אַוועקנעמען דאָס געווער, די אַמוניציע און די מונדירן און גלייך צוריקקערן צו דער באַזע.

צוליב אירע צוויי קינדער — האָט דערציילט שׂרה — איז זי צוגעטיילט געוואָרן אַרבעטן אין דעם אָרגאַניזירטן שניידער־וואַרשטאַט. מיט אַלע כּוחות האָבן זיי זיך באַמיט צו אַרבעטן פאַר פּאַרטיזאַנישן פּראָנט. זיי האָבן געוואַשן און אויספּאַרריכט די אַלטע קליידער, איבערגענייט און צוגעפּאַסט פאַר די פּאַר־טיזאַנער דעראָבערטע דייטשע מונדירן, גענייט העמדער פון די פּאַלשירעמס, מיט וועלכע עס זענען געשפּרונגען פון דער „גרויסער ערד" אינסטרוקטאָרן. אַזוי איז פאַרפלאָסן אַ לאַנגע צייט. אין אַ שיינעם פרימאָרגן, אַזוי זיצנדיק ביי דער אַרבעט, האָבן זיי דערהערט אַ דונערן פון אַלע זייטן. די דייטשן האָבן גענומען אַרומרינגלען די נאַראָטשער וועלדער.

דאָס איז געווען סוף 1943. דער גאַנצער פּאַרטיזאַנישער מחנה איז געלונגען זיך אַרויסצודרייען פון דעם היטלעריסטישן רינג, בלויז פאַר דער קליינער גרופּע פון עטלעכע און דרייסיק מענטשן, מערסטנס פון דער אַרבעטס־אָפּטיילונג, איז אָפּגעשניטן געוואָרן דער וועג.

די לאַגע איז פאַר זיי געווען אַ האָפענונגסלאָזע. פאַרשטעקט צווישן די געדיכטע קוסטעס, זענען זיי געלעגן און געוואַרט יעדע מינוט אויפגעדעקט צו ווערן פון די האַלב־שיכּורע מערדערס, וואָס וואָלטן זיי קיין לייכטן טויט שוין נישט געגעבן. זיי הערן זייערע טריט, זייערע ווילדע קולות און באַפעלן. דער געראַנגל צווישן לעבן און טויט דויערט אַזוי ביז שפּעט אין דער נאַכט.

ענדלעך איז דאָס פייער איינגעשטילט געוואָרן. אין מיטן דער נאַכט, אויסנוצנדיק די פינצטערניש, פּרוּוון זיי זיך צו לאָזן אין וועג נאָך זייערע אָפּטיילונגען. צום גרויסן צער — האָבן זיי איבערגעלאָזט עטלעכע טויטע. צוזאַמען מיטן חבר חיים בורגין, האָבן זיי באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז אַריבער־צוקומען איבער די באַגנעס, אויפן אינדזל לעבן דאָרף אַוזלע. דעם ביישפּיל האָבן נאָכגעטאָן אויך די איבעריקע.

דאָס לעבן איז דאָ געווען גאָרנישט לייכט. זיי האָבן דאָ געלעבט אין גרויסער נויט, דערנערנדיק זיך אַ וואָך צייט בלויז מיט רוי קרויט און מיט אַ שטיקל

ברויט. וואַסער האָבן זיי געטרונקען גלייך פון די באַגענס. עס איז אַפילו נישט געווען ווו אָפּצורוען די אויסגעמאַטערטע ביינער. אויף דער נאַסער ערד האָבן זיי געפּרוווט אונטערשפּרייטן די אָפּגעשיילטע קאָרע פון דיביימער. אָבער אויך דאָס האָט נישט געשיצט פון דער קעלט און דער פייכטקייט.

פּאַרטיזאַנער זענען, ווייזט אויס, שטאַרקער פון אייזן און דאָס אַלץ אַריבער־געטראָגן. די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן און זיי האָבן איבערגעלעבט די אָבלאַווע, דערוואַרטנדיק זיך אויף דעם צוריקקומען פון די פּאַרטיזאַנער צו זייער באַזע.

פאַר אויפרעגונג, וואָס ס׳איז זיי נישט געלונגען צו פאַרניכטן די פּאַרטיזאַ־נישע בריגאַדע פון מאַרקאָוון, האָבן זיך די היטלעריסטן נוקם געווען אין דער ציווילער באַפעלקערונג — פאַרברענענדיק דאָס דאָרף ברוסע, פאַר זייער כּלומר־טער מיטאַרבעט מיט די „באַנדיטן" — ווי זיי האָבן גערופן די פּאַרטיזאַנער. אַ סך זענען דערמאָרדעט געוואָרן און דעם גרעסטן טייל יונגע מענער און פרויען האָבן זיי אַרויסגעפירט קיין דייטשלאַנד אויף צוואַנגס־אַרבעט.

# מיט סענקעוואַטע שטעקנס

## דערציילט פון פּאַרטיזאַנער הלל עדעלמאַן

עס איז געווען אַ שיינער זומערטאָג, ווי געוויינלעך אין יוני. פון דער אַנדערער זייט פּאַרקאַן טראָגן זיך יאָמערלעכע קולות פון די קרובים, פריינד און באַקאַנטע, פון די אַלע, וואָס שטייען דאָ אין שולהויף, באַוואַכט פון צענדליקער דייטשע באַנדיטן מיט מאַשין־ביקסן אין די הענט, גרייטע צום שיסן. דאָס געוויין ווערט יעדעס מאָל שטאַרקער, אָבער דאָס דערגייט שוין שוואַך צום באַוווסטזיין פון די מענטשן, רעזיגנירטע פון לעבן. הילל איז איינער פון די צוויי הונדערט פאַראורטיילטע צום טויט.

דאָס איז געווען דעם פערטן טאָג נאָך דעם אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה אין יוני 1941. די היטלעריסטישע באַנדע האָט באַזעצט דאָס קליינע פּוילישע גרענעץ־שטעטל ראַקאָוו. די ערשטע קרבנות האָבן געדאַרפט זיין די צוויי הונדערט יידישע קאָמוניסטן פון דעם שטעטל און פון דער סביבה, צונויפגעיאָגטע אַהער לויט אַ צוגעגרייטער ליסטע דורך פאַרשידענע שאָוויניסטן און פּראָוואָקאַטאָרן.

אַ קראַנקן האָט מען אים געבראַכט אַהין. אַן אָפּטיילונג פון צען מאַן האָט זיך „באַלעסטיקט" אים אַרויסצושלעפּן פון בעט און דעם ערשטן געבראַכט אין שולהויף. עס קלינגען נאָך היינט אין די אויערן דאָס וויינען פון מיין פרוי — האָט דערציילט עדעלמאַן — און די פאַרצווייפלטע רופן פון די קינדער — „טאַטע, ווו לאָזטו אונדז איבער!"...

זיי שטייען שוין אַזוי עטלעכע שעה, אויסגעשטעלטע אויף דער זון, דער־שעפּט פון די איבערלעבונגען, די ליפּן פאַרטריקנט פון דער שרעקלעכער היץ. מיט אַ מאָל עפנט זיך דער טויער און מען פירט אַריין דעם חבר יאַן פּלאַצקי. ער איז בלאַס, ווי דאָס גאַנצע בלוט וואָלט אים פאַרשוווּנדן פון פּנים. מען האָט אויף אים צוגעטראָגן, אַז ער האָט געאַרבעט אין דער סאָוויעטישער מיליץ. אַ דייטש אין האַנדשו (הענטשקעס) ציט אַרויס זיין רעוואָלווער און מיט אַ באַוועגונג, ווי צום טאַנץ, לאָזט ער זיך אין זיין ריכטונג. צילנדיק ווי אין אַ שיסברעט, גיט ער אָפּ דריי שאָסן אין פּלאַצקיס ברוסט.

אַלע צוויי הונדערט אין שולהויף האָבן דאָס זעלבע דערוואַרט. נאָר באַלד זענען אָנגעקומען עטלעכע לאַסטאויטאָס און אונטער אַ האָגל פון קלעפּ האָט מען אַלע געצוואונגען יאָגן צו די מאַשינען:

— לאָוס !... לאָוס !... — האָבן זיך געטראָגן די ווילדע קולות פון די דייטשן, באַגלייט מיט שמיץ פון די בייטשן און קאָלבעס.

פאַרלאָדן ווי די בהמות צו דער שחיטה, האָט מען זיי אַרויסגעפירט פון דער שטאָט. זיי האָבן נאָר געוואַרט ווו די מאַשינען וועלן ערגעץ ווו זיך פאַרהאַלטן און מען וועט זיי דערשיסן. יעדער איז אָבער געווען פעסט אַנטשלאָסן זיך צו פאַר־טיידיקן, מיט די נעגל אַפילו. נאָר אויך עטלעכע פון דייטשן אומצוברענגען.

די מאַשינען פאָרן פאַמעלעך. דער וועג ציט ממש אַרויס די נשמה. די גאַנצע צייט טוען זיי אויסמיידן מיליטערישע קאָלאָנעס, מאַרשירנדיקע אויף מזרח און מחנות סאָוויעטישע געפאַנגענע. דער וועג האָט געפירט קיין מינסק.

אין מיטן דער נאַכט זענען זיי אָנגעקומען אין אַ לאַגער אונטער דעם פרייען הימל. עס זענען שוין דאָרט געווען אין די טויזנטער מינסקער ייִדן. עדעלמאַן האָט געטראָפן חברים פון ראַקאָוו, וועלכע האָבן שוין פריִער פאַרלאָזט די שטאָט און אויפן וועג זענען זיי געכאַפּט געוואָרן און געבראַכט געוואָרן אין דעם לאַגער. צווישן אַנדערע זענען דאָרט געווען ייִדל קוקוס און מאָטל שוואַרצבאַרד, באַקאַנטע ראַקאָווער קאָמוניסטן.

עדעלמאַן האָט באַלד באַשלאָסן צו מאַכן פּליטה. די געלעגנהייט איז טאַקע באַלד געקומען. אַרויסגעפירט צו עפּעס אַן אַרבעט מיט אַ גרופּע ייִדן, אונטער אַ שוואַכער באַוואָפענונג, האָט ער אויף דער טאַנקאָווער גאַס אין מינסק באַשלאָסן נעלם צו ווערן. צוזאַמען מיט אים איז אויך אַוועק גרשון דער פורמאַן, וועלכער איז געווען צווישן די אַרעסטירטע אין ראַקאָווער שולהויף.

זייערע ערשטע טריט זענען געווען צו אַ ברונעם, כּדי צו לעשן דעם דורשט, וועלכער האָט מי יודע שוין וויפל טעג געמאַטערט אין דעם לאַגער. און דערנאָך ווּהין? און וואָס ווייטער?! קודם האָט ער געוואָלט פאַר יעדן פּרייז זיך זען מיט זיין פאַמיליע און ער האָט זיך געלאָזט צוריק קיין ראַקאָוו.

צו הילף, אין דער ריזיקאַלישער זאַך, איז אים געקומען ברוך דער שמיד, וועלכער האָט צו וויסן געגעבן זיין פרוי, אַז ער געפינט זיך אויפן ייִדישן בית־עולם. אַ טרויעריקע באַגעגעניש איז דאָס געווען. הילל האָט זיך דערוווּסט, אַז זיינע צוויי קינדער זענען געוואָרן פאַרווונדעט פון אַ שפּילצייג, וואָס האָט אויפ־געריסן. אַזעלכע פאַלן זענען שוין געווען מער און האָבן פאַרשאַפט אַ סך קרבנות. נאָר זיינע קינדער האָט דער פעלדשער נישט געוואָלט געבן קיין הילף: „זאָל זיי סטאַלין היילן!" — האָט ער געזאָגט צו זיין פרוי. אין שטוב האָט מען ביי אים אַלץ אויסגערויבט. היטלעריסטישע באַנדיטן לאָזן זיין הויז נישט אַרויס פונעם אויג סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט. דאָרט בלייבן האָט געהייסן אַ זיכערער טויט.

פאַרשטעקט אויפן בוידעם ביי לייזער גאַרבוזן אויף דער ווילנער־גאַס, האָט

ער דערווייל אַ מעגלעכקייט צו קאָנטאַקטירן מיט זיין פאַמיליע, אויך וויסן פון אַלץ וואָס קומט פאָר אין שטעטל. מיט זיינע אייגענע אויגן האָט ער געזען ווי מען האָט אַרויסגעפירט זעקס און פערציק ייִדן צום טויט. עס זענען געקומען געסטאַפּאָ־לייט פון מאַלאַדע־טשנאָ און אַלע צוזאַמענגענומען לויט אַ ליסטע, אַרויפגעזעצט אויף לאַסטאויטאָס און אַרויסגעפירט אויף אַרבעט. אָבער באַלד האָט מען זיך דערוווּסט, אַז הינטער דער שטאָט, אויף דער אַזוי גערופענער באַראַווינע, האָט מען אַלע ביז איינעם דערשאָסן.

אַזוי האָט ער געלעבט ביז דער געטאָ־צייט. שפּעטער איז נישט געווען מער קיין פּלאַץ אין זיין שטאָט פאַר אים. ער האָט געמוזט אַוועק אין אַ שטאָט, ווו מען האָט אים נישט געקענט. אין מיטן נאַכט האָט ער פאַרלאָזט זיין באַהעלטעניש נישט וויסנדיק אַליין וווּהין און צו וועמען. נאָר עפּעס אַן אינערלעכע שטים האָט גערופן: — ווייטער!... ווייטער פון דער שטאָט!... אַזוי האָט ער געוואַנדערט עטלעכע וואָכן, געלעבט פון וואָס עס איז נאָר געקומען אין דער האַנט. געשפּאַנט איבער שטעט און דערפער, ווו געטאָגט נישט גענעכטיקט. געווען אין האָראָדאָק, ביענ־יצע, אום סאַמע תשעה־באָב געקומען קיין סמאָרגאָן, אַוועק אין דער ייִדישער קאָלאָניע, געגלייבט, אַז ער וועט זיך קאָנען ערגעץ ווו פאַרטשעפּען ביי אַן אַרבעט. צום באַדויערן, האָט מען מורא געהאַט אַפילו צו לאָזן איבערצונעכטיקן אַ פרעמדן מענטשן. ענדלעך איז אים געלונגען זיך אָנצושליסן צו אַ גרופּע וואַלד־אַרבעטער...

דאָס לעבן איז דאָרט געווען נישט לייכט. פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט צו שניידןביימער, רייניקן דעם וואַלד פאַר אַ ביסעלע שיטערן זופּ. נאָר גוט, וואָס ער האָט שוין געהאַט אַ שטיקל דערפאַרונג. דאָס „גוטע" האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און מען האָט זיי איבערגעשיקט אין אַן אַרבעטס־לאַגער קיין קראָסנע.

דאָס איז געווען אַ גרויסע באַזע, ווו מען האָט רעפּאַרירט אַלטע ביקסן. עס האָבן דערביי געאַרבעט סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע, פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, פאַכמענטשן, ווי למשל: סטאָליערס, שלאָסערס, מעכאַניקערס, פאָלירערס, פרעזערס און אַנדערע. עדעלמאַן האָט געאַרבעט אַלס סטאָליער.

מיט דער צייט האָבן זיך אַלע אַ ביסל נעענטער דערקענט. עס איז געפאַלן אַ וואָרט וועגן פּאָליטיק. די פּויערים האָבן גענומען דערציילן וועגן פּאַרטיזאַנער, וואָס דרייען זיך אין די אַרומיקע וועלדער, און נישט ביי איינעם האָבן די בייעסן וועגן פּאַרטיזאַנער באַהערשט דעם געדאַנק און אָנגעצונדן דעם ווילן און די האָפענונג אַרויסצורייסן זיך פונעם גהינום.

אויב אָבער יאָ אַרויסרייסן זיך און אָנקומען צו די נקמה־נעמערס, איז כאָטש נישט מיט ליידיקע הענט...


ВРЕМЕННОЕ УДОСТ... ИЕ № 2580

Предъявитель сего ...

Награжден приказом нач... штаба

партизанского движения № 1... 1944 г.

за доблесть и мужество, проявленные в партизанской

борьбе против немецко-фа...ских захватчиков

медалью „Партиза... Отечественной войны"

Нач... штаба

... движения

א באַשטעטיקונג וועגן דער אויסצייכענונג פון הילל עדעלמאַן

אין די זעק מיט הובלקעס און שפּעטער צום הייצן, האָט מען אָנגעהויבן אַרויסטראָגן פון די וואַרשטאַטן טיילן פון ביקסן און זיי פאַרגראָבן. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיי שוין פאַרמאָגט אין זייער רשות פערצן ביקסן. דאָס גרעסטע אומגליק איז אָבער געווען אין דעם, וואָס אַ סך זענען אין דעם ענין געווען אַריינגעצויגן און פאַראינטערעסירט. אין אַ שיינעם העלן פרימאָרגן האָט זיך איינער פון די אַרבעטער דערפון דערוווּסט און געמאַכט אַ געוואַלדיקן טומל:

— מ׳וועט אַלע דערשיסן! — האָט ער געשריגן — צוליב עטלעכע נישט־פאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן. איך בין דער ערשטער, וואָס וועל וועגן דעם מעלדן די דייטשן.

ס׳איז נישט געווען קיין זין לענגער צו וואַרטן. אין יענער זעלבער נאַכט איז אַ גרופּע פון פופצן פערזאָן אַנטלאָפן. דאָס זענען צווישן אַנדערן געווען: הערש בערמאַן, חיים פּאָדביערעזקאַ, לייזער גאַל מיט צוויי זין (איינער איז שפּעטער געפאַלן אין קאַמף) און זעלדע באַטוויניק. זיי האָבן אויך מיטגענומען די פערצן ביקסן. הילל עדעלמאַן איז אַוועק מיט אַ צווייטער גרופּע, וואָס האָט געציילט בלויז זיבן מאַן. איידער ס׳איז נאָך אַלאַרמירט געוואָרן וועגן זייער אַנטלויפן זענען זיי שוין געווען איבערן וואַסער און אַזוי, אויסגעווייקטע, האָבן זיי געוואַנדערט ביז פאַר טאָג. ווען זיי האָבן דערגרייכט דעם וואַלד, איז נאָך געווען גוט טונקל. דאָ זענען זיי געווען זיכער, אַז אַזוי ווייט וועט מען זיי נישט יאָגן און פאַרבליבן אַ גאַנצן טאָג אין וואַלד.

אויסגעטריקנט די קליידער, אויפגעגעסן דאָס צעווייקטע ברויט, האָבן זיי זיך געלאָזט זוכן די ערשטע גרופּע. ס׳איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען זיי זענען אָנגעקומען צום דאָרף ביעלעוואַ. דאָרט האָבן זיי אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר. צו זייער גרויס פאַרוווּנדערונג האָט געעפנט אַ סאָוויעטישער געפאַנגענער, וועלכער איז דאָרט געווען באַשעפטיקט. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז דער געפאַנגענער, „קאַלקע״, שוין געווען אין קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער. ער האָט זיי אויך געראָטן זיך צו לאָזן טיפער צו די ביעלאַיעווער וועלדער. זיי האָבן איבערגעביסן, ס׳איז געוואָרן אַ ביסל היימלעכער אויפן האַרצן און זיי האָבן זיך געגרייט אין וועג אַריין.

ביים געזעגענען האָט נאָך „קאַלקע״ זיי געגעבן אַ ביסל שוואַרץ מעל, וואָס איז דאַן געווען מיט גאָלד גלייך און מיט אַ געלעכטער צוגעגעבן: „איר וועט שוין דאָרט טרעפן פּאַרטיזאַנישע פייערלעך״...

אַזוי איז טאַקע געווען. אָפּגייענדיק עטלעכע קילאָמעטער האָבן זיי דאָ און דאָרט באַמערקט שוואַרצע רעדער מיט אַש און נישט אויסגעברענטע שטיקלעך צווייגן פון אויסגעלאָשענעם פייער, אויף וועלכן מען האָט, ווייזט אויס, עפּעס

געקאָכט. ס'איז נישט געווען מער וואָס צו צווייפלען, אַז זיי זענען שוין אין פּאַרטיזאַנישן געביט. זיי אַליין האָבן זיך שוין אויך געהאַלטן ווי אַ טייל פון זיי, אַגב באַוואָפנט זענען זיי בלויז געווען מיט גראָבע סענקעוואַטע שטעקנס.

דאָס איז שוין געווען האַרבסט 1942. די נעכט זענען שנעלער צוגעפאַלן, געוואָרן לענגער, אויך די אָוונטן זענען געוואָרן קילער. זיי זיצן אַזוי אַרום דעם פייער און וואַרעמען זיך, יעדער פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען וועגן ווייטער־דיקן גורל. פּלוצעם דערהערן זיי אַ ברעכן זיך פון די דינע צווייגלעך, וואָס זענען ביז איצט רויִק געלעגן אויף דער ערד, אונטער שווערע מענטשלעכע טריט. ווי פון אונטער דער ערד זענען תּיכּף אויסגעוואַקסן צוויי מאַן מיט סאָוויעטישע אויטאָמאַטן אין די הענט. ווי אויף אַ באַפעל האָבן זיך אַלע געשטעלט אויף די פיס, מיט די שטעקנס אין די הענט האָבן זיי אויסגעזען ווי אַ קאָמישע רויבער־באַנדע.

— טשטאָ, ווי פּאַרטיזאַני ? — האָט געפרעגט דער עלטערער, אַ הויכער יאַט, מיט שאַרפע קינבאַקן און צוויי לאַנגע וואָנצעס, ווייזנדיק מיט אַ שמייכל אויף די פּאַלקעס...

— דאַ, פּאַרטיזאַני ! — האָבן געענטפערט עטלעכע שטימעס מיט אַ מאָל.

זיי האָבן זיך די ערשטע געזעצט צום פייער, נישט אויפהערנדיק נאָך אַלץ צו לאַכן פון זייער סענקעוואַטע געווער. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ פריינדלעכער שמועס. צווישן אַנדערן האָבן זיי דערקלערט, אַז זיי וואָלטן גערן זיך אָנגעשלאָסן אין זייער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג.

— מיר זענען מסכּים — האָט געזאָגט דער וואָנסעדיקער — אָבער אָן דער דערלויבעניש פונעם שטאַב קאָנען מיר אייך נישט מיטנעמען. אין צוויי וואָכן אַרום זענען מיר ווידער דאָ. אין דער צייט פאַרשאַפט אייך עפּעס געווער און דעמאָלט וועט אַלץ זיין אין בעסטער אָרדענונג.

ווי זיי האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, זענען דאָס געווען פּאַרטיזאַנער פון קוזניעצאָווס אָפּטיילונג, וועלכע איז געווען אַ טייל פון „טשקאַלאָווס” בריגאַדע.

זיי האָבן געהאַלטן וואָרט. דאָס האָט אַפילו געדויערט אַ ביסל מער ווי צוויי וואָכן, אָבער פּאַרט איז מען געקומען. אין משך פון דער צייט האָבן זיי זיך געטראָפן מיט דער ערשטער גרופּע, וואָס האָט מיטגענומען די פּערצן ביקסן. עס זענען געווען נאָך יידן, אַנטלאָפענע פון קראַטנער לאַגער. צוזאַמען האָבן זיי געציילט ביי די פופציק פּערזאָן, דערונטער אויך עטלעכע פרויען.

ווען די צוויי פּאַרטיזאַנער האָבן זיי דערזען מיט ביקסן, האָבן זיי אַזש געריבן די הענט פאַר פרייד :

— מאַלאַדצי! מאַלאַדצי! — האָבן זיי עטלעכע מאָל איבערגעחזרט.

נישט פאַרלירנדיק קיין צייט האָבן זיי געריכט פונעם פלאַץ. דער וועג האָט געפירט צו דער נאַליבאָקער פּושטשע.

דער גליקלעכער צוזאַמענטרעף מיט דער ערשטער גרופּע און דאָס, וואָס דער פּאַרטיזאַנער־שטאַב האָט באַוויליקט זיי אָנצושליסן אין זייערע רייען, האָט אַלע ממש פאַרשיכּורט פון פרייד און מאָמענטאַל געמאַכט פאַרגעסן אין אַלע ליידן — אין הונגער, אין דורשט, אין דערנידעריקונג. זיי האָבן אַפילו נישט באַמערקט, ווי עס זענען אַוועק עטלעכע צענדליק קילאָמעטער וועג און זיי זענען שוין געווען אויפן אָרט.

מען האָט זיי דאָ זייער וואַרעם אויפגענומען. אַלע זענען אויך געווען איבער־ראַשט פון זייער געווער. אין יענער צייט פּערצן ביקסן, כאָטש וואָס אַן אמת אָן אַמוניציע, זענען גאָר נישט געווען קיין קלייניקייט. באַלד האָבן זיי באַקומען אַ גוטן קאַרטאָפל־זופּ, אויך הייס וואַסער אויף אַ באָד. אויפן באַפעל פונעם קאָמאַנ־דיר וואָראָביאָוו זענען זיי אין זעלבן טאָג צוגעטראָטן בויען פאַר זיך זעמליאַנקעס, בלויז עטוואָס אָפּגעזונדערט פון זייערע.

— איר מוזט דורכמאַכן אַ צוויי־וואָכיקע קאַראַנטין — האָט אויפגעקלערט וואָראָביאָוו — עס קאָן גאַנץ גרייכעך זיין, אַז עמעצער פון אייך האָט מיטגע־בראַכט עפּעס אַ קרענק פון לאַגער. דערצו זענען מיר זייער אָרעם אין דאָקטוירים און נאָך אָרעמער אין מעדיקאַמענטן.

די מענטשן האָבן איצט זיך געפילט ווי גאָר אין אַן אַנדער וועלט. דאָ, צווישן די פּאַרטיזאַנער, האָבן זיי געפונען אַן אייגענע סביבה און צוריקגעווונען דעם מענטשלעכן שטאָלץ. אַלע האָבן איצט נאָר געוואַרט אויפן טאָג, ווען מען וועט אַרויסגעשיקט ווערן אָנטייל צו נעמען אין אַ קאַמף קעגן דעם טויט־שׂונא.

מיט גרויס ערנסט האָבן אַלע אָפּגעגעבן די שבועה. ביי אַ סך האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן, פאַר ווייטיק און פאַר פרייד, וואָס ס'האָט ענדלעך געשלאָגן די שעה צו נעמען נקמה.

דער פירער פונעם אָטריאַד וואָראָביאָוו האָט זיי זייער גוט פאַרשטאַנען און באַלד געגעבן דערצו אַ מעגלעכקייט. די אויסשפּירערס האָבן געברענגט אַ מעל־דונג, אַז אין פּאַלאַץ און אין די אַרומיקע געביידעס פון גראַף טישקעוויטש מאַכט מען געוואַלדיקע צוגרייטונגען, כּדי דאָרט אויפצונעמען אַ דייטשן גאַרניזאָן. אַזוי נאָענט צו האָבן היטלעריסטן איז נישט געווען אַזוי שטאַרק געווונטשן פאַר פּאַרטיזאַנער. און דעם זעלבן טאָג האָט מען דערגענצט זייער באַוואָפענונג און ביקסן און אויטאָמאַטן און אונטער דער אָנפירונג פונעם קאָמאַנדיר אַליין, האָבן זיי אַרויסמאַרשירט אויף דער ערשטער אַקציע.

עפּעס אַ געוואַלדיקער כּוח האָט אַלע באַהערשט. יעדער איז ביי זיך אויס־געוואַקסן צו אַ ריז. זיי האָבן געדריקט די אויטאָמאַטן ווי עפּעס אַ הייליקייט, מיט וועלכער מען טאָר זיך נישט שיידן און וואָס איז טייל מאָל טייערער ווי דאָס אייגענע לעבן.

אויפן אָרט זענען זיי אָנגעקומען אין מיטן דער נאַכט. צעטיילט אין גרופּעס, האָט יעדע גענומען אויספירן איר טעטיקייט. די ערשטע האָט גלייך גענומען אַרויס־פירן פון די שטאַלן די בהמות, אַנדערע האָבן פאַרניכטעט די טעלעפאָן־פאַרבינ־דונג. אַלע איבעריקע האָבן גענומען אַרומרינגלען דעם הויף און די געביידעס פון פּאַלאַץ.

אַ האַלבע שעה שפּעטער איז אַלץ געשטאַנען אין פלאַמען. קיין פּלאַץ פאַר דייטשע גאַרניזאָנען איז דאָרט שוין מער נישט געווען.

# געפאַלן אין קאַמף פאַר זיין שטאָט

דאָס נייע יאָר פון 1943 האָבן די פּאַרטיזאַנער באַגעגנט זייער דערמוטיקט פון דער פריידיקער נייעס וועגן דער גרויסער און וויסטער מפּלה פון די דייטשן ביי סטאַלינגראַד. אויף זייער פאַרגלייכמעסיק קליינעם קריגס־אָפּשניט האָבן זיי אויך געוואָלט דערפילן זייער פּאַרטיזאַנישן חוב און לאָזן פילן די היטלעריסטן, אַז דאָ, אויף דער ערד, אַזוי ווייט פונעם פראָנט, דרייט זיך יעדער פון זיי אַרום זיין אייגענעם קבר. מיט פרייד האָבן זיי אויפגענומען דעם באַפעל, אַז די גאַנצע אָפּטיילונג זאָל זיך גרייטן צום אַרויסמאַרש.

דער ציל איז דאָס מאָל געווען דער היטלעריסטישער גאַרניזאָן אין שטעטל האַראָדאָק. עס איז שוין צוגעפאַלן די נאַכט, ווען זיי האָבן פאַרלאָזט די באַזע. ס'האָט אָנגעהויבן צו שיטן אַ פּוך־ווייסער שניי. אין צוויי רייען האָבן זיי מאַר־שירט צווישן די ביימער, איבערלאָזנדיק הינטער זיך אַ טונקעלן אויסגעטראָטענעם שליאַך, ענלעך צו אַ לאַנגער שוואַרצער שלאַנג, וואָס איז אָבער באַלד צוריק פאַרשיט געוואָרן פון די ווייסע פלאַטן. בראָש פון העכער זעכציק מאַן האָט מאַרשירט דער קאָמאַנדיר וואָראָביאָוו, עטלעכע שריט ווייטער די באַזעצונג מיט דעם רומפולן האַרמאַט, וועלכער האָט געדאַרפט אָנוואַרפן אַ שרעק אויף די דאָרט סטאַציאָנירנדיקע דייטשן.

שפּעט ביי נאַכט זענען זיי אַריין אין שטעטל פון דריי זייטן. אַלץ איז דאָ געווען פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. אַרום איז געווען שטיל, ס'האָבן זיך געהערט בלויז דאָס סקריפּן אויף דעם אייזיקן שניי פון די פּאַרטיזאַנישע טריט.

אין דער מיטעלער גרופּע איז געווען וואָראָוויאָוו מיטן האַרמאַט. די גרופּע, אין וועלכער ס'איז געווען עדעלמאַן, איז נאָך געווען אין מאַרש, ווען זיי האָבן דערהערט די קאַנאָנאַדע, וואָס האָט ווייט אָפּגעהילכט אין דער שטילקייט מיט אַ ווידערקול, ווי אַן אַקאָרד פון אַ גרויסן סימפאָנישן אָרקעסטער, באַגלייט מיט אַ גרעגעריי פון מאַשין־ביקסן און אויטאָמאַטן. די הערצער האָט ממש פאַרשלונגען אַ פרייד פון די טענער, וועלכע זענען געווען ווי אַ שטויסקראַפט צום שטורעם.

פון דעם פּלוצעמדיקן איבערפאַל זענען די היטלעריסטן געוואָרן ווי צעחושט. זייענדיק איבערצייגט, אַז זיי האָבן דאָ צו טאָן מיט גרויסע און גוט־באַוואָפנטע כּוחות, האָבן זיי גענומען אייליק פאַרלאָזן די געביידע אין הוילע וועש ממש. די פּאַרטיזאַנער האָבן געשאָסן ווי אויף אַ יאַגד צו ווייסע קאַטשקעס.

דאָס גאַנצע שטעטל איז מיט אַ מאָל וואַך געוואָרן און דערשראָקענע פּנימער האָבן גענומען אַרויסקוקן דורך די האַלב־פאַרפרוירענע שייבלעך. אַ קליינע גרופּע

פאַרטיזאַנער זענען באַשטימט געוואָרן צו פאַרניכטן די איינריכטונג פון דער גאַרבעריי־פאַבריק און פון דאָרטן אַרויספירן דאָס פעטס, וואָס די דייטשן האָבן אַזוי אויך געהאַט ווייניק און די פאַרטיזאַנער האָט עס געקאָנט זייער צו נוץ קומען.

איז שוין אָבער דער גורל פון פאַרטיזאַנער, וואָס נישט אַלץ און תּמיד גע־לינגט. מיט אַ מאָל ווערט דאָס האַרמאַט פאַרשטומט. דער צוגעמאַכטער פאַרשלוס האָט אויפגעהערט צו דינען. דאָס האָט געטראָפן ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג. די דייטשן האָבן ווי דערשמעקט די שוואַכע זייטן און אַריבער אין קעגן־אַנגריף. זיי האָבן געעפנט אַ פייער פון אַלע מינים געווער.

די לאַגע איז לגמרי נישט פריילעך געוואָרן און כּדי צו פאַרמיידן גרעסערע פאַרלוסטן, קומט אַ באַפעל זיך צוריקצוציִען. דעקנדיק זיך צווישן די הייזער, האָבן זיי, פּלאַנמעסיק, געגומען פאַרלאָזן די שטאָט. פאַר טאָג זענען זיי שוין געווען אין וואַלד.

דער צוריקמאַרש צו דער באַזע, נישט געקוקט אויף דעם טיילווייזן זיג און גרויסע טראָפייען, איז נישט געווען קיין פריילעכער. אין די פאַרטיזאַנישע רייען האָט זיך געפילט אַ ווייטיק פון דעם פאַרלוסט. זיי האָבן אין דעם קאַמף איבערגעלאָזט פיר טויטע פאַרטיזאַנער, צווישן זיי צוויי ייִדן — וועלוול קאַפּלאַן פון ראַקאָוו און שלום ראַבינאָוויטש, אַ זון פון דער אַנגעגריפענער שטאָט.

# אַ לויערונג אין אַ קליין וועלדל

„אונדזערע רייען — דערציילט ווייטער הילל עדעלמאַן — האָבן זיך פֿאַר־גרעסערט פֿון טאָג צו טאָג. עס קומען צו אַנטלאָפֿענע פֿון לאַגערן, דאָרפֿישע יוגנט, אויך אַ סך קריגס־געפֿאַנגענע. עס אַנטשטייען נייע אָפּטיילונגען. מיט זיי האָבן אויך די אַקציעס אָנגענומען אַ גאַנץ ברייטן פֿאַרנעם אויף אַלע געביטן". צווישן אַנדערן האָבן זיי געמאַכט אַן איבערפֿאַל אויף אַ דייטשער פֿערמע, ביי איוויעניעץ און אַרויסגעפֿירט פֿון דאָרטן דרייסיק שטיק בהמות. אַ צווייט מאָל האָבן זיי איבערגענומען עטלעכע פֿורן מיט פּראָוויאַנט, וואָס איז געווען באַשטימט פֿאַר דער מאָלאָדעטשנער פּאָליציי. זיי האָבן אויך גענומען אין געפֿאַנגענשאַפֿט אַ רוסישן דאָקטער פֿון מאָסקווע, אַ געוויסן ניקאָלאַיעוו, וועלכער האָט געאַרבעט ביי די דייטשן. זיי האָבן אים געבראַכט צו דער באַזע, ווו ער האָט געאַרבעט ביז 1944, ווען די דייטשן האָבן זיי אַרומגערינגלט און די פּאַרטיזאַנער זענען געווען געצוווּנגען זיך צוריקצוציִען אין גרופּעס. דעמאָלט איז ער פֿאַרשווּנדן.

נישט געקוקט אויף אַלץ, האָבן זיי נאָך אין דער צייט געפֿילט אַ געוואַלדיקן מאַנגל אין מעדיקאַמענטן, ווי אין מעדיציניִשע מכשירים. עס טרעפֿט, אַז מען דאַרף דורכפֿירן אַן אָפּעראַציע, ווי למשל, אין דעם פֿאַל מיט דעם פֿאַרוווּנדעטן פּאַרטיזאַן משה מאַנע. מען האָט אים געדאַרפֿט אַמפּוטירן אַ האַנט, האָט מען געמוזט שניידן מיט אַ געוויינלעכער זעג. איין מאָל האָבן זיך צום קאָמאַנדיר געמאָלדן די צוויי ברידער הערשל און משה שקלוט פֿון וואָלאָזשין.

— מיר וועלן ברענגען מעדיקאַמענטן — האָבן זיי דערקלערט — אין וואָלאָ־זשין איז פֿאַראַן אַ מיליטערישער שפּיטאָל.

מיט זיי זענען געגאַנגען נאָך פֿופֿצן מאַן, אַלע מיט אויטאָמאַטן. קיין וואָלאָזשין זענען זיי אָנגעקומען ביי נאַכט. מען האָט אַרומגערינגלט דאָס שפּיטאָל, איבער־געשניטן די טעלעפֿאָן־פֿאַרבינדונג, שטיל אַראָפּגענומען די שומרים, נישט אָפּגעבנ־דיק אַפֿילו קיין איינציקן שאָס.

מען האָט פֿאַרלאָדן עטלעכע זעק מיט מעדיקאַמענטן, באַנדאַזשן, כירורגישע אינסטרומענטן און נאָך נייטיקע זאַכן. מיט דעם דאָזיקן גרויסן אוצר זענען די יאַטן פֿאַר טאָג שוין געווען צוריק אין „פּאַרטיזאַנישן לאַנד".

אין וואַלד איז טאַקע געווען אַ גרויסע שמחה, נאָר ביי דער וואָלאָזשינער פּאָליציי האָט געקאַכט ווי אין אַ קעסל פֿאַר אויפֿרעגונג. די אויסשפּירערס האָבן מיטגעטיילט, אַז אומעטום האָט מען פֿאַרטאָפּלט די וואַך מיט פּאָליציי און מילי־

טערישע אָפּטיילונגען. נאָר דאָס האָט ווייניק וואָס געהאָלפן, די פּאַרטיזאַנישע אַקציעס זענען יעדעס מאָל געוואָרן דרייסטערע און שטאַרקערע.

אין מערץ 1943 האָט דער אָטריאַד־קאָמאַנדיר שיבין און זיין פּאַרטרעטער איוואַן מערוויענצאָוו, אַרויסמאַרשירט מיט זיין גאַנצער אָפּטיילונג אין דער ריכטונג פון דעם גוט, נישט ווייט פון וויעלקע פּאָליע.

ווי זיי האָבן זיך דערוווּסט, האָבן אַהין געדאַרפט אָנקומען דייטשן און אַרויס־פירן די אָנגעזאַמלטע תבואה אין די שפּייכלערס. דער באַפעל איז געווען צו אָרגאַ־ניזירן אַ לויערונג אויף די רויבער און זיי „אָפּגעווייגען" פון אַזעלכע אַפּעטיטן. די פּאַרטיזאַנער זענען דעמאָלט געווען נישט שלעכט אויסגעשטאַט מיט געווער, און אויך נישט שלעכט אָנגעטאָן. אמת — אין פאַרשידענע בגדים, אַ טייל דעראָבערטע ביים שונא. אַ ביסל קאָמיש האָט אויסגעזען אַזאַ מאַרשירנדיקע קאָמפּאַניע אין אינטערנאַציאָנאַלע אוניפאָרמען: פּוילישע, רוסישע, דייטשע, אַ סך אין ציווילער הלבשה, אָבער דאָס האָט קיינעם נישט געאַרט. וויכטיק איז בלויז געווען איינס — מאַטערן דעם שונא!

זיי האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס אין אַ קליין וועלדל און צווישן די פּול־באַוואַקסענע געדיכטע לאָזשינעס. אַלע זענען געווען אין אַ גוטער שטימונג. דאָס איז אויך געווען צו פאַרדאַנקען דעם איינפלוס פון דעם זייער ענערגישן פירער. שיבין און זיין פאַרטרעטער זענען אַרומגעלאָפן און קאָנטראָלירט, צי אַלע זענען גוט פאַרמאַסקירט.

— זיי וועלן זיך נישט פאָרשטעלן, אַז פּאַרטיזאַנער זאָלן זיך דערלויבן איינ־צואָרדענען אַ לויערונג אין אַזאַ קליין וועלדל — האָט געלאַכט שיבין, און דאָ וועלן מיר זיי האָבן.

אָבער דייטשן איז אויך געווען מער, ווי זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט. עס זענען אָנגעפאָרן מיט מאַשינען ביי אַ הונדערט מאַן. אָבער דער פּאַרטיזאַנישער איבערפאַל איז געקומען אויף אַזאַ אומגעריכט אופן און אַזוי איבעררעשט, אַז זיי האָבן פולשטענדיק פאַרלוירן די קעפּ.

ביי אַ שווערן מאַשין־געווער זענען געלעגן ישעיה לאָוויט און זיין ברודער לייבוש. מיט זייער פייער האָבן זיי איבערגעשניטן דעם וועג, טרעפנדיק אין דער ערשטער מאַשין, וואָס איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון פלאַמען. אַ רעגן פון בליי האָט זיך אַ שאָט געטאָן פון די איבעריקע ביקסן און אויטאָמאַטן, באַגלייט מיט דעם קנאַלן פון די אויפרייסנדיקע גראַנאַטן.

די היטלעריסטן פון די לעצטע מאַשינען האָבן זיך גענומען פאַרטיידיקן. זייער פייער איז אָבער געווען נישט אַזוי שעדלעך, די פּאַרטיזאַנער זענען געווען

גוט פאַרמאַסקירט אין די לאָזשינעס. דאַקעגן די דייטשן האָבן זיי געהאַט ווי אויף דער האַנט. אין די פעלד־גרויע מונדירן אויף דעם ווייסן שניי, האָבן זיי אויס־געזען ווי נאָר וואָס אויפגעשיטע קברים.

נאָך אַ העכער־שעהעדיקן קאַמף האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן, איבערלאָזנדיק אויפן שלאַכטפעלד צוועלף טויטע און צוויי פאַרברענטע לאַסטאויטאָס.

אויך פון די פאַרטיזאַנער איז געפאַלן דער 19־יאָריקער, שלאַנקער בחור פון האָראָדאָק — משה פראַדקין.

„ליידער איז דאָס שוין דער גורל פון פאַרטיזאַנער -- זאָגט עדעלמאַן — מיט וועלכן אַלע האָבן זיך שטענדיק גערעכנט, אָבער דאָך האָט יעדער געפאַלענער בחור שטאַרק וויי געטאָן און דער טויט פון דעם יונגן משהלען האָט מיך, ווי מיט אַ מאָל, פאַרעלטערט. איך האָב געפילט אַזאַ ווייטיק אין האַרצן, ווי עס וואָלט זיך אין מיר געעפנט אַ ווונד, וואָס היילט זיך שוין קיין מאָל נישט אויס״...

# די גרויסע אַקציע

מיטן איבערנעמען די אָנפירונג איבער די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען דורכן גענעראַל־מאַיאָר פּלאַטאָן, האָט מען אָנגעהויבן שיקן פון דער „גרויסער ערד" אין די צענדליקער פּאַרטיזאַנער. עס זענען געקומען ראַדיסטן, מינירערס, אויס־שפּירערס און נאָך אַנדערע ספּעציאַליסטן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן פּאַרשידענע אָפּעראַטיווע גרופּעס. צווישן אַנדערן איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ מינירער־גרופּע פון די חברים: לייבוש אָקון, פּערסקי, געלמאַן און ראַגאָווין — אַלע פון וואָלאָזשין, די דריי ברידער שפּרינגער פון האָראָדאָק (צוויי זענען געפאַלן אין קאַמף), יאָפע פון ווילנע, נחום שניטמאַן פון ראַקאָוו, לאַנדאַו (געפאַלן אין קאַמף), פייוול עדעלמאַן און הילל עדעלמאַן, נחום גרינהאָלץ און אַנדערע.

דער קורס האָט געדויערט עטלעכע וואָכן. אַלע האָבן געמוזט גענוי באַקענען זיך מיט פּאַרשידענע מינעס, אויך מיט דייטשע. יעדער האָט געמוזט קענען טעאָרעטיש און פּראַקטיש ווי אַזוי אַזאַ מינע אומשעדלעך צו מאַכן, פונאַנדער־נעמען, איבערטראָגן אויף אַ צווייט אָרט. דאָס אַלץ האָט מען געמוזט קענען אויס־פירן אַפילו מיט פאַרמאַכטע אויגן. גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינטענ־סיווע אַרבעט אויף אַלע באַן־ליניעס. עס האָבן גענומען פליִען אין דער לופטן אין צוג נאָכן צווייטן. צו איינער אַזאַ אַקציע, שוין איינע פון די לעצטע, איז געקומען דעם 20סטן מאַי 1944.

די רויטע אַרמיי האָט זיך געגרייט צו דער אָפענסיווע ביי דער בערעזינאַ. אין דער צייט האָט דער שטאַב באַקומען אַ באַפעל פון מאָסקווע אָפּצושניידן דעם שונא אַלע וועגן אויפן גאַנצן געביט פון ווייסרוסלאַנד. אויפרייסן די בריקן, די באַן־ליניעס, אומעטום אונטערלייגן צייט־מינעס און אַזוי אַרום באַשווערן די היטלעריסטן זייער צוריקמאַרש.

יעדע אָפּטיילונג האָט באַקומען איר אָפּשניט. די אָפּטיילונג, אין וועלכער ס'איז געווען הילל עדעלמאַן, האָט געהאַט די ליניעס קראַסנע־מאָלאָדעטשנאַ. דאָס איז געווען אַ מהלך פון העכער פופציק קילאָמעטער פון דער באַזע.

אויסגעשטאַט מיט שאַכטלען טריטאָל, האָבן זיי אַרויסמאַרשירט פון דער פושטשע אַלע פּאַרטיזאַנער אין פּאַרשידענע ריכטונגען, כּדי צוצוגרייטן דעם לעצטן טויטקלאַפּ דער היטלעריסטישער בעסטיע אויפן ווייסרוסישן געביט.

הילל'ס אָפּטיילונג האָט דורכגעמאַכט דעם וועג אין צוויי טעג. אין מיטן נאַכט פון דער דערמאָנטער דאַטע האָט זיך דערהערט אַ קאַנאָנאַדע אויף צענדליקער און צענדליקער קילאָמעטער. עס זענען אונטערמינירט געוואָרן און געלאָזט אין

דער לופטן באַן־רעלסן, בריקן אויף די וויכטיקסטע וועגן, אויף וועלכע ס'איז נאָר מעגלעך געווען פאַרויסצוזען, אַז דאָרט וועלן די היטלעריסטן זיך צוריקציִען.

פון אַזאַ געוואַלדיקער אַקציע זענען די דייטשן געוואָרן איבעררּאַשט און נישט גלייך געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר. מעגלעך, אַז אַ טך פון זיי האָבן זיך שוין פאַרגעשטעלט דעם אָנהייב פון דער סאָוויעטישער אָפענסיווע און אָנגעהויבן אַ געיעג נאָך די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען ערשט דאַן, ווען זיי האָבן שוין געהאַט ביי אַ צוואַנציק קילאָמעטער הינטער זיך. דאָס פייער פון די דייטשן איז שוין פאַר זיי נישט געווען געפערלעך. אַ סך פון די אָפּטיילונגען האָבן שוין געהאַט דערגרייכט דעם וואַלד, אין וועלכן די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים.

אין פינף טעג אַרום האָבן זיי נאָך דערגאַנצט די אַרבעט אויף די אָפּשניטן, וועלכע האָבן נאָך געקאָנט דינען דעם שונא.

דאָס צוריקציִען זיך פון די דייטשן האָט טאַקע אויסגעזען אַזוי, ווי מען האָט זיך דאָס פאָרגעשטעלט. אין דער גרויסער בהלה האָבן זיי געפּרוווט זיך דורכרייסן דורך די וועלדער, אָבער אויך דאָ האָבן די פּאַרטיזאַנער פאַרלייגט אַלע מעגלעכע וועגן מיט אונטערגעשניטענע ביימער, וואָס האָבן אוממעגלעך געמאַכט דאָס באַוועגן זיך אַפילו פון לייכטע טאַנקען. פאַרנעמענדיק פּאָזיציעס ביים ראַנד פון די וועלדער, האָבן זיי אַריינגעצויגן די דייטשן אין קאַמפן, פאַרשאַפנדיק זיי גרויסע פאַרלוסטן אין מענטשן ווי אין מאַטעריאַל, צוריקציִענדיק זיך טיפער אין וואַלד, ווו מען האָט אויך געמומען אַ סך געפאַנגענע.

„דאָס זענען געווען די שענסטע טעג — זאָגט עדעלמאַן — אין מיין גאַנצער פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט, אפשר אויך די גרעסטע פרייד פון מיין שפּעטערדיקן לעבן... אין די טויערן האָבן שוין געקלאַפּט די רויטאַרמייעו'רס. מיט זייער קומען האָב איך געזען אַ מענטשלעך לעבן פאַר אונדז אַלעמען און אויך דאָס חתמענען אויף אייביק אויף אונדזער ערד אַ נייע וועלט־אָרדענונג און דעם טויט פון פאַשיזם. צום ביטערן באַדויערן האָט זיך דאָס פאַר דעם ייִד גאָר אַנדערש געענדיקט...

# מיט ליידיקע הענט

## דערציילט פון פּאָרוטשניק ד״ר סעווערין ראָזען

אַ סך יאָרן זענען שוין פאַרביי — זאָגט ד״ר ראָזען — זייט יענע שרעקלעכע טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, אָבער דאָס בילד פון יענע קאָשמאַרפולע קריגס־יאָרן פון פאַשיסטישן טעראָר, לעבט נאָך אין מיר, ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געווען. איך הער נאָך די קולות פון די אויסגעמאָרדעטע יידן פון דעם קליינעם שטעטל נייעשוויעזש, גלייך ביים אַריינמאַרש פון די היטלעריסטישע חילות. עס איז נישטאָ קיין איין שפּאַן ערד, וואָס זאָל נישט זיין דורכגעזאַפּט מיטן בלוט פון די אומשולדיקע מענטשן. בלויז „נוצלעכע״, האָט מען איבערגעלאָזט, וועלכע די דייטשן האָבן נאָך צייטווייליק געדאַרפט, און אַ צאָל פון צוויי הונדערט זעכציק נפשות און זיי איינגעשפּאַרט אין אַ געטאָ.

ד״ר ראָזען האָט זיך דאָרט געפונען צופעליק. ער איז איינער פון די, וואָס האָבן זיך געשטעלט אויפן רוף פון וויצע־פּרעזידענט פון וואַרשע — אומיאַסטאָווסקי — צו פאַרלאָזן די הויפּטשטאָט, כדי אויף די מזרח־געביטן צו אָרגאַניזירן אַ נייע מיליטערישע קראַפט, צום ווייטערדיקן קאַמף מיט די באַרבאַרן. צום גרויסן באַדויערן זענען די געביטן אונטערליגן דער דייטשער אויבערמאַכט און דאָס לאַנד האָט באַשמוצט דער היטלעריסטישער שטיוול.

ראָזען קומט קיין ניעשוויעזש און אַרבעט אין דער דאָרטיקער פּאָליקליניק אַלס צאָן־דאָקטער. אַהער ברענגט ער שפּעטער זיין פרוי און קינד, וועלכע טיילן דעם גורל פון די דאָרטיקע יידן.

אַ צעבראָכענער, פאַראיינזאַמט, אָן אַ גואל, אָן אַ פריינד, פאַרלאָזט ער דאָס שטעטל. הינטער אים איין שרעקלעכער קאָשמאַר, פאַר אים — איין אומבאַוווסטער גורל. ער גייט שטענדיק פאַרויס, כאָטש ער ווייסט נישט וווהין.

אַזוי וואַנדערט ער עטלעכע טעג, אָן אַ וואַרעם ביסל וואַסער אין מויל, ביז ער קומט צום דאָרף רודניקי. עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, ווען ער האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ קליין שטיבל, וואָס איז געשטאַנען ווי פאַריתומט ביים ראַנד פונעם דאָרף. ס׳האָט אים געעפנט אַן אַלטיטשקע פרוי.

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען אָן ווערטער און אויך נישט גערירט זיך פון אָרט. עס האָט אים אויסגעפּעלט מוט אַריינצוגיין אין אַ מענטשלעכער וווינונג.

— גאָט איז מיט דיר, מיין זון — האָט ער דערהערט אַ האַרציקע שטים — דו ביסט זיכער פון די אומגליקלעכע אין ניעשוויעזש. קום אַריין אין שטוב.

די פרוי האָט זיך אויף אַ מאָמענט אַ דריי געטאָן ביים אויוון און פון דאָרט אַרויסגענומען אַן ערדענעם טאָפּ, פון וועלכן זי האָט אים אָנגעגאָסן אין אַ טיפער שיסל, אַ זייער אָרעמע קאַרטאָפל־זופּ. אַליין האָט זי זיך אַנידערגעזעצט פון דער צווייטער זייט טיש און זיך צוגעקוקט, ווי גיריק ער טוט שלינגען דאָס עסן.

— דו גייסט אין אַ שלעכטער ריכטונג, מיין קינד — האָט די אַלטיטשקע איבערגעריסן דאָס שווייגן — דאָ נישט ווייט זענען פאַראַן דייטשן, זיי פירן אַרויס אונדזער האָלץ פונעם וואַלד. דו ביסט אַ יונגער מענטש, טאָרסט נישט אַריינפאַלן אין פאַרצווייפלונג און פאַסיוו וואַרטן אויף דעם, וואָס דער גורל וועט דיר ברענגען. דיין וועג איז אַהין — האָט זי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אין דער ריכטונג פון ניעשוויעזשער וואַלד — גוטע מענטשן וועלן דיר העלפן.

— צי איז דאָס נישט קיין חלום? — האָט געזאָגט צו זיך אַליין ראָזען — צי זענען נאָך ווירקלעך פאַראַן גוטע מענטשן? אין זיין קאָפּ האָבן זיך געמישט פאַרשידענע געדאַנקען. אַרום איז געווען שטיל, בלויז פון דרויסן האָט זיך געטראָגן דאָס רוישן פון דעם נישט ווייט ליגנדיקן וואַלד, ווי ער וואָלט באַשטעטיקט די ווערטער פון דער אַלטער פרוי.

פאַר טאָג האָט ער פאַרלאָזט דאָס הייזל און איז אַוועק אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג.

דאָס איז געווען אין פרילינג 1942. ער איז געזעסן טיף אין וואַלד, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אין אַ בוים, און מיט פאַרמאַכטע אויגן זיך איינגעהערט אין דעם איבעררופן און טרעלן פון די פייגל. פּלוצעם האָבן זיך געהערט קלאַנגען פון מיליטערישע טרומפּייטן. סעוועריון ראָזען האָט געעפנט די אויגן און זיך אַליין נישט געגלויבט. נעבן אים האָט פאַרבייגעצויגן אַ לויה־צוג. אַ גרופּע באַוואָפנטע מענטשן, פאַרשידן געקליידטע, האָבן געטראָגן אַ טויטן, אויף אַ מטה פון צווייגן, צו זיין אייביקער רו. ער האָט זיך גלייך אַ הייב געטאָן פון זיין פּלאַץ און באַערט דעם טויטן מיט אַראָפּנעמען דאָס היטל.

— ווער ביסטו? — האָט זיך צו אים געווענדט אַ קרעפּטיקער מאַן, פון אַ יאָר פערציק, קוקנדיק אים שאַרף אין די אויגן.

— איך זוך פּאַרטיזאַנער.

— דו זוכסט פּאַרטיזאַנער און וואַרעמסט זיך אויף דער זון — און ווו איז דיין געווער? ימטקע — האָט ער אַ רוף געטאָן צו איינעם פון דער סוויטע — האָב אים אויפן אויג, שפּעטער ברענג אים צו מיר.

— פּריקאַז, טאָוואַרישטש קאָמאַנדיר! — האָט ער אויסגעשריגן, צולייגנדיק זיין האַנט צום דאַשעק פון מיליטערישן היטל.

און ראַזען האָט באַקומען אַ שומר.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז דאָס געווען דער קאַפּיטאַן באָזשענקאָ, פּסעוודאָנים „קאַפּוסטאַ״, דער קאָמאַנדיר פון דער דאָזיקער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג און שפּעטערדיקער צוויי־מאָליקער העלד פון ראַטנפאַרבאַנד. אַ מענטש מיט אַ גרויס האַרץ, אַן אמתדיקער אינטערנאַציאָנאַליסט.

נאָך אַ לענגערן פאַרהער, האָט מען אים געפירט צו אים שאַלאַש. ווייזט אויס, אַז זיין עקזאַמען איז נישט שלעכט אַרויסגעקומען, ווייל באָזשענקאָ האָט אים אויפגענומען ליבלעכער ווי פריִער:

— נאַ, טשטאָ, כאַטשעש וואָיעוואַט? — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל — דו ביסט דאָך אַ דאָקטער. ביי אונדז איז נישט קיין אוניווערסיטעט. דו האָסט געזען? מיר האָבן היינט באַערדיקט אַ חבר, וועלכער איז געפאַלן אין קאַמף.

— יאָ, איך האָב געזען.

— כאַראָשאָ, פּאָסמאָטרים.

דאָ איז געווען אַ גאַנץ קליינע אָפּטיילונג, וואָס האָט געציילט נישט מער ווי עטלעכע צענדליק זעלנער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די דייטשע „קעסלען״, אָדער אַנטלאָפן פון געפאַנגענשאַפט. זי איז אָבער פון טאָג צו טאָג געוואַקסן.

אין אַ צייט אַרום איז אַהער געקומען אַ גרופּע יידישע חברים, ווי: אַלטער מאַיעראָוויטש פון קלעצק, שלום כאַלאַווסקי, נתן סאָבעלמאַן און זיין פרוי ריווע, יעקב מיקאַנאָווסקי פון וואַרשע, קאַנטאָראָוויטש פון מינסק און אַנדערע.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז געקומען אַ באַפעל צו פאַרניכטן דעם נישט ווייט ליגנדיקן סאָווכאָז, אין וועלכן ס׳איז געווען אַ פּאָליציייִש וואַך־הויז, פון ווייסרוסן אין שוואַרצע מונדירן.

— נאַ, ווייזט וואָס איר קענט! — האָט זיך געווענדעט צו די יידן דער דעמאָלטיקער פּאַרטרעטער פון „קאַפּוסטאַן״, אַ זייער נישט סימפּאַטישער טיפּ. שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז ער האָט געפירט אַ קאַמף מיט „קאַפּוסטאַן״ צו באַזייטיקן די יידן ווי פּחדנים. די יידישע גרופּע האָט דעמאָלט זיך דורכגעשמועסט מיט די אויגן און גוט פאַרשטאַנען דעם פּאַרטרעטערס צווייַדייטיקן זאָג.

— זייט זיכער אַז מיר וועלן ווייזן און דערווייזן — האָבן זיך געהערט עטלעכע שטימעס, כאָטש קיינער פון זיי האָט נישט געהאַט קיין געווער.

פאַר נאַכט האָבן זיי פאַרלאָזט דעם וואַלד. אמתדיק געזאָגט, מיט „האַלץ־דראָשער קעגן דער זון״, זענען זיי געגאַנגען אין קאַמף. פאַר יעדן פרייז האָבן זיי באַשלאָסן זיך צו דערוואָרבן געווער.

זיי האָבן זיך שוין דערנענטערט צום סאָווכאָז. אַרום זענען די פענצטער געווען פאַרהאָנגען מיט שוואַרץ פּאַפּיר, קיין פּיצל שיין זאָל נישט אַרויסקוקן. ס׳האָט געטריפט אַ דראָבניטשקער רעגן. אויף דער נאַסער ערד האָבן זיי זיך געררוקט אַלץ נענטער און נענטער צו דעם בנין — די נעסט פון דער פאַר־האַסטער פּאָליציי. זיי האָבן זיך שוין געגרייט צום שפּרונג, ווי די רויב־חיות, וואָס לויערן אויף זייער קרבן, האָבן זיי אָנגעשפּאַנט אַלע זייערע גלידער, כּדי וואָס שנעלער זיך קאָנען אויפהייבן פון דער ערד און דורכמאַכן דעם טיילנדיקן זיי וועג. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ גרעגערן פון מאַשין־ביקסן פון דער זייט פון דער פּאָליציי, אויף וועלכן עס האָבן געענטפערט די באַוואָפנטע פּאַרטי־זאַנישע גרופּע. די ייִדן האָבן זיך איצט געפונען צווישן צוויי פייערן. איבער זייערע קעפּ האָבן געפייפט די קוילן, וואָס האָבן זיך געקרייצט פון די קעגנ־זייטיקע פייער־נעסטן. עס איז נישט געווען אויף וואָס לענגער צו וואַרטן. אויס־נוצנדיק דעם איבעררייס, האָבן זיי זיך אַ הייב געטאָן פון דער ערד און מיט אויסגעשרייען „הוראַ!״... זיך אַריינגעריסן אין וואַך־הויז.

עס שטייט נאָך היינט פאַר מיינע אויגן אַלטער מאַיעראָוויטש — זאָגט דער ד״ר ראָזען — ווי ער בייסט זיך איין אין דעם גאָרגל פון ווייסרוסישן פּאָליציאַנט. אַ בילד פון פאַרצווייפלונג און נקמה. אַן אַקט, וואָס קען זיין פאַרשטענדלעך, נאָר פאַר יענע מענטשן וועמען דער ווילן פון נקמה האָט געבראַכט אין די רייען פון די נקמה־נעמערס.

דער גאַנצער סאָווכאָז איז באַלד באַהערשט געוואָרן פון דער ייִדישער אָפּטיילונג. די אָרטיקע פויערים האָבן מיט טרערן אין די אויגן זיי געדריקט די הענט פאַר פרייד, אָנווייזנדיק ווו נאָר וואָס ווערטפולס געפינט זיך.

די פּאַרטיזאַנער האָבן צוריק מאַרשירט מיט פערד, מונדירן, אָבער שוין דאָס ווייכטיקסטע — מיט אַ ביסל געווער און אַמוניציע.

פאַר די ייִדן איז דאָס געווען אַ זיג — איבער די פאַשיסטן פון איין זייט, און צואַזמען מיט דעם אויפריכטיקן קאָמאַנדיר „קאַפּוסטאַ״ איבער זיין קעגנער, וועלכער האָט זיי געוואָלט פאַרטרייבן.

# דער קאַמף אין די סטאַריצער וועלדער

דער זומער איז אַריבער און מיט אים אויך די שיינע וואַרעמע טעג. דאָס לעבן אין וואַלד הייבט אָן צו ווערן אַ ביסל שווערער. אָבער דערפאַר זענען די טריבע קורצע טעג און לאַנגע פינצטערע נעכט זייער גינסטיקע אויף דורכצופירן פאַרשידענע פּאַרטיזאַנישע אַקציעס.

זיי זענען זיך שוין צעוואַקסן אין אַ בריגאַדע. דער פירער פון דעם אָטריאַד איז געווען דעמאָלט דער מינסקער ייִד — גילטשיק. לויט זיין באַפעל הייבט דער ד"ר ראָזען אָן אָרגאַניזירן אַ סאַניטאַרע אָפּטיילונג און ער ווערט באַשטימט אַלס איר לייטער, נאָר די אַרבעט גיט אים נישט קיין באַפרידיקונג. ער פאַרלאַנגט מען זאָל אים צוריק צוטיילן צו אַ קעמפערישער אָפּטיילונג. זיין פאַרלאַנג ווערט דערפילט און ער קומט אַלס פירער פון אַ דרוזשינע אין אָטריאַד, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון „זשוקאָוו" פון דער 19טער בריגאַדע „מאָלאָטאָוו".

זיי געפינען זיך דעמאָלט נישט ווייט פון דעם שטעטל דעניסקאָוויטשע. דאָ האָט זיך געצויגן אַ שמאָלע באַן־ליניע צום וואַלד, פון וועלכן די דייטשן האָבן אַרויסגעפירט דאָס האָלץ.

— צו ביליק קאָסט זיי דאָס האָלץ — האָט געזאָגט איין מאָל אויף אַ באַראַטונג דער קאָמאַנדיר באַראַנאָוו, וועלכער האָט איבערגענומען דעם אָטריאַד נאָך גילטשיקן.

ער האָט גלייך אויסגעטיילט אויסשפּירערס, זיי זאָלן פעסטשטעלן גענוי דעם גאַנצן שטח, ווי אויך די צייט פון פאַרקער פון דער קאָלייקע און צאָל פון דער באַזעצונג.

אין אַ טריבן נאָכמיטאָג האָט פאַרלאָזט די באַזע אַן אָפּטיילונג פון אַ הונדערט מאַן, אונטער זיין אָנפירונג און געצויגן אין דער ריכטונג פון דער באַן־ליניע, ביים שטעטל דעניסקאָוויטשע. זיי פאַרנעמען אין וואַלד פּאָזיציעס, פוןביידע זייטן לענגאויס דעם לויף פון די שינעס. אונטער אַ סטערטע האָלץ שטייט דאָ איינער און האַלט דעם שטריק פון דער אונטערגעלייגטער באָמבע, ווי דער שוחט זיין חלף, און וואַרט אויף זיין קרבן.

— עס וועט זיין אַ גאַנץ שיינער קבר — האָט זיך געוויצלט כאָלאָווסקי — אַ טאָל, פון ביידע זייטן אַ סיסטעמאַטישער אויפשיט ווי אַ טראַפּעז, דער אייזערנער קאַסטן פון דער קאָלייקע.

— און מיר וועלן צושפּילן פון אונדזערע אויטאָמאַטן — האָט צוגעגעבן קאָנטאָראָוויטש.

מען האָט געשפּאַסט, פאַנטאַזירט, און די צייט פון וואַרטן איז שנעל פאַרביי.



עס שטייען פון רעכטס: די פּאַרטיזאַנער
קאַנטאָראָוויטש, כאָלאַווסקי, ראָזען.

ווען עס האָט זיך דערהערט דער פּיף פון לאָקאָמאָטיוו, זענען אַלע געוואָרן ערנסט, און אָנגעשפּיצט די אויערן.

עס יאָגט די קאָלעיקע — זי ווערט גרעסער, מ׳האָט שוין געזען די קאָנטורן פון די איינצלנע וואַגאָנען. די סילועטן פון די דייטשן אויף די בריקלעך. דעם היטלעריסט ביים מאַשין־געווער. זיין רויט פּרצוף, די מערדערישע אויגן. ראָזען דריקט אין זיין האַנט דעם אויטאָמאַט. די נערוון זענען אָנגעשטרענגט ביז גאָר. די רער פונעם געווער איז געצילט אין זיין קאָפּ, נאָר מען טאָר זיך נישט פאַר־ראַטן. טראַך! דערהערט זיך מיט אַ מאָל דעראויפרייס פון דער מינע, און ער גיט אַ דריק ביים צינגל פון אויטאָמאַט. די סעריע ווערט באַגלייט מיט אַ גרעגעריי פון אַנדערע ביקסן. אויף דעם אָפּהילכן פון דער קאַנאָנאַדע איז צו הילף געקומען פון דעניסקאָוויטשע אַ באַוואָפנטער צוג מיט מינע־וואַרפערס, אָבער די פּאַרטי־זאַנער זענען שוין געווען אויפן וועג צו דער באַזע. אין דער קאַטאַסטראָפע זענען אומגעקומען איבער אַ צענדליק היטלעריסטן.

די געלונגענע אַקציע האָבן זיי באַשלאָסן צו „באַגיסן" אין יום־טובדיקן טאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. זיי האָבן דערוויל סטאַציאָנירט אין די סטאַריצער וועלדער. די עקאָנאָמישע לאַגע איז נישט געווען קיין שלעכטע. זיי האָבן פאַר־מאָגט פערד, בהמות, די פויערים האָבן זיך אונטערגענומען צו דעם יום־טוב אויסצובאַקן ברויט און ברענגען אַ ביסל בראָנפן פון אייגענער אויסאַרבעטונג, אַזוי גערופענעם „בימבער", אַלץ איז געווען אין אַ געהויבענער שטימונג.

פאַר טאָג ווערן זיי פּלוצעם אַרויסגעריסן פון שלאָף דורך אַ דונערן פון האַרמאַטן־שאָסן, וואָס טראָגן זיך איבערן וואַלד. זיי זענען גלייך אַלע געשטעלט געוואָרן אַלאַרם־גרייט. עס האָבן אויך אָנגעהויבן לויפן פויערים פון דאָרף סטאַ־ריצע, וועלכע האָבן מיט די פּאַרטיזאַנער סימפּאַטיזירט, מורא האָבנדיק פאַר רעפּרעסיעס — איבערגעבנדיק, אַז גרויסע מיליטערישע כוחות און ווייסרוסישע פּאָליציאַנטן רינגלען אַרום דעם וואַלד.

עס זענען דאָרט געווען איבער דריי הונדערט פּאַרטיזאַנער, אונטער דער אָנפירונג פון בריגאַדע־קאָמאַנדיר, קאַפּיטאַן באָזשענקאָ־„קאַפּוסטאַ". זיי פאַר־נעמען קאַמפּס־פּאָזיציעס און גרייטן זיך צו אַ קאָנטער־אַטאַקע. גלייכצייטיק ווערט געעפנט אַ שלאַג־פייער פון אַלע מינים געווער, מיט וועלכן זיי האַלטן אויף דעם טעמפּ פון דעם שנעלן דייטשן פאָרויסמאַרש און פּרעסן זיי אַ ביסל צו צו דער ערד. ס׳האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די לאַגע איז אַ געראַטעוועטע. די אויבער־מאַכט פון די פּאַרטיזאַנער איז אויך דאָס, וואָס זיי זענען באַשיצט פונעם וואַלד, ווו די ציל־קראַפט פון די דייטשע קוילן ווערט אַ ביסל אָפּגעטעמפּט און דאָס וויכטיקסטע, וואָס זיי קענען נישט אַריינקומען מיט קיין טאַנקן און שווערן וואָפן.

נאָר פּלוצעם ווערט דער וואַלד איבערגעשניטן אויף צווייען. מיט דעם „געהיימען" וועג, וועלכער איז נאָר געווען באַקאַנט געציילטע פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, האָבן די דייטשן געגומען אַריינפירן טאַנקן און פון די פּאַרטיזאַנער געשאַפן צווישן באַזונדערע קאַמפּס־אָפּשניטן. זיי זענען איצט אין אַ טאָפּלטן קלעם. ביי אַ טייל מיט שוואַכערע נערוון שאַפט זיך אַ ביסל אַ פּאַניק, אָבער דאָס ווערט באַלד באַהערשט. אין איין טייל וואַלד פירט אָן מיט דער פאַרטיידיקונג דער קאַפּיטאַן „קאַפּוסטאַ" און אין דעם צווייטן טייל נעמט איבער די אָנפירונג דער שפּעטערדיקער אָרגאַניזאַטאָר פון אַ זעלבסטשטענדיקער בריגאַדע — שעסטעפּאַוולאָוו. דער קאַמף איז אַ פאַרביסענער. פּאַרטיזאַנער זענען צו אַזאַ קאַמף נישט געוווינט, דערצו מיט אַזאַ איבערמאַכט אין מענטשן און מיליטערישע מכשירים. די רייען ווערן שיטערער. אַרום טראָגט זיך דאָס קרעכצן און די הילפסרופן פון פאַרוווּנדעטע און גוססנדיקע פּאַרטיזאַנער. די איינציקע האָפענונג איז די נאַכט. די מינוטן ציִען זיך אָבער ווי לאַנגע יאָרן. דער באַגריף פון צייט האָט זיך עפּעס מאָדנע געביטן. דאָס וואָרט רגע, מינוט, שעה האָט זיך אַסאָציִירט מיט אייביקייט. די געשפּאַנטקייט, דאָס אומאויפהערלעכע רייסן פון צעגליטן בליי, דער געראַנגל און דאָס וואַרטן יעדע מינוט אויפן טויט, האָבן פון אַ סך געמאַכט גרוי און אַלט אין משך פון די געציילטע שעהען, אין דעם דאָזיקן קאַמף אין סטאַריצער וואַלד.

ענדלעך איז געקומען די נאַכט. מיטן צופאַלן פון דער טונקלקייט, האָבן די דייטשן איבערגעריסן דאָס פייער, גרייטנדיק זיך אין דער פרי אָנצוהייבן מיט נייע כּוחות זייער אָפענסיווע. דאָס האָט די פּאַרטיזאַנער אָנפירונג באַשלאָסן אויס־צונוצן. מיט דער הילף פון די אָרטיקע פּויערים, וועלכע האָבן דאָ געקענט אַלע געהיימע סטעזשקעס און וועגן, געלינגט שפּעט אין דער נאַכט זיך אַרויסצורייסן פון די סטאַריצער וועלדער און אַוועקגיין אין דער ריכטונג פון די מאַשוקאָווער.

כּדי צו פאַרווישן הינטער זיך זייערע שפּורן זענען זיי געגאַנגען מיט די בלאָטיקע פּאַלעסיער וועגן, אַ היפּשן מהלך געצויגן אין מיטן פון אַ טייך, וועלכער איז דאָרט פאַרבייגעשווומען, שלעפּנדיק מיט זיך אַ גרויסן טייל פון דער באַפעל־קערונג, פון דאָרף סטאַריצי, וועלכע איז אַנטלאָפן פון די דייטשן.

געצעגנטלט זענען זיי געקומען אין די מאַשוקאָווער וועלדער. פון דער אַרומ־רינגלונג זענען זיי אויך נישט אין שטאַנד געווען אַרויסצופירן זייערע פערד, בהמות, די וועגענער מיט היי, אַפילו נישט דאָס ברויט, וואָס די פּויערים האָבן פאַר זיי געבאַקן אויף יום־טוב און דער גרעסטער טייל איז דאָרט געבליבן.

דאָ, אין דער פריש געשאַפענער „פּאַרטיזאַנישער היים", האָבן זיי געגומען אַלץ בויען פון ס'ניי, שוין מיט מער דערפאַרונג. אַ ביסל פאַרהיילן די ווונדן און זיך גרייטן צו נייע אַקציעס.

# די דייטשע אויפרופן

דאָס איז געווען ווינטער 1943. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געפונען ביים טייך מאַראַטש, דעם צופלוס פון פריפּעטש. די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען האָבן סטאַ־ציאָנירט איינפאַך אין די דערפער, ווי אַ נאָרמאַלע אַרמיי. נאָך דער מפּלה פון די דייטשן ביי סטאַלינגראַד, און דעם צו נישט מאַכן איר מיט אַלס אומבאַזיגבאַרע אַרמיי, האָבן ביי אַ סך מענטשן זיך געעפנט די אויגן. די פּאַרטיזאַנער האָבן באַקומען מאַסן סימפּאַטיקער, אינפאָרמאַטאָרן און בכלל אַ באַזע אין די דערפער. עס האָבן זיך גענומען אָרגאַניזירן גאַנצע פּאַרטיזאַנישע מחנות, אויך זייער בריגאַדע האָט זיך אַ סך פאַרגרעסערט. עס זענען שוין געווען די אָפּטיילונגען אויפן נאָמען פון „שעסטאַ־פּאַוולאָווןˮ, אַ צווייטע אויף דעם נאָמען פון „יערמאַ־יענקאַˮ. אין דעם „פּאַרטיזאַנער־לאַנדˮ, ווי מען האָט די געגנט גערופן, האָט זיך דעמאָלט געפונען איבער זעקס טויזנט פּאַרטיזאַנער. דער שטאַב האָט געהאַט זיין זיצאָרט אין דאָרף ראַזשאַן־וויעלקי, זייענדיק אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דעם ווייסרוסישן פּאַרטיזאַנער־שטאַב — מיט איר באַזע אין געגנט פון מינסק.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז פון דאָרט געקומען אַ מעלדונג, אַז מען דאַרף זיך גרייטן אויפצונעמען אַ קאַמף מיט גרויסע מיליטערישע כּוחות. די אָנפירונג איבער אַלע אָפּטיילונגען זאָל איבערנעמען דער קאָמאַנדיר באַזשענקאַ־„קאַפּוס־טאַˮ און פאַר קיין שום פּרייז נישט פאַרלאָזן דאָס געביט.

עס זענען באַלד אַרויסגעשיקט געוואָרן באַפעלן אין אַלע דערפער, צו די פירערס פון די אָפּטיילונגען, גרייט זיין צו יעדער מעגלעכקייט, און גלייכצייטיק אַרויסשיקן אויסשפּירערס אין די וועלדער, זיי זאָלן גענוי פעסטשטעלן, ווו און פון וועלכער ריכטונג עס דראָט דאָס געפאַר.

די מעלדונגען זענען געווען נישט קיין פריילעכע. די פיינטלעכע כּוחות זענען געשאַצט געוואָרן אין עטלעכע צענדליק טויזנט, דייטשן, וולאַסאָווצעס און ווייס־רוסישע פּאָליציאַנטן. דאָס האָט זיך באַשטעטיקט פון עטלעכע קוועלן.

אויפן ערשטן פייער איז געגאַנגען מיט זיין בריגאַדע דער קאָמאַנדיר באַזשענקאַ אַליין. זיין קאַמפּס־טאַקטיק איז געווען שטענדיק, זיך אָפּרייסן פון שונא, איבערפאַלן בלויז קליינע אָפּטיילונגען און דערנאָך זיך צוריקציִען. דער פּאַרטיזאַנישער כּוח איז געווען אין דער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען אויף דער זייט פון די פּאַרטיזאַנער, און די מינדסטע באַוועגונג פון פיינט איז זיי גלייך באַקאַנט געוואָרן. עס זענען געווען פאַלן, ווען מען איז געלעגן אין שכנות

מיטן שונא, און מ׳האָט געזען זייערע פּייערן, ביי וועלכע זיי האָבן זיך געוואַרעמט און אויך נישט איין מאָל געהערט זייער גאָרגלדיקע שפּראַך.

אַ פּחד האָט אויף זיי געוואָרפן די ביינאַכטיקע איבערפאַלן, דעמאָלט פלעגט מען זיי פאַרשאַפן די גרעסטע פאַרלוסטן. דערפאַר האָבן זיי זיך נוקם געווען אין דער ציווילער באַפעלקערונג. אין דער ערשטער ריי זענען געגאַנגען די דערפער ראַזשאַן־וויעלקי און קאַלקי, פון וועלכע עס איז געבליבן איין גרויסער בראַנ־וואַרג. די דערפער זענען אָפגעגאַנגען אין בלוט, פון די הענט פון זייערע אייגענע פאַשיסטן — די פאָליציאַנטן אין די שוואַרצע מונדירן. ביז אין זיבעטן הימל האָבן זיך געטראָגן די קולות פון די געמאַטערטע מענטשן. די ברונעמס זענען געווען פול מיט דערטרונקענע קינדער, וואָס די פאַרטיזאַנער האָבן אין פרילינג געמוזט אַרויסציִען, צוליב דער דראָענדיקער געפאַר פון אַ מגיפה.

אַזוי האָבן זיך געצויגן זעקס לאַנגע און פאַרביטערטע וואָכן. אויך די פאַר־טיזאַנער האָבן געהאַט גרויסע פאַרלוסטן, אָבער דאָס געביט האָבן זיי נישט פאַר־לאָזט. זיי האָבן זיך ממש געטראָטן אויף די פּיאַטעס. דאָס לעבן איז שוין אַלע דערעסן געוואָרן און נישט איינער האָט זיך געווונטשן, אַז אַ קויל זאָל אים אויסלייזן פון די מאַטערנישן. עס האָט אויך גענומען פלאָגן דער הונגער. ראַזען האָט תּמיד זיך דערמאָנט די פרייד פון אַלטער מאַיעראַוויטש, ווען ער, ראַזען, האָט אַרויסגענומען צוויי רויע קאַרטאָפל און פון זיי געמאַכט אַן אָנבייסן. קיין מאָל פריִער און אויך שפּעטער, האָט זיי אַ מאכל נישט אַזוי געשמעקט, ווי דעמאָלט די צוויי קאַרטאָפל.

צו אַ דעצידירנדיקער שלאַכט איז געקומען ביים דאָרף טשוטשעוויצע. דאָ האָט מען שוין צונויפגענומען אַלע כּוחות און אַליין געווען די אָנגרייפערס. דער קאַמף האָט געדויערט עטלעכע שעה, גלייכצייטיק אויף אַלע אָפּשניטן. אמת, בלויז זייער בריגאַדע האָט געהאַט פינף און צוואַנציק טויטע און אַזוי פיל פאַר־ווונדעטע, אָבער דער שונא האָט געהאַט אַ סך גרעסערע פאַרלוסטן. די זיגערס זענען דאָך געווען די פאַרטיזאַנער, ווייל זיי האָבן דאָס געביט נישט פאַרלאָזט.

די דייטשן האָבן דערנאָך אַרויסגעלאָזט אויפרופן, אָפּצושרעקן די ציווילע באַפעלקערונג פון פרווון צו גיין אין וואַלד — זיי האָבן געשריבן — אַז אין דעם קאַמף אין די זומפּן, זענען דערטרונקען געוואָרן דריי טויזנט פאַריזאַנער, אַזאַ צאָל איז אויך גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט, די איבעריקע זענען פאַר־לוירן געוואָרן. זיי האָבן אונטערגעשטראָכן: די פאַרטיזאַנער עקזיסטירן נישט מער.

זיי האָבן זיך באַלד איבערצייגט אין זייער טעות, און זיי האָבן זיך אַליין געמאַכט צו חוזק. אין אַ קורצער צייט אַרום קומט די אַזוי גערופענע „אַקציע

אויף די רעלסן" און גלייך נאָך איר די פאַרניכטונג פון דער טעלעפאָן־פאַר־בינדונג.

אַלס פירער פון אַ דרוזשינע פון אָטריאַד „זשוקאָוו", באַקומט דער ד"ר ראָזען דעם אָפּשניט פון שאָסיי, וואָס האָט געפירט קיין באַראַנאָוויטש. מיט אַן אָפּטיילונג פון צען פאַרטיזאַנער האָבן זיי אין איין נאַכט אונטערגעשניטן אַכט און צוואַנציק טעלעפאָן־סלופּעס. דאָס האָט גלייכצייטיק פּאַסירט אויף אַלע אַנדערע ליניעס.

האָבנדיק צעשטערט די באַן־רעלסן און פאַרניכטעט די טעלעפאָן־פאַרבינ־דונג, האָבן אַלע זיך איבערצייגט אין אמת פון די אויפרופן.

# מיין וועג צו די פּאַרטיזאַנער

## דערציילט פון סלאַווע טשערטאָק־טשערעשניאַ — צעסיאַ

אין אַ ביינאַכט איז סלאַווע געשטאַנען אויף אַ קרייצוועג, עטלעכע קילאָ־מעטער פון דעם שטעטל קורעניעץ און נישט געוווסט וווהין ווייטער צו גיין. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט ווי מיט אַ האַמער, זי האָט געציטערט ביים מינדסטן רעש פון אַ צווייגל, אַ שאָרך פון אַ בלעטל, פאַר דעם וואָיען פון ווינט. אין די אויערן האָבן נאָך געקלונגען די ווערטער פון דעם געסטאַפּאָוויעץ: „אין סטאַראָ־ווילעיקאָ וועסטו שוין אַלץ זאָגן"... ווער ווייסט וואָס עס וועט געשען מיט דעם דאָלמעטשער, וועלכער האָט איר געהאָלפן ביים אַנטלויפן ?... און אַ אינערלעך קול האָט גערופן — ווייטער ! ווייטער פון די מערדערס, פון די פאַרפאָלגערס !

ווי געטריבן פון עפּעס אַן אומבאַוווסטער קראַפט האָט זי געצויגן פאָרויס אין דער אומענדלעכער, פינצטערער נאַכט. הונגעריק, מיד און אַן כּוחות איז זי אַריין אין אַ וואַלד. עפּעס אַ מאָדנער געפיל האָט זי דעמאָלט באַהערשט. זי האָט דערפילט אַז דער רוישיקער וואַלד איז געוואָרן איר פאַרבינדעטער, איר שומר און באַשיצער, איר איינציקער פריינד. ווי אַ ים־אַלמטערן, אַזוי האָט זיך באַוויזן פאַר אירע אויגן אַ קליין ליכטל פון אַ הייזל, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון וואַלד־ראַנד. זי האָט זיך געלאָזט אין יענער ריכטונג.

אין הייזל איז מען נישט געשלאָפן. די פרוי איז נאָך געוועזן ביי עפּעס באַשעפטיקט. מיט אַ ציטערנדיקער האַנט האָט זי אָנגעקלאַפּט אין נידעריקן פענצטערל און מיט האַרץ־קלאַפּעניש געוואַרט מען זאָל איר עפענען. ס'האָט אַ גרילץ געטאָן דער ריגל און אין דער טיר האָט זיך באַוויזן שוין נישט קיין יונגע, נאָר זייער סימפּאַטישע פרוי.

— דער וועג קיין קוזשמיץ... — האָט סלאַווע שטיל געפרעגט, נישט וויסנדיק ווי אַזוי ווייטער פאָרזעצן.

— קיין קוזשמיץ, אַזוי שפּעט אין דער נאַכט ? קום אַריין אין שטוב, איך וועל פרעגן מיין מאַן, ער אָריענטירט זיך בעסער אין דער געגנט.

נישט זיכער האָט זי אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דעם הייזל, אָבער ווי איבערראַשט איז זי געוואָרן, ווען זי האָט באַגעגנט אַ באַקאַנטן פויער, וועלכער פלעגט שטענדיק קומען אין דער מיל, ווו זי האָט געאַרבעט.

— צעסיאַ ! — האָט ער אויסגערופן — גוט וואָס איך זע דיך, איך קום נאָר



סלאַוואַ טשערטאָק־טשערעשניאַ — פסעוו. „צעסיאַ"

וואָס פון קורעניץ, פון דער מיל. דאָרט איז געווען די געסטאַפּאָ דיך זוכן. זיי האָבן אַלץ איבערגעקערט האָרין קאָרין.

— איך וויל קיין קושמיץ — האָט זי איבערגעחזרט.

— איך פאַרשטיי ווו דו ווילסט — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל — וועסט עפּעס וואַרעמס אַפּעסן, זיך אַ ביסל צולייגן און פּאָר טאָג וועל איך דיך שוין אַרויספירן אויפן וועג.

זי איז נישט געשלאָפן. פאַר אירע אויגן זענען איצט ווידער אויפגעשווומען די שרעקלעכע בילדער פון דער אַקציע אין ווילנער געטאָ, די דייטשע און ליטווישע באַנדיטן, זי ליגט פאַרשטעקט אויפן בוידעם אויף דער קאַלוואַריסקער־גאַס נומער 58, דאָס אַנטלויפן און די שמד־צערעמאָניע אין קלויסטער פון „אָסטראַ בראַמאַ", ווו זי באַקומט דעם נאָמען „צעסיאַ", זי ווערט די העלפערין פון דער ווירטן אויף דער פלעבאַניע ביי דעם גלח פּאַטאַצקי אין סטאַראַ־ווילעיקע, זי איז שרעקלעך מיד, די וויִעס זענען שווער ווי בליי, זיי פאַרמאַכן זיך, אָבער זי קאָן נישט איינשלאָפן. די קאָשמאַרע בילדער קומען אַלץ ווידער און ווידער. זי לעבט נאָך איין מאָל איבער די שחיטה פון די קורעניצער ייִדן, זי זעט ווי מען טרייבט זיי צוזאַמען אין אַ סטאָדאָלע, הערט די יאָמערלעכע קולות פון די געפּייניקטע, זי זעט די פייער־פלאַמען וואָס נעמען אַרום דעם גאַנצן בנין, ווו די ייִדן ווערן לעבעדיק פאַרברענט.

דער פויער איז אויך נישט געשלאָפן. עס איז נאָך געווען בלוי אין דרויסן ווען זיי זענען אַרויס פון דער שטוב און זיך געלאָזט מיטן וואַלד אין דער ריכטונג פון קושמיץ.

— געדענק — האָט ער געזאָגט ביים געזעגענען — גלייך ביים אָנקום אין דאָרף וועסטו זען אַ גרויס הויז, עס וועט זיך דיר גלייך וואַרפן אין די אויגן, און דאָרט וועסטו פרעגן אויף דער פרוי וואַנדע. איר זאָלסטו זאָגן אַז דער ברודער האָט דיך געשיקט...

סלאַווע האָט זיך געלאָזט גלייך מיט אַ וואַלד־סטעזשקע לויט דער אָנגעוויזענער ריכטונג. דער וועג האָט זיך אָבער אומענדלעך געצויגן. אין קאָפּ האָט געשוועבט איין געדאַנק און איין ציל — קושמיצער וועלדער.

וועגן די פאַרטיזאַנער אין די דאָרטיקע וועלדער האָט איר דער ערשטער געזאָגט יעקב הורוויטש, אַ קוריניצער ייִד, וואָס האָט מיט איר צוזאַמען געאַרבעט אין דער מיל. שוין לאַנג איז ער מיט זיי געווען אין קאָנטאַקט. איצט זענען די וועלדער געוואָרן איר טרוים און איר האָפענונג.

ביי וואַנדען איז זי געבליבן צוויי טעג. נישט קיין אַנדערע ווי וואַנדע, האָט זי פאַרבונדן מיט די פאַרטיזאַנער.

БЕЛОРУССКИЙ
ШТАБ
ПАРТИЗАНСКОГО ДВИЖЕНИЯ

СПРАВКА

„14“ апреля 1944 г.

№ 117

Дана настоящая Черток Чеслав Иванович

в том, что он действительно состоял в партизанском отряде ... бригады ...

с „9“ ноября 1942 по „6“ июля 1944

в должности рядового партизана

Просьба к местным органам власти оказать тов. Черток содействие в устройстве на жительство и работу.

м. п.

Начальник Отдела Кадров
Белорусского Штаба Партизанского
Движения

א באַשטעטיקונג וועגן אָנטייל אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג
פון סלאַוואַ טשערטאָק־טשערעשניאַ

סלאַווע איז געקומען צו דער אָפּטיילונג אונטערן נאָמען „משטשיטשעל״, וועמענס אָנפירער ס׳איז געווען דער פּאָלקאָווניק סאָקאָלאָוו — אַ מאַן פון אַ יאָר 35, אַ זייער אינטעליגענטער און קלוגער מענטש.

— דו ווילסט צו די פּאַרטיזאַנער? — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, מעסטנדיק זי פון קאָפּ ביז צו די פיס.

— יאָ — האָט סלאַווע געענטפערט מיט אַ ציטערנדיקער שטים.

זי איז געשטאַנען און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט ווי מיט אַ האַמער. זי האָט געוואַרט אויף דעם גרעסטן אורטייל אין איר לעבן — זיין, אָדער נישט זיין...

— ווי אַלט ביסטו?

— 17 יאָר.

— דערלייגסט נישט אַ פּאָר יאָר?

— ניין.

— די ביקס וועט דאָך זיין גרעסער פון דיר — האָט ער געזאָגט ווי צו זיך אַליין. אין זיינע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ פונק פון מיטלייד — גוט, בלייב — האָט ער אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט.

זי ווייסט נישט — האָט געזאָגט סלאַווע — צי פון פרייד, צי פון נערוון־אָנטשפּאַנונג האָט זי זיך צעוויינט.

— אַ שיינער קעמפער, וואָס וויינט — האָט ער געזאָגט מיט אַ פּאָטערלעכער שטימע — איך האָב דאָך געזאָגט אַז דו בלייבסט.

דעמאָלט איז שוין געווען אַן אָפּטיילונג פון אַ צוויי הונדערט מאַן. בלויז נישט אַלע האָבן געהאַט געווער. די איינציקע באַוואָפענונג פון אַ סך איז געווען אַ באַגנעט, אָדער אַ גראַנאַט, דערצו טייל מאָל פון אייגענער אויסאַרבעטונג. דאָרט האָט זי אויך געטראָפן אַ יידישן פלוטאָן, אונטער דער אָנפירונג פון דעם חבר יעקב סעגאַלטשיק. מערסטנס זענען דאָס געווען יונגע מיידלעך און בחורים אַנטלאָפענע פון די לאַגערס און געטאָס. צווישן אַנדערע האָט זי זיך זייער גוט באַפריינדעט מיט וויעראַ שפּאַרבער — אַ הויך, בלאָנד מיידל אין איר עלטער. דער פלוטאָן איז אָבער שפּעטער אויפגעלייזט געוואָרן און די מענטשן זענען פאַרטיילט געוואָרן אין פאַרשידענע אָפּטיילונגען.

מען האָט זי גלייך גענומען אויף אַ גרינטלעכן פאַרהער. אין איר אויפריכ־טיקייט איז נישט געווען וואָס צו צווייפלען. גענומען אונטער קרייצפראַגעס האָט זי זיך אַפילו איין מאָל נישט פאַרפּלאָנטערט. נאָך אירע דערקלערונגען האָבן זיי געזען, אַז זי איז נישט קיין אונטערגעשיקטע פון די דייטשן, נאָר פאַרקערט, זי געהערט צו די גערודפטע, דורך די אָנהענגערס פון דער בלוטיקער ראַסן־טעאָריע. זי האָט זיי אויך אין קורצן איבערצייגט, אַז זי געהערט נישט צו די

איבערגעשראָקענע קינדער און זיך געמאָלדן צו דער ערשטער אַקציע וואָס האָט געדאַרפט אויסגעפירט ווערן אויף אַ פּאָליצייִשן וואַך־הויז כּדי צו דער־אָבערן געווער.

דאָס איז געווען אין האַרבסט 1942. אַ טריבער טאָג. דער גאַנצער וואַלד איז געווען איינגעהילט אין אַ נעפּלדיקן שלייער. אַן אָפּטיילונג פון אַ דרייסיק מאַן איז געשטאַנען גרייט צום אַרויסמאַרש. זיי האָבן נאָר געוואַרט אויף דער לעצטער אָנווייזונג פון קאָמאַנדיר. ווי געווייגלעך פאַר אַזאַ אַקציע זענען אַ סך געקומען זיך געזעגענען.

— דערלויבט מיר, חבר קאָמאַנדיר, מיט זיי מיטצוגיין — האָט זי זיך גע־ווענדעט צום פּאָלקאָווניק סאָקאָלאָוו.

— דו האָסט דאָך נישט קיין געווער.

— וועל איך מיר פאַרשאַפן.

— נו שטאָ רעביאָטאַ — האָט ער זיך צעלאַכט — נעמט זי מיט, לאָזט איר אַ שמעק טאָן פּולווער...

ווען זיי זענען אַרויס פון וואַלד איז שוין געווען גוט פינצטער. זיי האָבן מאַרשירט אין צוויי רייען. פאָרויס, אומגעפער פערציק שריט פון זיי, איז אַרויס־געשיקט געוואָרן אַן אויסשפּיר פון דריי מאַן. דער וועג האָט געפירט צו אַ גרויס גוט, אין וועלכן ס'איז געווען אַ ספּירט־ברענעריי אונטער דער דייטשער אַדמי־ניסטראַציע. טאַקע דערפאַר איז דאָרט געווען איינגעאָרדנט דאָס וואַך־הויז פון דער פּאָליציי.

שטיל האָבן זיי זיך דערנענטערט צום גוט, בלויז דאָס בילן פון די הינט האָט פאַרראַטן און פון דעם פּאַלאַץ זענען אַרויסגעקומען צוויי ציוויליסטן מיט אַנטבלויזטע קעפּ. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט און גלייך צוריק אַרייַנגעגאַנגען, ווייזט אויס אַז זיי האָבן זיך נישט געוואָלט שטערן אין דער פאַרווײַלונג, וואָס איז אין דעם גוט פאָרגעקומען אין יענער נאַכט.

אַרום איז געווען פינצטער, בלויז דאָ און דאָרט האָט זיך באַוויזן אַ שיין פון ליכט, וואָס האָט זיך אַדורכגעריסן פון דער שלעכטער פאַרטונקלונג, פון די שטאַרק באַלויכטענע צימערן. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט. אַ באַשטימטע גרופּע איז צוגעטראָטן צו פאַרניכטן די טעלעפאָן־פאַר־בינדונג. עטלעכע זעלנער זענען געבליבן ביים איינגאַנג אין פּאַלאַץ אַלס שוץ, פאַר אַן עווענטועלער איבעררומשונג, אַלע איבעריקע האָבן גענומען אַטאַקירן דאָס פּאָליצייִשע הויז, מיט אַלע מיטלען וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט.

די פּאָליציי איז גלייך געשטעלט געוואָרן אויף די פיס. ס'איז געקומען צו אַ פייער־אויסטויש. די פּאַרטיזאַנער איז דאָס נישט געווען אַזוי שרעקלעך, ווייל

די פּאָליציי האָט געשאָסן אָן אַ ציל, מורא האָבנדיק אַרויסצורוקן אַ קאָפּ פון זייערע פּאָזיציעס.

אויסנוצנדיק די פינצטערניש האָבן זיך צוויי פּאַרטיזאַנער אונטערגערוקט נאָענט פון דער וואַך־הויז און דורך די פענצטער אַרייַנגעשליידערט עטלעכע גראַנאַטן. ס'האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער, פּאַרטויבנדיקער אויפרייס. די עקספּלאָזיע האָט גורם געווען אַז מיט אַ מאָל איז דאָס גאַנצע ליכט אויסגעלאָשן געוואָרן און גלייכצייטיק איז דאָס פייער פון זייער זייט גאַנצלעך איבערגעריסן געוואָרן. אויסנוצנדיק די געלעגנהייט, האָבן זיי פאַרזיכטיק גענומען דערנענטערן זיך צום פּאָליציי־הויז.

ווען זיי זענען אַריין אין בנין איז שוין דאָרט נישט געווען קיין לעבעדיק נפש, בלויז אויף דער פּאָדלאָגע האָט מען באַמערקט בלוט־שפּורן און די קאָפּלעס פון דעם צעשמעטערטן אויוון. די פּאָליציי איז אַנטלאָפן, מיטנעמענדיק מיט זיך זייערע קרבנות...

שנעל האָבן זיי דורכגענישטערט אַלע ווינקעלעך, געפינענדיק געווער און אַמוניציע. עטלעכע ביקסן זענען אויך געווען אין די שטענדערס. חוץ דעם געווער האָבן זיי אויך מיטגענומען אַ טייל מיליטערישע קאָצן און מונדירן, וואָס זענען זיי שפּעטער זייער שטאַרק צו נוץ געקומען.

אויף אַ סיגנאַל פון דריי קורצע פייף פון דרויסן, האָבן אַלע פאַרלאָזט דאָס פּאָליציי־הויז און גענומען אַרויסציִען זיך פון גוט. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן די אָנוועזנהייט פון אַלע קעמפּערס און מיט שנעלע שריט, האָבן זיי זיך געלאָזט צוריק צו דער פּאַרטיזאַנישער היים.

פּאַר טאָג זענען זיי שוין געווען אין דער באַזע, מיט דעם דעראָבערטן מלחמה־רויב — און געמאָלדן דעם קאָמאַנדיר דעם אויסגעפירטן באַפעל. די פּאַרטיזאַנער האָבן אויך געהאַט עטלעכע פאַרוווּנדעטע, וואָס האָט אַ ביסל פאַרמינערט די פרייד פון דעם זיג.

סלאַווע טשערטאָק האָט דעמאָלט באַקומען איר ערשטן קאַ.בע.קאַ.

# דער מאַרש אויף פּלעשטשעניץ

טיף אין סלאַוועס זכּרון האָט זיך איינגעקריצט דער אָנגריף אויף דעם דייטשן גאַרניזאָן, אין שטאָט פּלעשטשעניץ. די אָפּטיילונג „משטשיטשעל" איז זיך שוין צעוואַקסן דעמאָלט צו אַ בריגאַדע. זיי האָבן שוין דעמאָלט געהאַט געווער פון דער „גרויסער ערד" אויף גרעסערע דערפאַרונגען אין פאַרשידענע פּאַרטיזאַנישע אַקציעס. זייער לאַגער איז אין דער צייט געווען אין דער מאַלינאָווסקער פּושטשע.

ווינטער 1943. די גאַנצע בריגאַדע האָט זיך געגרייט צום אַרויסמאַרש. עס גייט אויך מיט דער דאָקטער שטשעגלאָוו און די קראַנקנשוועסטער. אויף דער באַזע בלייבט בלויז אַ וואַך און די קראַנקע.

זיי האָבן אַרויסמאַרשירט גלייך נאָך מיטאָג, אונטער דער אָנפירונג פון דעם בריגאַדע-קאָמאַנדיר, פּאָלקאָווניק סאָקאָלאָוו. צעטיילט אין דריי קאָמפּאַניעס האָבן זיי געצויגן דורך דער פּושטשע מיט אַ פאַרזיכערונג פוןביידע זייטן און אַן אויסשפּיר פון צוועלף מאַן פאָרויס. זיי זענען אַלע געווען אין אַ האָפער־דיקער שטימונג, און מוטיק. זיי האָבן דערפילט אין זיך עפּעס אַ גוואַלדיקן כּוח, זעענדיק די רייען באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער, צווישן וועלכע זיי האָבן זיך געפונען. אין סלאַוועס זייט מאַרשירט ווערע שפּאַרבער — די פריינדין, מיט וועלכער זי האָט זיך לעצטנס געשיידט.

— דו ווייסט נישט ווו מיר מאַרשירן? — האָט זי שטיל געפרעגט.

— ניין, נאָר איך גלויב אַז אויף פּלעשטשעניץ. לעצטנס האָב איך געזען זינען אַרויסגיין פון שטאַב און איצט מאַרשירט זי אויך פאָרנט ביי דער אָנפירונג. זי שטאַמט דאָך פון פּלעשטשעניץ. געוויס גייען מיר אויף דעם דאָרטיקן גאַרניזאָן.

זיי האָבן שנעל מאַרשירט, איינער אונטער דעם אַנדערן. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס. דער פּראָסטיקער טאָג האָט קיינעם נישט געאַרט, כאָטש זיי זענען נישט געווען אַזוי וואַרעם געקליידט, האָט קיינער די קעלט נישט געפילט. סלאַווע האָט געטראַכט אויף דעם שפּור פון פּאַרטיזאַן, וואָס האָט געשפּאַנט פאַר איר, ווי אַן אויסגעשולטער גנבֿ, וואָס וויל זיינע שפּורן פאַרווישן. די ביקס אונטער דעם רעכטן אָרעם האָט זי געדריקט ווי עפּעס אַ גוואַלדיק אוצר, ווי אַ האַרציקן פריינד, ווי אַ באַשיצער מיט וועלכן מען טאָר זיך נישט שיידן.

ס'איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען די אָפּטיילונג האָט זיך דערנענטערט צו דער שטאָט. דאָ און דאָרט האָט זיך באַוויזן אַ ליכט פון אַ שלעכט פאַרטונקלט פענצטער. זיי האָבן געלאָזט אונטער זיך אַ וועג פון איבער דרייסיק קילאָמעטער.

נאָך אַ קורצער הפסקה האָט מען גענומען זיך איבערגרופּירן און פאַרגיין די שטאָט פון עטלעכע זייטן.

די דייטשן האָבן געוווינט אין גאַנץ פּריוואַטע הייזער, אויך אָן אַ ספּעציעלער באַפעסטיקונג. זיי האָבן זיך נאָך דעמאָלט געפילט גאַנץ זיכער אויף דעם אָקופּירטן געביט און איבערהויפּט אין די שטעט, ווו זיי זענען געווען די האַרן פון לעבן און טויט.

דער סיגנאַל צום שטורעם איז געווען דאָס פייער פון זייער קוילנוואַרפער, וואָס האָט אָפּגעהילכט מיט אַ ווידערקול אין דער שטילער נאַכט. מיט אַ גוואַלדיקן „הורא!" האָבן די פּאַרטיזאַנער זיך געוואָרפן אין קאַמף, אַטאַקירנדיק די נעסט פון די באַנדיטן. די קולות, דער טומל, איז געווען אַזוי גרויס, ווי עס וואָלטן אַטאַקירט עטלעכע דיוויזיעס מיט איין מאָל. זיי האָבן זיך אַריינגעריסן צווישן די הייזער און אַזוי אַרום אָפּגעשניטן איין פיינדלעכע גרופּע פון דער צווייטער.

די היטלעריסטן האָבן זיך פאַרביסן פאַרטיידיקט, זיך אָפּגעבנדיק באַשטימט אַ דין־וחשבון וואָס עס קען זיי דערוואַרטן ביים איבערגעבן זיך אין געפאַנגענשאַפט צו די פּאַרטיזאַנער. באַלד אָבער איז דאָס גרעסטע הויז געשטאַנען אין פלאַמען און דאָס האָט געצוווּנגען די דייטשן ווי שטשערעס צו פאַרלאָזן זייער נאָרע. אַ סך האָבן גענומען שפּרינגען דורך די פענצטער, נאָר זעלטן וועלכן איז געלונגען זיך צו ראַטעווען. די קעמפּערס האָבן געשאָסן ווי צו ווילדע חזירים אויף אַ יאָגד.

אויך ביי די פּאַרטיזאַנער זענען שוין געווען טויטע און פאַרוווּנדעטע, וועלכע מען האָט גלייך אַרויסגעטראָגן פון דער פייער־זאָנע, צו דער סאַניטעט־גרופּע. דער דאָקטער שטשעגלאָוו האָט איצט געהאַט זייער אַ סך אַרבעט און אים האָבן אַ סך געהאָט צו פאַרדאַנקען דאָס לעבן. שווער פאַרוווּנדעטע זענען באַלד איבערגעפירט געוואָרן אין וואַלד. אַ טייל לייכט פאַרוווּנדעטע נאָך דער צוגעטיילטער ערשטער הילף האָבן זיך אומגעקערט צוריק אין קאַמף.

די נאַכט זענען זיי געווען די הערשערס אין שטאָט. מען האָט זיך אויך ביי דער געלעגנהייט אָפּגערעכנט מיט אַ טייל דייטשע שפּיצלען און צוטראָגערס.

פאַר טאָג האָט זיך די בריגאַדע צוריקגעצויגן אין וואַלד. אַ שוץ־אָפּטיילונג פאַרויס, נאָך זיי, אויף געמאַכטע טראָגבערעטלעך פון צווייגן, די פאַרוווּנדעטע און ביים סוף האָט מאַרשירט די בריגאַדע מיט דעם דעראָבערטן געוועהר. אַלע זענען געווען צופרידן פון דער געלונגענער אָפּעראַציע און שוין נאָך גרעסער איז געווען סלאַוועס פרייד, ווען זי האָט ווידער דערזען אין איר זייט ווייערע שפּאַרבער און זינען. זייט דעמאָלט האָט שוין קיינער נישט געצווייפלט, אַז די דריי 17־יאָריקע ייִדישע מיידלעך זענען פולווערטיקע פּאַרטיזאַנער.



Служебно-боевая характеристика
На партизанку группы партизанского отряда "Мстители" партизанской бригады "Народные мстители" им. Воронянского Василия Черток Чеслава Ивановна
Тов. Черток в партизанском отряде 9.II.1942 года
Участвовала во всех боевых операциях (Любань, Мядель, Плещеницы и другие). Будучи в спец группе тов. Черток, хорошо выполняла все возложенные на нее обязанности. Смело и отважно вела себя во время боя. Морально-устойчивая и политически выдержана. Представлена к правительственной награде.
К-р отряда [illegible] Комиссар отряда
к-н [illegible] [illegible]ов / политрук Шишков / Шишков
15.7.44 года [illegible] [illegible]

די כאַראַקטעריסטיק פון סלאַוואַ טשערטאַק-טשערעשניאַ

נאָך דער פּלעשטשעניצער קאָמפּאַניע האָט זי זיך שוין נישט געבעטן מען זאָל איר דערלויבן מיטצוגיין אויף אַן אַקציע, אָדער וועלכע אונטערנעמונג. גלייך ביי דער ערשטער „קאָנטינגענט־אַקציע" אויף אַ דייטשן גוט, נעבן קאַשטשעניעוויצע, איז זי שוין צוגעטיילט געוואָרן אַלס נאָרמאַלער זעלנער צו דער גרופּע, וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו פאַרברענען די בריק, וואָס האָט פאַרבונדן דעם הויף מיטן הויפּט־וועג.

אונטער אַ האָגל פון קוילן האָבן זיי געפירט דינע צווייגלעך פון וואַלד, באַדעקט די בריק און שפּעטער זי אונטערגעצונדן. אין דער זעלבער צייט האָט אַ צווייטע גרופּע אָנגעקניפּט אַ פייער־קאָנטאַקט מיט דער פּאָליציי און די אַזוי גערופענע „קאָנטיגענטלערס" האָבן גענומען אַרויספירן פון די שטאַלן די שאָף און בהמות.

די דייטשן איז איצט מער געגאַנגען אין דער בריק ווי אין די שאָף און רינדער. די בריק האָט זיי פאַרבונדן מיט דער וועלט אין דעם זומפּיקן געביט. אָן איר זענען זיי געווען פאַרשלאָסן אין די באַגנעס און אָפּגעשניטן פון דעם וועג קיין קאַשטשעניעוויצע, ווו עס איז געשטאַנען זייער גאַרניזאָן פון זשאַנדאַר־מעריע. ווען זיי האָבן דערזען די וואָלקנס רויך איבער דער בריק האָבן זיי געעפנט אַ פייער פון מאַשין־ביקסן, וואָס האָט די פּאַרטיזאַנער צוגעפּרעסט צו דער ערד. די נאַסע קלעצער פון דעם בנין האָבן נישט געוואָלט ברענען און יעדעס מאָל האָט מען געמוזט אונטערפירן פרישע צווייגלעך, אונטער אַ האָגל פון קוילן.

מיט גרויס מסירת־נפש האָבן זיי אויסגעפירט די אויפגאַבע און ענדלעך האָט די בריק געפלאַקערט אין פלאַמען.

# די אַרומרינגלונג

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען דאָס דריילינג צעטיילט. דאָס איז געווען אין אָקטאָבער 1943. סלאַווע און זינע האָט מען צוגעטיילט צו אַן אויסשפּיר־גרופּע, וועלכע ווערט אַרויסגעשיקט אויף מערב, אין דעם ווייסרוסישן געביט, אויף אַן אומבאַשטימטער צייט.

זיי האָבן זיך געזעגנט מיט וויערען אָן ווערטער, בלויז מיט די בליקן און האַנטדרוק. די בליקן האָבן מער געזאָגט ווי די וואַרעמסטע ווערטער מיט טרערן. זיי זענען דאָך געווען פּאַרטיזאַנער. עס האָט זיך געפילט אַזאַ גוואַלדיקע טריי־שאַפט און אויך זאָרג צי זיי וועלן זיך נאָך אַ מאָל זען. די הערצער האָבן שטאַרק געקלאַפּט, מיט אַזאַ מאָדנער ליבע און ווייטיק, וואָס עס קענען נאָר פילן מענטשן וואָס האָבן געבונדן זייער גורל אין אַזאַ געצוווּנגענעם קאַמף און וואָס האָבן קיינעם מער פון זייערע נאָענטע נישט געהאַט.

זיי האָבן געריִרט פון דעם פּלאַץ ניין פּאַרטיזאַנער, אונטער דער אָנפירונג פון דעם רוסישן בחור וויעזשביצקי. זיי זענען שוין אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג און מיט אַ מאָל האָט סלאַווע זיך אויסגעדרייט צו אַלע וואָס זענען געקומען זיי געזעגענען און זענען זיך שוין פונאַנדערגעגאַנגען. צווישן דיביימער האָט זי באַמערקט בלויז דעם סילועט פון וויערען, וועלכע איז ווי איינגעמויערט געשטאַ־נען אויף דעם זעלבן אָרט. זי האָט אָנגעכאַפּט זינען ביי דער האַנט, ווי זי וואָלט איר וועלן זאָגן אַז בלויז זי איז איר געבליבן.

אין דריי טעג אַרום האָבן זיי זיך געפונען אין אַ וואַלד, ווו זיי האָבן אָנגעט־טראָפן שפּורן פון אַ פּאַרטיזאַנישן לאַגער. עס זענען נאָך געווען זאַפּאַסן פון אַנגעשניטן האָלץ, צעוואָרפענע ציגל פון אַ קיך, שוואַרצע אויסגעברענטע רעדער אויף דער ערד פון פייערן און, דער עיקר — אַ נישט צעשטערטער בונקער, ווו זיי האָבן געקאָנט שאַפן זייער פּראָוויזאָרישע באַזע.

זיי האָבן זיך איצט געפונען אומגעפער זעכציק קילאָמעטער פון זייער ברי־גאַדע און די גרופּע האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט, דורך זאַמלען פאַר־שידענע אינפאָרמאַציעס פון דעם געביט און איבערשיקן די ערשטע מעלדונג, צו דעם פּאַרטיזאַנער־שטאַב. פיל מאָל איז אויסגעקומען אָפּצוזיצן שעהען לאַנג און פאַרצייכענען די צאָל טראַנספּאָרטן, וואָס פאַר אַ מיליטער עס איז פאַרביי־געפאָרן, מיט וואָס פאַר אַ וואָפן און נאָך ענלעכע ידיעות. מערסטנס האָט דאָס געטאָן זינע, ווייל נישט איין מאָל איז איר אויסגעקומען אַדורכצושפּאַצירן זיך אויף אַ וואָקזאַל און זי האָט געהאַט אַן אַריש אויסזען. סלאַוועס אַרבעט איז

געווען מער מיט די פֿאַרבינדלערס און אינפֿאָרמאַטאָרן. אויך דאָ האָט נישט איין מאָל געדראָט צו ווערן דעמאַסקירט, ווייל נישט איין אינפֿאָרמאַטאָר האָט געאַרבעט אויס מורא, אונטער אַ געוויסן דרוק.

— איך דערמאָן זיך — זאָגט סלאַווע — אין אַן אָוונט, ווען מיך מיט נאָך איינעם פֿון אונדזער גרופּע, אַ געוויסן וואַלאַדיאַ, האָט אַ פֿאַרבינדלער געדאַרפֿט אַריבערפֿירן איבער אַ זומפּ אין אַ צווייט דאָרף. ווען מיר זענען געקומען צו זיין הויז בין איך געבליבן אין דרויסן און וואַלאַדיאַ איז אַריינגעגאַנגען אין זיין שטוב. ווי איבערראַשט איז ער געוואָרן, ווען גלייך ביים אַריינקום האָט ער דערזען אַ דייטשן זעלנער זיצן ביים טיש און געמיטלעך שמועסן מיט אונדזער פֿאַרבינדלער. וואַלאַדיאַ איז צוריק אַרויסגעקומען און מיר דאָס דערקלערט.

— איך מיין, אַז מיר וועלן וואַרטן אויף דעם פֿאַרבינדלער.

— צי איז דאָס נישט אַן אָפּגערעדטע זאַך מיטן דייטש? — האָט געפֿרעגט וואַלאַדיאַ.

מיט האַרצקלאַפּעניש האָבן זיי געוואַרט אויף דעם פֿאַרבינדלער, ווי געזאָגט, גרייט אויף אַלץ. ער איז אַרויסגעקומען, אָבער נישט דער זעלבער ווי תּמיד.

— איך קאָן אייך היינט נישט פֿירן — האָט ער חוצפּהדיק דערקלערט — איר קאָנט אַליין גיין. מיט שטעקנס קענט איר אויסגעפֿינען די קלעצער און אַריבערגיין די זומפּן.

— אין אַזאַ פֿינצטערניש, ווען מיר קענען נישט דעם וועג, וועלן מיר דאָך דערטרונקען ווערן אין די באַגנעס! — האָט שאַרף געענטפֿערט וואַלאַדיאַ.

— ווי איר ווילט — האָט ער גלייכגילטיק אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט.

זיי האָבן אָפּן געזען אַז מיט אים איז עפּעס נישט אין אָרדענונג. סלאַווע האָט לאַנג נישט געקלערט און אַרויסגעצויגן דעם נאַגאַן און אים באַפֿוילן צו גיין פֿאָרויס.

— געדענק! טאָמער וועט מיט אונדז עפּעס פּאַסירן, דערוואַרט דיך נאָר די קויל. ביי אונדז אויף דער באַזע ווייסט מען, אַז מיר זענען ביי דיר.

ער האָט זיי געפֿירט, אָבער צוויי מאָל האָבן זיי זיך גוט אויסגעבאָדן אין דעם בלאָטיקן וואַסער.

די באַקומענע ידיעות האָבן זיי איבערגעגעבן דעם שטאַב פֿון דער בריגאַדע דורך אַ מעלדע־רייטער. אַזוי האָבן זיי געאַרבעט ביז פֿרילינג 1944. אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן איז אַן שליח צוריקגעקומען מיט אַ באַפֿעל, אַז די גרופּע זאָל צוריקקערן צו דער בריגאַדע.

זיי האָבן די נייעס אויפֿגענומען מיט גרויס פֿרייד. יעדער צוריקקער איז געווען אַ גרויס איבערלעבעניש. מען האָט זיך ווידער געטראָפֿן מיט אַלטע



דער פּאַרטיזאַן בערל לאָרבער — פּסעוו. „מאַלינקאַ"

חברים, דערוווּסט זיך פֿאַרשידענע נייעס. דאָ, אין דער „פּאַרטיזאַנישער היים”, האָט זיך אויך יעדער געפּילט עפּעס מונטערער, מער רויִק און זיכער.

ליידער איז זיי נישט באַשערט געווען לאַנג זיך צו פֿרייען. עטלעכע טעג נאָך דעם צוריקקער האָט זיך איבער דער מאַלינאָווסקער פּושטשע באַוויזן ערד־פֿלאַן־סקאַדראָנען און גענומען באַוואַרפֿן די וועלדער מיט באָמבעס. באַלד זענען אויך געקומען מעלדער און איבערגעגעבן, אַז דייטשע מיליטערישע אָפּטיילונגען האָבן זיך באַוויזן ביים ראַנד פֿון דעם וואַלד.

דער פֿירער פֿון דער בריגאַדע איז דעמאָלט געווען דער פּאָלקאָווניק פּאָקראָווסקי און זיין פֿאַרטרעטער דער שוין באַקאַנטער פּולקאָווניק סאָקאָלאָוו. אַלץ וואָס האָט געלעבט איז גלייך געשטעלט געוואָרן אויף די פֿיס. מען האָט זיך גענומען גרייטן צו אַ פֿאַרטיידיקונג. עס האָט זיך אָבער קיינער נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז עס דערנערן זיך פֿאַר זיי שרעקלעכע טעג.

אַ טייל אָפּטיילונגען, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון פֿאַרטרעטער פֿון דער בריגאַדע, סאָקאָלאָוו, האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פֿון וועלכער מען האָט דערוואַרט דעם אָנגרייפֿער, כּדי אויפֿצוהאַלטן זייער אַריינמאַרש אין וואַלד. די דייטשן האָבן אָבער גלייך געעפֿנט אַ פֿייער פֿון אַלע מינים געווער, אָבער געפֿינענדיק זיך אין וואַלד, איז דאָס פֿייער נישט געווען אַזוי צילבאַר. דער ערשטער היטלעריסטישער אָנגריף איז געוואָרן בלוטיק אָפּגעשלאָגן. מיט די לאַסט־וועגענער יאָגן אָבער אָן אַלץ נייע און נייע רעזערוון. די אָנגריפֿן חזרן זיך איבער, יעדעס מאָל מיט אַ גרעסערער קראַפֿט. מען הערט שוין דאָס דונערן פֿון שווערער אַרטילעריע אויך אויף זייערע אָפּשניטן. דער וואַלד ווערט פֿול מיט דייטשן, באַוואָפֿנטע אין שווערע מאַשין־ביקסן, אַרטילעריע און קוילנוואַרפֿערס. גאַנצע לאַווינעס גרייפֿן אָן די פּאַרטיזאַנישע פּאָזיציעס...

דער קאַמף איז אַ פֿאַרביסענער און דויערט שוין אַ גאַנצן טאָג. די פּאַרטיזאַנער גייען אָפּ אין בלוט. זייערע רייען זענען געצעענטלט, אָבער דער קאַמפּס־מוט איז נישט געפֿאַלן. טראָץ דער גוואַלדיקער פֿאַרביסנקייט, האָבן זיי געמוזט, אונטערן דרוק פֿון דער דייטשער איבערמאַכט, זיך צוריקציִען פֿון זייערע פּאָזיציעס, טיפֿער אין וואַלד.

ס'איז צוגעפֿאַלן די נאַכט. דאָס פֿייער איז אַ ביסל איינגעשטילט געוואָרן. אויסנוצנדיק דעם איבעררייס, האָבן זיי גענומען באַערדן די געפֿאַלענע חברים, צווישן אַנדערע — דעם חבר ריער און די 18־יאָריקע שוואַרצע סאָניע, ביידע פֿון דער געוועזענער ייִדישער אָפּטיילונג, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון יעקב סעגאַלטשיק.

אין מיטן נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס צוריקציִען זיך פֿון דער גאַנצער

בריגאַדע, וואָס טיפער אין דער פּושטשע אַריין. אין צוויי לאַנגע רייען האָבן מאַרשירט די אָפּטיילונגען. די געשטאַלטן זענען יעדעס מאָל פאַרשווונדן געוואָרן אין דעם שאָטן פון דיביימער און דאָ ווידער אויפגעטויכט ווי פון אַ באַהעלטע־ניש. אַלע זענען געווען מיד, דעריבער האָבן אַלע געשוויגן. עס האָט זיך בלויז געהערט דאָס שווערע און פאַרשנעלערטע אָטעמען און פון צייט צו צייט אַ קלאַנג אָדער אַ גרילץ פון וועלכע מיליטערישע מכשירים, וואָס די פּאַרטיזאַנער האָבן אויף זיך געטראָגן. זיי האָבן שוין מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם פרימאָרגן, מען זאָל פאַרנעמען אַ לאַגער־אָרט צום אָפּרוען. ליידער האָבן זיי נישט געוווּסט, אַז די דייטשן האָבן דאָ אַוועקגעשטעלט גרויסע כּוחות, מיטן ציל „דורכצוקעמען" דעם וואַלד און קודם־כּל צוליב דעם, אַז די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיי־לונגען זאָלן נישט שטערן דאָס צוריקציִען זיך פון זייערע דיוויזיעס, בעת דער גרויסער סאָוויעטישער אָפענסיווע.

גלייך אין דער פרי האָט זיך אָנגעהויבן די זעלבע אַרטילעריסטישע קאַנאָ־נאַדע פון דריי זייטן, באַגלייט מיט אָנגריפן פון דער לופטן. זיי האָבן די פּאַרטי־זאַנער פאַרמאַכט אין אַ האַלבן רינג. פון קיין רו איז שוין נישט געווען וואָס צו רעדן. ס'איז אויסגענוצט געוואָרן די צייט, ווי מען זאָגט, אויף איבערכאַפּן דעם אָטעם, בעת די דייטשן האָבן איבערגעריסן דאָס פייער. דאָס צוריקציִען איז פאַרלאַנגזאַמט געוואָרן. אַזוי האָט זיך שוין געצויגן איבער אַ וואָך צייט.

אויפן וועג האָבן זיי אָנגעטראָפן אָפּטיילונגען פון אַנדערע בריגאַדעס, וואָס האָבן געלאַגערט אין דער מאַלינאָווסקער פּושטשע און וואָס האָבן אויך, ווי זיי, געפּרוּווט זיך אַרויסרייסן פון דער אַרומרינגלונג.

איבעראַל זענען פאָרגעקומען בלוטיקע און פאַרביסענע קאַמפן פון ביידע זייטן. די וועלדער זענען ווי פאַרזייט געוואָרן מיט קברים. טראָץ אַלעם איז דער קאַמפסגייסט, דער מוט, דער גלויבן, אַז מיר וועלן די בעסטיע באַזיגן, נישט געפאַלן. דער ציל איז איצט געווען — דורכרייסן זיך צו די בערעזינער בלאָטעס...

די בריגאַדע איז צעטיילט געוואָרן אויף צוויי. איין העלפט אונטער דער אָנפירער פון פאָלקאָווניק פּאָקראָווסקי, און די צווייטע, פון זיין פאַרטרעטער, פּולקאָווניק סאָקאָלאָוו. מיט יעדן טאָג און מיט יעדן דייטשן אָנגריף, האָט מען זיי צעטיילט אין קלענערע גרופּעס, כּדי לייכטער זיך אַרויסצורייסן פונעם דייטשן רינג.

מערסטנס ביי נאַכט פלעגן אַזעלכע קליינע אָפּטיילונגען פּרוּוון איבערשניידן די דייטשע ליניעס, אָבער זייער אָפט איז אַזאַ גרופּע כּמעט אין גאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן.

די פאַרלוסטן זענען גוואַלדיקע, אין מענטשן ווי אין מאַטעריאַל — ס'האָט

שוין אויך אָנגעהויבן פעלן עלבנסמיטלען. זיי האָבן זיך שוין געטיילט מיט די לעצטע שטיקלעך ברויט און זיך גענומען צו די סוכאַרן, צו דעם אַזוי גערופענעם „אייזערנעם רעזערוו״. פון עפּעס געקעכטס איז אַפילו נישט געווען וואָס צו רעדן.

די אַרומרינגלונג האָט שוין געדויערט איבער פיר וואָכן צייט און מען האָט נישט געזען קיין סוף. די היטלעריסטן האָבן יעדעס מאָל און אויף יעדן וואַלד־אָפּשניט באַקומען פאַרשטאַרקונג, די פּאַרטיזאַנישע רייען זענען געוואָרן שיטערער, שוואַכער, צעשפּליטערט, געפּלאָגט פון שטענדיקע אַוויאַציע־אָנפאַלן.

אַ גרופּע פון פינף פּאַרטיזאַנער איז געלונגען צו בלייבן צווישן די באַגנעס אין רוקן פון שׂונא, צווישן וועלכע אויך סלאַווע האָט זיך געפונען. זיי האָבן זיך איצט געלאָזט ווו די אויגן האָבן געפירט און די פיס האָבן געטראָגן.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן זיי באַמערקט אויף אַ בערגל עטלעכע ווייסינקע דאָרפישע הייזלעך. העכער האָט זיך געצויגן אַ שיטער וועלדל און אין טאָל לאָנקעס, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער גרינעם קאָליר און ווו דאָס אויג האָט דערגרייכט, פאַרזונקען אין שוואַרצע, בלאָטיקע וואַסערן. אין דעם דאָרף האָבן זיי באַקומען די ערשטע לעפל וואַרעם עסן, ווי אויך אַ ביסל שפּייז אויף דעם ווייטערדיקן וועג.

אין די וועלדער, ביי אַ דרייסיק קילאָמעטער פון סטאַראָ־ווילעיקאַ, האָבן זיי זיך שוין אָנגעשטויסן אויף רעשטלעך פון די צעשלאָגענע בריגאַדעס, וועלכע ס׳איז געלונגען, ווי זיי, אַרויסצורייסן זיך פון די נעגל פון דער היטלעריסטישער בעסטיע.

עס האָבן זיך איצט אָנגעהויבן פאָרמירן נייע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען אונטער דער אָנפירונג פון אַלטע דערפאַרענע קעמפערס, וואָס האָבן דורכגעמאַכט די שווערע און ביטערע שלאַכטן אין דער מאַלינאָווסקער פּושטשע, צו וועלכע ס׳האָבן זיך גענומען אָנשליסן אַ סך יונגע בחורים און מיידלעך פון די באַפרייטע געביטן. די רויטע אַרמיי איז שוין דעמאָלט געווען אין פּולן אָנגריף און אויך זייער ראָל האָט זיך, אַ דאַנק דעם, געביטן און ווידער האָבן זיי גענומען שלאָגן די דייטשן.

סלאַווע טשערטאָק איז ווידער אין סטאַראָ־ווילעיקאַ, דאָס מאָל שוין ווי אַ זעלנער, פון אַ פּאַרטיזאַנישער אַרמיי, מיט דער בייסטער מיליטערישער אויס־ריכטונג.

אויף אַ באַפעל פון דער אָנפירונג פון דער אַרמיי, ווערן זיי איבערגעשיקט קיין מינסק, ווו זייערע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען ווערן אויפגעלייזט און אַ סך ווערן מאָביליזירט אַלס זעלנער פון דער נאָרמאַלער אַרמיי און צעשיקט אין פאַרשידענע מיליטערישע פאָרמאַציעס אין וועלכע זיי קעמפן שוין ביז דער ענדגילטיקער פאַרניכטונג פון שׂונא.

# דער פּאַרטיזאַנער־פירער חיים יעלין

נאָך אַ מוראדיק בלוטיקן פּאָגראָם און מאַסן־שחיטות, זענען 30 טויזנט ייִדן, אין אויגוסט 1941, פאַרשפּאַרט געוואָרן אין דער געטאָ פון קאָוונע, די ליטווישע הויפּטשטאָט אין דער צווישנצייט פון ביידע וועלט־מלחמות. טעראָר און „אַקציעס" האָבן, ביז האַרבסט פון זעלבן יאָר, די דאָזיקע צאָל רעדוצירט אויף 18 טויזנט. הינטערן שטעכלדראָט פון דער געטאָ איז אויך אַריינגעפאַלן דער יונגער שרייבער און באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער אין די לינקע קרייזן, חיים יעלין (געבוירן אין 1912). ער האָט געפּרוּווט לויפן אין דער טיף פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, איז אָבער איבערגעיאָגט געוואָרן דורך די נאַצי־חילות און געווען געצוווּנגען זיך אומ־צוקערן אין זיין היימשטאָט.

נאָך זייענדיק אַ סטודענט אין קאָוונער אוניווערסיטעט, איז חיים יעלין שוין באַקאַנט געוואָרן ווי איינער פון די טאַלאַנטירסטע און אַקטיווסטע מיטגלידער פון דער גרופּע יונגע ייִדישע שרייבערס אין ליטע. אין 1937 איז ער געווען דעלעגירט צום ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז. אין די פּעריאָדישע אויסגאַ־בעס פון דער שרייבער־גרופּע, ווי אויך אין דער אָרטיקער פּרעסע האָט ער פּובליקירט דערציילונגען, סקיצעס, רעפּאָרטאַזשן און אַרטיקלען וועגן טעאַטער און קונסט. אין סאָוויעטישן פּעריאָד פון ליטע 1940־1941 האָט ער פאַרנומען אַן אָנפירנדיקן פּאָסטן אינעם מלוכישן פּאָליגראַפישן טרעסט.

צוליב די אַלע סיבות האָט ער אין געטאָ זיך נישט געטאָרט ווייזן עפנטלעך, אַ פשיטה — אין קאָוונע גופא, ווו ליטווישע היטלער־משרתים האָבן אים געהאַט אַרומגעזוכט. ער האָט זיך פאַרלאָזן וואַנצעס, אַנגעפאַרבט אויף העל די האָר און זיך פאַרקאָנספּירירט אונטערן נאָמען חיים קאַדיסאָן. פון זיין אויסבאַהאַלט האָט ער אויפגעשטעלט קאָנטאַקטן מיט זיינע חברים, וואָס זענען אויך אַריינגעפאַלן הינטערן שטעכלדראָט, גרייטע צו ווידערשטאַנד און קאַמף קעגן אַכזריותדיקן דייטשן פאַרכאַפּער. צו דעם צוועק נעמט ער אויך אויפשטעלן קאָנטאַקטן מיט אַנטיפאַשיסטיש געשטימטע קרייזן אין שטאָט, בכדי זיי צו געווינען פאַרן קאַמף און הילף צו די געטאָ־קעמפערס. אין זיינע אָפּגעראַטעוועטע געטאָ־כתבים, פּובלי־קירטע אינעם בוך „חיים יעלין — דער געטאָ־קעמפער און שרייבער" (תל־אביב, 1975) באַשרייבט ער אַ לעבנסגעפערלעכן פּרווו אַרויסצוגיין פון געטאָ:

„ניין ביי נאַכט טרעף איך זיך אויפן באַשטימטן אָרט ביים צוים מיט ר. מיר בלייבן שטיין אַ פּאָר צענדליק טריט פונעם וואַכפּאָסטן און וואַרטן אויף אַ פּאַסיקן מאָמענט. ר. קריכט דורך און פאַרשווינדט אין דער פינצטערניש אויף

דער אַנדערער זייט. דאַן קריך איך. שטופּ דורך אַ פּוס, וואַרף אַרויס דעם קערפּער אויף יענער זייט צוים, נעם ציִען דעם צווייטן פוס. מיין פּלייצע האָט זיך פאַר־טשעפּעט אינעם שטעכלדראָט. איך רייס זיך אָפּ מיט כּוח. די דראָטן טוען אַ קלונג... דער פּאָסטן שיסט אויס... עס הערן זיך זיינע שווערע טריט איבערן ברוק. מיך כאַפּט ער אָבער נישט. איך נעם אָן מיין פאַרבינדלערין אונטערן אָרעם און מיר גייען אַוועק אימפּראָוויזירנדיק אַ פּאַרליבט פּאָרל... דעם יידישן בעטלער־קאָסטיום האָב איך איבערגעלאָזט אין געטאָ. די חברים האָבן מיך אויסגעפּוצט פּראַנטיש — אין אַ ברוינעם הוט, גוטן מאַנטל, באַזאָרגט מיט פּאַפּיראָסן... ס׳קלאַפּט דאָס האַרץ אין אומגעדולדיקער שפּאַנונג — אָט גיי איך, אַ ווידער־שפּעניקער, קעגן די הערשנדיקע „געזעצן", אַ ייִד, וואָס איז אַרויס פון געטאָ, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די געלע לאַטעס און גייט נאָך אין שטאָט מיט אַ טרייפּע־נער שליחות. און דווקא דאָס לעצטע גיט מיר צו מוט... איך בין געוואָרן דער געשווירענער פאַרמיטלער מיט געזעלשאַפטלעכע קרייזן אין שטאָט. אַ שווערע, ריזיקאַלישע אַרבעט, די חברים זענען אָבער איבערצייגט, אַז איך וועל זי קענען דורכפירן..."

אין געטאָ שטעלט חיים יעלין אויף פאַרבינדונגען מיט עטלעכע ווידערשטאַנד־גרופּעס, וואָס זענען, אומאָפּהענגיק איינע פון דער אַנדערער, אויפגעקומען אינעם אונטערערד. דעם 31סטן דעצעמבער 1941, פון אָוונט, קומט פאָר אין שטרענג־סטער קאָנספּיראַציע די אָפיציעלע פאַראייניקונג פון אָט די גרופּעס צו דער „אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון קאָוונער געטאָ". חיים יעלין פאָר־מולירט אויף דעם צונויפקום אירע אויפגאַבעס: „מיר לאָזן נישט אויף הפקר די געטאָ און וועלן זי פאַרטיידיקן אין אַן עת־צרה. אָבער אונדזער הויפּטציל איז — אָפּענער קאַמף אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנער. אַ מיטגליד פון אונדזער אָרגאַניזאַציע איז אַ פּאַרטיזאַן!"

די דאָזיקע ווערטער ווערן אויפגענומען דורך די פאַרזאַמלטע מיט באַגייסטע־רונג. חיים יעלין ווערט איינשטימיק אויסגעקליבן פאַרן אָנפירער פון דער אָרגאַ־ניזאַציע. ער אַרבעט אויס איר סטאַטוט און קאַמפּס־פּראָגראַם. די אָרגאַניזירטע חברים ווערן פאַרטיילט אויף קעמערלעך צו 3־5 מאַן. יעדער חבר גיט אָפּ אַ שריפטלעכע „פייערלעכע דערקלערונג", אין וועלכער ער זאָגט צו צו זיין דיסצי־פּלינירט, האַלטן אַלץ בסוד, פּינקטלעך אויספילן באַפעלן און, אויב נייטיק, מקריב זיין דאָס לעבן אינעם קאַמף קעגן די היטלעריסטישע הענקערס.

די אָרגאַניזאַציע פירט דורך אַ ברייט פאַרצווייגטע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן אירע חברים. יעדע וואָך ווערט אַרויסגעגעבן אַ בולעטין וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן און די אַקטועלע ענינים אין געטאָ און אין דער באַוועגונג. עס

ווערן געפּלאַנירט און דורכגעפירט אַ גאַנצע ריי סאַבאָטאַזש־אַקטן אויף די דייטשע אונטערנעמונגען, ווו מען ברענגט געטאָ־ייִדן צו צוואַנגאַרבעט. איינס פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס וואָס די באַוועגונג שטעלט זיך, איז דאָס דערווערבן געווער. פּאַראַלעל ווערן אין געהיימע קעלערן די חברים אויסגעשולט מיליטעריש. איבעריק צו באַטאָנען, אַז חיים יעלין איז נישט נאָר דער לעבעדיקער און טרייבנדיקער גייסט פון דער דאָזיקער טעטיקייט, נאָר איז דער אַקטיווסטער דורכפירער פון די אונטערגענומענע שריט.

אומדערמידלעך איז חיים יעלין אינעם צוזיפשטעלן קאָנטאַקטן מיט די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער. גרעסערע מעגלעכקייטן אויף אַרויסצופירן געטאָ־קעמפערס אין וואַלד שאַפן זיך נאָך דעם, ווי ער אונטערנעמט, אין אויגוסט 1943, די לעבנסגעפערלעכע נסיעה קיין ווילנע זיך צו טרעפן מיט דער פּאַראַשוטיסטין געסיע גלעזער („אַלבינאַ"). אונטערוועגנס קומט אים אויס דורכצוגיין עטלעכע דייטשע קאָנטראָלן און זיך היטן, מען זאָל נישט דערקענען, אַז ער איז אַ ייִד. צוזאַמען מיט „אַלבינען" מאַרשירט ער אָפּ צו דער פּאַרטיזאַנישער באַזע אין די רודניצקער וועלדער, ווילנער געגנט. דאָרטן גייט ער דורך אַ טעאָרעטישן און פּראַקטישן אינסטרוקטאַזש פון פּאַרטיזאַנישן קאַמף, נעמט אַ דירעקטן אָנטייל אין עטלעכע קאַמפּס־אָפּעראַציעס פון די פּאַרטיזאַנישע מחנות „פּאַרן היימלאַנד", „קאַמף" און אַנדערע, ביים צעגראַמירן דעם דייטשן גאַרניזאָן לעבן אָראַן, ביים אויפרייסן אַ בריק איבער דער מערעטשאַנקע, ביים ליקווידירן קעגנערישע נעסטן אין אַרומיקע דערפער. אין צוויי וואָכן אַרום קערט ער זיך אום אין געטאָ, האָבנדיק אויפגעשטעלט די פאַרבינדונג מיטן פּאַרטיזאַנישן וואַלד.

די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ נעמט פיבערדיק גרייטן אירע חברים צום אַרויסצוגיין אין וואַלד: באַקליידט זיי, באַזאָרגט געווער, קלערט אויף מאַרשרוטן. די ערשטע גרופּעס ליידן פאַרלוסטן. שפּעטער ווערט קלאָר, אַז זיך דורכצורייסן דורך די קאָרדאָנען ביי די אַרויסגענג פון שטאָט און אונטערוועגס, און דורכמאַכן די ערשטע 80־90 קילאָמעטערס ביז צום פּאַרטיזאַנישן וואַלד איז מעגלעך נאָר מיט אַן אויטאָ־טראַנספּאָרט. די אָרגאַניזאַציע געפינט שאָפערן, גרייטע פאַר אַ גוט געצאָלטס אַוועקפירן גרופּעס ייִדישע בחורים און מיידלעך אין וואַלד אַריין. חיים, פּערזענלעך, פירט אַרויס פון געטאָ און דערפירט ביז צום רודניצקער וואַלד געטאָ־קעמפערס, וואָס בילדן דעם רוב פון באַשטאַנד פון די פּאַרטיזאַנישע מחנות „אַ טויט די אָקופּאַנטן", „פאָרויס" און אַנדערע.

ווען ס'דערגייט אין געטאָ די ידיעה, אַז אין וואַלד שטויסן זיך אָן די ייִדישע קעמפערס אין דיסקרימינאַציע און אַנטיסעמיטיזם, ריזיקירט חיים ווידער און לאָזט זיך אַליין אין וואַלד אַריין, אַ מרחק פון 150 ק"מ, אויפצוקלערן די זאַך,

חיים, אַ האַרציקער מענטש און געטרייער חבר, ווערט אויפגענומען דורך די גע־ווזענע געטאָ־קעמפערס מיט אַ גוואַלדיקן אָפּשיי און ליבע. ער האָט געדולדיק אויסגעהערט זייערע טענות צום קאָמיסאַר פון אַטריאַד, וואָס האָט אַרויסגעוויזן יידן־שינאה און אָנגעשטעקט מיטן דאָזיקן פלאָג אויך פאַרטיזאַנער פון דער רייע. דעם ענין האָט חיים אַרויסגעהויבן פאַרן שטאַב פון אַלע פאַרטיזאַנער אין רודניצקער וואַלד, „יורגיס" (הענריך זימאַן). און ווי עס באַטאָנען אין זייערע זכרונות פאַרטיזאַנער האָט זיך, נאָך חיימס באַזוך, געענדערט די לאַגע צום גוטן.

קריטיש איז געוואָרן אין קאָוונער געטאָ נאָך דער דורכגעפירטער אַקציע אויף קינדער, עלטערע לייט און אינוואַלידן, סוף מאַרץ 1944. צו גלייך האָבן די דייטשן ליקווידירט די יידישע געטאָ־פּאָליציי, מחמת אירע אָנפירערס זענען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און געהאָלפן אַרויס־לאָזן פון געטאָ די צוקונפטיקע פאַרטיזאַנער. אויך אין דער שטאָט קאָוונע האָט די געסטאַפּאָ פאַרשטאַרקט דעם טעראָר און געהאַט אַרעסטירט כמעט אַלע אַנטייל־נעמערס פון דער אַנטינאַצישער באַוועגונג, מיט וועלכע חיים האָט אויפגעהאַלטן די פאַרבינדונג. נישט געקוקט אויף אַלע סכּנות, געפינט ער זיך אין שטאָט און זוכט אַ טראַנספּאָרט־מעגלעכקייט פאַר מער ווי 40 מיטגלידער פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, וואָס זיי איז געלונגען אַרויסצוגנבענען זיך דורכן שטעכלדראָט־צוים און באַהאַלטן זיך אין קעלערן פון חרובע שטיבער בשכנות מיט דער געטאָ, וואַרטנדיק חיים זאָל זיי קומען אַרויפנעמען אין אַ געדעקטן לאַסטאויטאָ און אָפּפירן צו די פאַרטיזאַנער אין רודניצקער וואַלד.

אַ שאָפער וואָס האָט שוין געפירט אַזעלכע גרופּעס יידן, איז אַרעסטירט. אויף דאָנערשטיק דעם 6טן אַפּריל 1944 רעדט חיים אָפּ אַ טרעפונג מיט אַ צווייטן שאָפער. אַנשטאָט אים קומט אָן אַ ליטווישער געסטאַפּאָ־אַגענט און כאַפּט אַרויס אַ רעוואָלווער מיטן אויסרוף: „די הענט אַרויף!" יעלין כאַפּט זיך צו זיין געווער. עס אַנטוויקלט זיך אַ קעגנזייטיקע שיסעריי. יעלינען געלינגט צו פאַרווונדיקן דעם געסטאַפּיסט. ער שפּרינגט דאַן אַריבער דעם פּלויט אין אַ שכנותדיקן הויף, לויפט אַרויס אין אַן אַנדער גאַס.

אויף דער שיסעריי זענען אָנגעלאָפן ציוויליסטן און דייטשע מיליטער־לייט, פּאָליציסטן, וואָס האָבן זיך געלאָזט אין אַ געיעג נאָך יעלינען. דורכלויפנדיק צווי קוואַרטאַלן און מערקנדיק, אַז אַלע וועגן זענען פאַרשפּאַרט, פּרוווט יעלין זיך דורכצורייסן אין אַ באַקאַנטן אים דורכהויף. דעם וועג פאַרשטעלט אַ דייטשער אָפיציר און אַ ליטווישער פּאָליציסט. יעלין לאָזט אויף זיי עטלעכע שאָסן און באַפרייט זיך דעם וועג אין הויף אַריין, ווו ער פאַרשווינדט. עטלעכע שעה נישטערן אַרום די דייטשן איבערן הויף און דעם גאַנצן קוואַרטאַל. ערשט מיט דער הילף

פון שפּירהינט דעקן זיי אים אויף אין קעלער פון דער צענטראַל־הייצונג הינטער אַ באַרג שטיינקוילן, דעקן אים אויף אַ קוים לעבעדיקן, מיט איבערגעשניטענע אָדערן אויף די הענט. קיין לעצטע קויל פאַר זיך איז אים נישט געבליבן. אַלע אויסגעשאָסן אין די שׂונאים...

שפּירנדיק אַז אין אירע הענט איז אַריינגעפאַלן נישט קיין געוויינטלעכער קעגנער, האָט די געסטאַפּאָ אויסגעהיילט יעלינען און מיט כּלערליי מיטלען גע־פּרוּווט פון אים אַרויסקריגן סודות. ער האָט זיך אָנגעגעבן פאַר אַ פּאַראַשוטיסט מיט אַן אויסגעטראַכטן נאָמען. אים איז געלונגען צו פאַרווישן יעדע שפּור, וואָס האָט געקענט פירן צו דער געטאָ און שטעלן זי, און באַזונדערש די ווידערשטענד־לערס, אין סכּנה. ביזן דערשיסן אים האָט די געסטאַפּאָ נישט אויפגעדעקט, אַז ס׳איז דער העלדישער אָנפירער פון די פּאַרטיזאַנער אין קאָוונער געטאָ, דער דרייסטער אונטערערד־טוער אין שטאָט, דער אַנטינאַצי־קעמפער חיים יעלין, מיטן פּסעוודאָנים „וולאַדאַס".

# אין דער רודניצקער פושטשע

## דערציילט פון פּאַרטיזאַנער פון אָפּטייל „נקמה־נעמער"
## מגר ישׂראל קראַניק — פּסעוודאָנים „הענריק מילעווסקי"

אַלע מיטלען פון קאַמף זענען אָנגעווענדט געוואָרן פון די ברוינע רוצחים אין זייער מאַרש איבער די אָקופּירטע געביטן. שוין מיט צוויי וואָכן פאַרן אויסברוך פון קריג מיטן ראַטנפאַרבאַנד, אין יוני 1941, זענען די ברונעמס פאַרגיפטעט געוואָרן מיט טיפוס־באַקטעריעס, דורך זייערע מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין ווילנע. דאָס זענען געווען דייטשן פון דער אַזוי גערופענער „פינפטער קאָלאָנע".

דער גורל האָט געוואָלט, אַז אויך קראַניק זאָל זיין איינער פון די קראַנקע. מיטן אַריינמאַרש פון די דייטשן זענען די אַלע שוין געווען פאַראורטיילט צום טויט אין דער ערשטער רייע און באַזונדערס די ייִדישע קראַנקע. מיט דער הילף פון באַקאַנטע ווערט ער איבערגעפירט אין אַ קריסטלעכער אָפּטיילונג און אַזוי דאָס ערשטע מאָל, געראַטעוועט זיך פון די נעגל פון טויט.

עס דויערט נישט לאַנג און די פינצטערע נאַכט פון דער היטלער־ממשלה לאָזט פילן איר אַכזריותדיקע טבע. עס קומט — די ערשטע געטאָ־אַקציע. דעם 30סטן סעפּטעמבער 1941, צוויי שעה פאַר כּל־נדרי, האָבן אין געטאָ אַריינגעדרונגען דייטשע און ליטווישע פאַשיסטן און אַרויסגעפירט ביי אַן ערך טויזנט ייִדן און זיי פאַרשפּאַרט אין דער לוקישקער תּפיסה און צווישן זיי ווידער אַ מאָל ישׂראל קראַניק, דאָס מאָל מיט זיין גאַנצער משפּחה.

אים געלינגט נאָך אַ מאָל אָפּצונאַרן דעם מלאך־המוות און פון דאָרט צו אַנטלויפן. אַלע איבעריקע ווערן אַרויסגעפירט אויף פּאָנאַר און דערשאָסן.

עס הייבט זיך איצט אָן זיין וואַנדערן, זיין זוכן אַ מקום־מיקלט און אַן אַרבעט. ער באַהאַלט זיך אויס אין אַ דאָרף אונטער דעם נאָמען הענריק מילעווסקי און קומט שפּעטער צו דער דייטשער אָרטס־קאָמענדאַנטור אַלס אויוון־הייצער. אין דער דאָזיקער איינהייט האָבן געאַרבעט אַ סך ייִדן: בעל־מלאָכות, האָלץ־שניידערס, טרעגערס. דאָ באַקענט ער זיך מיט דעם חבר הילל שיינבוים און דורך אים אַנטשטייט דער קאָנטאַקט מיט דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע...

נאָך דעם אָנגריף אויפן ראַטנפאַרבאַנד האָבן די היטלעריסטן זיך פאַרמאָסטן צו פאַרניכטן דעם צענטער פון ייִדישן לעבן. גלייך ווי זיי זענען נאָר אַריין קיין ווילנע, האָבן זיי אַרויסגעגעבן איינע נאָך דער אַנדערער פאַראָרדענונגען, וואָס

האָבן געדאַרפט דערנידעריקן דעם ייִד, גייסטיק אים צעברעכן, דעמאָראַליזירן, איידער זיי וועלן אים פיזיש פאַרניכטן. זיי האָבן גלייך איינגעפירט באַגרענעצונגען צו גיין אין די גאַסן, אָנגעטאָן פאַרשידענע צייכנס, ביז מען איז דערגאַנגען צו דער געטאָ־לאַטע און מאַסן־מאָרדן.

אַלס ענטפער אויף די אַכזריות הייבט די ייִדישע יוגנט אָן קלערן וועגן אַ ווידערשטאַנד. שוין אין אָנהייב פון יאָר 1942 קומען זיך צונויף פאַרשטייערס פון פאַרשידענע פאַרטייען און שאַפן די פאַראייניקטע פאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַציע, די אַזוי גערופענע פ.פּ.א. אין שטאַב גייען אַריין: איציק וויטענבערג — אין פאַר־מלחמהדיקן פוילן געווען אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. פאַרן אויסברוך פון קריג איז ער געווען אויסגעוויילט אַלס פאָרזיצער פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די לעדער־אַרבעטער אין ווילנע. אַ מענטש מיט אַ רעאַלן בליק אויף די באַדינגונגען און געשעענישן פון יענער צייט. ער פאַרשטייט אַז אין געטאָ טאָר נישט זיין קיין פּאָליטישער קאַמף, צווישן די באַזונדערע ייִדישע פּאַרטייען, אַז מען דאַרף שאַפן אַן איינהייטלעכן פראָנט פון אַלע ייִדן קעגן היטלעריזם. וויטענבערג ווערט באַשטימט אַלס קאָמאַנדיר פון פּ.פּ.א.

פון השומר־הצעיר — אבא קאָוונער; פון בונד — אַבראַשאַ כוואָיניק. פון אַנדערע ציוניסטישע פאַרטייען — יוסף גלאַזמאַן און רעזניק.

דער ציל פון פּ.פּ.א. איז געווען: צוגרייטן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, כּדי צו פאַרטיידיקן דעם כּבוד און דאָס לעבן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, דורכפירן סאַבאָטאַזש און דיווערסיע־אַקטן, פאַרבינדן זיך מיט אַנדערע שטעט, ווי עס געפינען זיך ייִדן און שאַפן אַ פאַרטיזאַנישע באַוועגונג. פאַר אַלץ איז דאָ געשטאַנען די פראַגע פון געווער.

אין דער צייט „אַוואַנסירט" קראַניק פון אַ הייצער צום געהילף פון קוואַרטירמייסטער אין דעם איבערנעכטיקונגס־הויז פאַר דייטשע זעלנער. דאָ האָט ער די מעגלעכקייט צו גנבענען אַמוניציע און זי איבערגעבן שיינבוימען.

אין יולי 1943 הייבן דייטשן ליקווידירן די איינהייטן. ער באַקומט אָנווייזונגען אויסצונוצן די צייט און אָרגאַניזירן נישט נאָר אַמוניציע נאָר געווער. אין איינער אַזאַ נאַכט גיט זיך אים איין צו פאַרשטעקן אַ פּיסטאָלעט פון דער מאַרקע „פּאַראַבעלום", אַ ראַקעטנוואַרפער און אַ שלאָס פון אַ ביקס. די דייטשן האָבן זיך געכאַפּט און גענומען זיך טשעפּען צו אים, ווייל יענע נאַכט זענען מער קיין ציווילע אויסער אים נישט געווען. ס'איז געבליבן איין אויסוועג — צו מאַכן פּליטה.

דאָס איז שוין נאָכן דערמאָרדן וויטענבערגן. די דייטשן גרייטן צו די ליקווידאַציע פון געטאָ. דעם ערשטן סעפּטעמבער 1943 קומט צום ערשטן פּרווו פון



מגר ישראל קראָניק פון דעם פּאַרטיזאַנישן
אָטריאַד „נקמה־נעמער"

ווידערשטאַנד און אויף סטראַשון־גאַס נומער 12 פאַלט קראַניקס פריינד הילל שיינבוים. דער געראַנגל דויערט פיר טעג. צו שוואַך זענען אָבער געווען די כוחות אַז זיי זאָלן קענען לענגער שטעלן אַ ווידערשטאַנד. זייערע כוחות זענען שוואַכער, אָבער זיי גיבן נישט אויף דעם קאַמף. דורך די קאַנאַלן הייבן די מיטגלידער פון פ.פ.א. זיך אַרויסצובאַקומען פון געטאָ און אַוועקגיין אין וואַלד.

דעם 23סטן סעפּטעמבער 1943 איז דאָס יאָרצייט פון דער געטאָ־ליקווידאַציע. אין דעם טאָג איז אַרויס די לעצטע גרופּע פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע, צוזאַמען מיטן שטאַב, אַן ערך פון אַן אַכציק פּערזאָן.

אין דער רודניצקער פּושטשע אַנטשטיין פיר קאַמפּס־אָפּטיילונגען פון ווילנער געטאָ:

1) דער אָטריאַד אויפן נאָמען „נקמה־נעמער" אונטער דער אָנפירונג פון אַבא קאָוונער.

2) אָטריאַד „פאַרן נצחון" אונטער דער אָנפירונג פון שמואל קאַפּלינסקי און חיענע באַראָווסקאַ.

3) אָטריאַד „אַ טויט דעם אָקופּאַנט".

4) אָטריאַד אונטער נאָמען „קאַמף".

אין דער אָנפירערשאַפט פון די לעצטע צוויי אָטריאַדן גייען צווישן אַנדערע אַריין: חיים לאַזאַר, שלמה בראַנד און אַהרן אַראָנאָוויטש. דער קאָמיסאַר פון די צוויי אָפּטיילונגען איז בערל שערעשניעווסקי — דער געוועזענער סעקרעטאַר פון אונטערערדישן שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט.

די אויפגאַבעס פון די אָפּטיילונגען זענען נישט קיין לייכטע. אין ערשטער ריי שטייט די פראַגע פון געווער. מען דאַרף געדענקען, אַז אויף אַ מחנה פון אומגעפער הונדערט און צוואַנציק פּאַרטיזאַנער פונעם אָטריאַד „נקמה־נעמער", צו וועלכן ישׂראל קראָניק האָט געהערט, איז געווען קוים זעכצן ביקסן, צוויי קוילנוואַרפערס און עטלעכע פּיסטאָלעטן. אַלע איבעריקע זענען געווען „באַוואָפנט" אין ק.ד. ווי מען האָט גערופן די האָלץ־ביקסן.

די צייט און די געשעענישן האָבן אויף זיך נישט געלאָזט וואַרטן. זיי טרעטן צו צו פאַרשידענע אַקציעס, ווי: באַפאַלן פּאָליציי־פּאָסטנס, קלענערע דייטשע פּאַטראָלן, אָפּשלאָגן דעם צוגערויבטן קאָנטיגענט ביי די פּויערים, צעשטערן די טעלעפאָן־פאַרבינדונגען און ענלעכע אונטערנעמונגען. די דייטשן הייבן אָן פילן זייער אָנוועזנהייט און פּרווון זיי באַקעמפן. די פּאַרטיזאַנער האָבן אָבער אַ שטאַרקן פאַרבינדעטן — דעם וואַלד, פאַר וועלכן די דייטשן האָבן נישט ווייניק מורא געהאַט.

די דורכגעפירטע אַקציעס מאַכן די פּאַרטיזאַנישע זעלנער אַ נאָמען, עס



ЛИТОВСКИЙ
ДВИЖЕНИЯ

Удостоверение.

тов. Краник Израилю

в том, что он действительно был членом
партизанского отряда „Мститель" с 3.I.43 г.
по 20 июня 44 г. в качестве бойца,
что и удостоверяется

Командир партизанского
отряда

די באַשטעטיקונג פון ישראל קראַניק וועגן אָנטייל
אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג

וואַקסט דער אויטאָריטעט פון די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן, אויך די רייען טוען זיך פאַרגרעסערן. אַ קורצע צייט שפּעטער אַנטשטייט די „קאָוונער בריגאַדע״, אין וועלכער עס גייען אַריין אויך ייִדן פון קאָוונער געטאָ, די „טראָקער בריגאַדע״ — די ייִדן וואָס געפינען זיך דאָ זענען אין גרעסטן טייל פון די אַרומיקע שטעטלעך, אַ ספּעץ־גרופּע פון רוסישע פּאַראַשוטיסטן און נאָך אַנדערע אָפּטיילונגען.

צוזאַמען זענען אין דער צייט אין דער רודינצקער פּושטשע געווען ביי עטלעכע טויזנט פּאַרטיזאַנער, מיט וועלכע ס׳האָט אָנגעפירט דער דרומדיקער פּאַרטיי־קאָמיטעט מיט זיין ערשטן סעקרעטאַר — דער ייִדישער לערער פון קאָוונע, אַן אַלטער קאָמוניסטישער טוער — הענריק זימאַנאַס, פּסעוודאָנים „יורגיס״.

ס׳איז אויפגעשטאַנען אַ כּוח מיט וועלכן די דייטשן האָבן זיך שטאַרק גע־רעכנט און געווען געצוווּנגען אָפּצוציִען פון פראָנט גרויסע מיליטערישע אָפּטיי־לונגען, כּדי מיט זיי צו קעמפן.

# די לאָקערונג אויפן שאָסיי ווילנע—גראָדנע

עס איז אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך, אַז יעדער קאַמף פאָדערט קרבנות; איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, ווען נאָך יעדער גרעסערער אַקציע האָבן זיך נישט אַלע צוריקגעקערט צו דער באַזע. דער דראַנג צו נקמה איז ביי יעדן געווען אַזוי גרויס, אַז קיינער האָט וועגן דעם אַפילו נישט געטראַכט. פאַר יעדן פּאַרטי־זאַן איז געשטאַנען איין ציל — שלאָגן און פאַרניכטן דעם שׂונא.

נישט צו באַשרייבן איז דאָס געפיל פון אַ פּאַרטיזאַן ווען נאָך אַ זיגרייך פאַרענדיקטער שלאַכט האָבן אַלע זיך צוריקגעקערט צו דער באַזע, אַפילו ווען עס זענען געווען אייניקע פאַרוווּנדעטע. נאָך אַזאַ שלאַכט איז די פרייד תמיד געווען אַ טאָפּלטע. אַזאַ קאַמף האָבן די פּאַרטיזאַנער דורכגעפירט פרילינג 1944.

די אויסשפּירערס האָבן געבערענגט אַ מעלדונג, אַז אַ מיליטערישע אָפּטיילונג וואָס האָט סטאַציאָנירט אין דאָרף פּירטשופּי, גרייט זיך אַריבערצופאָרן אויף אַן אַנדער באַזע. די אָנפירונג פון די צוויי פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן „נקמה־נעמער" און „פאַרן נצחון" האָבן באַשלאָסן אויסצונוצן די געלעגנהייט און שאַפן אַ לאָקער־פּונקט, פון וועלכן מען וועט קענען אומגעריכט זיי איבערפאַלן און פאַרניכטן.

דער פּלאַן פון דער אונטערנעמונג איז געווען גענוי צוגעגרייט. זיי מאַרשירן אַרויס, אַן אָפּטיילונג פון אַן אַכציק פּאַרטיזאַנער פוןביידע אָטריאַדן. אַלע זענען געווען באַוואָפנט אין אויטאָמאַטן און אַלס צוגאָב האָבן זיי גיהאַט צוויי פּ.ט.ר. קעגן פּאַנצער־אויטאָס.

צעטיילט אין דריי גרופּעס האָבן זיי פאַרנומען אַ שטח פון אומגעפער פינף הונדערט מעטער, לענגאויס דעם ראַנד פון וואַלד. עס איז געווען גענוג צייט צוצוגרייטן אַ גוטע מאַסקיראָווקע, ווייל נישט וויסנדיק גענוי די צייט פון זייער דורכפאָרן, האָבן זיי געוואַרט אין וואַלד קאַרגע צוויי מעת־לעת.

ס'איז געווען אַ וואַרעמער פרימאָרגן ווען די אַרויסגערוקטע פּאַרפּאַסטנס האָבן איבערגעגעבן, אַז די קאָלאָנע איז אויפן האָריזאָנט. אַלץ האָט געוואַרט מיט האַרץ־קלאַפּעניש אויף דעם געוווּנטשענעם מאָמענט. זיי קומען אַלץ נענטער. פון פאָרנט פאָרט אַ טאַנקעטקע, נאָך איר — לאַסטאויטאָס מיט זעלנער. ווען זיי זענען שוין צוגעקומען אויפן אָפּשניט פון דער מיטלסטער גרופּע, האָט זיך באַוויזן די ראַקעטע פון קאָמאַנדיר — דאָס איז געווען אַ באַפעל צו עפענען אַ פייער.

דער זאַלפּ האָט אָפּגעהילכט מיט אַ ווידערקול אין טיפן וואַלד און אויפן שאָסיי זענען געווען די ערשטע טויטע, צווישן זיי די באַזעצונג פון דער טאַנקעטקע.



ВРЕМЕННОЕ УДОСТОВЕРЕНИЕ № 67624

Предъявитель сего Кроник
(фамилия)
(имя и отчество)

Награжден по Указу ~~начальника~~ Президиума ~~штаба~~ Верховного Совета Литовской ССР
партизанского движения № ...... от „17" ...... 1945 г.
за доблесть и мужество, проявленные в партизанской
борьбе против немецко-фашистских захватчиков
... „Партизану отечественной войны"
... степени медаль № ......

~~Начальник~~ ...... ~~штаба~~
~~партизанского движения~~
Пред. Президиума Верховного Совета Литовской ССР
Подпись ... (должность и фамилия)

„29" ...... 1945 г. (К. Диджюлис)

די אויסצייכענונג פון ישראל קראַניק

די קאָלאָנע איז געצוווּנגען געווען זיך צו פאַרהאַלטן. דאָס האָט געגעבן אַ בעסערן ציל פאַר די ביקסן פון די פּאַרטיזאַנער...

אַרומגעכאַפּט פון אַ פּאַניק האָבן די היטלעריסטישע זעלנער געפרווּווט שפּרינגען פון די מאַשינען, כּדי צו קענען פאַרנעמען קאַמפּס־פּאָזיציעס, אָבער אָן דערפאָלג. בלויז אַ באַזעצונג פון איין מאַשין האָט זיך נישט פאַרלוירן און געשטעלט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד, פּרוּווּנדיק די פּאַרטיזאַנער באַוואַרפן מיט גראַנאַטן. אין דעם מאָמענט איז געשען עפּעס אויסטערלישעס, אַלע קוקן מיט גרויס פאַרווּנדערונג אויף דעם העלדישן יאַט יצחק טשודשוי, וועלכער שפּרינגט אַרויס פון זיין דעקונג און, ווי אַ ווילטיר פלינק, רייסט ער זיך אַריין אין דער שאָפער־קאַבינע און מיט זיין אויטאָמאַט דורכן הינטערשטן פענצטערל ליקווי־דירט ער די דייטשע גראַנאַטן־וואַרפערס.

די היטלעריסטישע קאָלאָנע האָט דאָ געפונען איר קבר. גרויס איז די פרייד פון אַזאַ זיג, ווען פון שונא בלייבט אַפילו נישט קיין זכר און די פּאַרטיזאַ־נער זענען אַרויס אָן איין פאַרווּנדעטן. אויך נישט קליין איז געווען דער מלחמה־רויב. זיי קערן צוריק צו דער „פּאַרטיזאַנישער היים" מיט דעראָבערטע צוויי קוילנוואַרפער, מיט ביקסן, פּיסטאָלעטן, אַמוניציע און עטלעכע שטיק מונדירן, וועלכע האָבן געקענט דינען צו געווייסע צוועקן. די לאַסט־וועגענער זענען אויפן אָרט צעשטערט געוואָרן.

די אַקציע האָט שטאַרק געהויבן דעם אויטאָריטעט פון די ייִדישע פּאַרטיזאַ־נישע אָפּטיילונגען אין די אויגן פון אַלע פריינד און אָנגעוואָרפן נאָך אַ גרעסערע שרעק אויפן שונא, וועלכער האָט נישט איין מאָל זיך נאָך געדאַרפט מיט זיי באַגעגענען.

# די אַקציע אויף דער טערפּענטין־פֿאַבריק
# ביים שטעטל אָלקיניקי

דער ציל פֿון פּאַרטיזאַן איז אויך אונטערצורייסן די עקאָנאָמישע באַזע פֿון אָקופּאַנט און אַריינברענגען אַ דעמאָראַליזאַציע און אומזיכערקייט אין די רייען פֿון זיין אַדמיניסטראַטיווער, ציווילער און מיליטערישער מאַכט, אין די באַזעצטע דורך אים געביטן. צו דעם האָבן געשטרעבט מיט אַלע כּוחות, נישט זשאַלעווענ־דיק די גרעסטע קרבנות, אויך די ייִדישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען פֿון דער רודניצקער פּושטשע. מיט דער צייט הייבן זיי אָן באַקומען געווער פֿון דער „גרויסער ערד" און טרעטן צו צו אַלץ גרעסערע אַקציעס. אַ גרויס געוויכט ווערט איצט געלייגט אויף צעשטערן די באַן־ליניעס, דערמיט אוממעגלעך צו מאַכן דעם דייטשן טראַנספּאָרט־פֿאַרקער. נאַכט ביי נאַכט גייען פּאַרטיזאַנישע גרופּעס אויף פֿאַרשידענע אַקציעס. צו איינער פֿון זיי איז ווערט צו דערמאָנען דעם אַראָפּ־געלאָזטן מיליטערישן צוג הינטער ווילנע.

אונטער דער אָנפירונג פֿון אַבא קאָוונער זענען זיי דעמאָלט געגאַנגען זעקס פּאַרטיזאַנער. דאָס איז געווען אָנהייב 1944. דער שאָדן פֿאַרן שׂונא איז זייער גרויס און דערצו דער איבעררייס פֿון באַן־פֿאַרקער וויניקסטנס אויף אַכט שעה צייט.

זיי צעשטערן די טעלעפֿאָן־פֿאַרבינדונג, וואָס מאַכט אוממעגלעך דאָס שנעלע קאָנטאַקטירן זיך אויף אַ סך וויכטיקע פֿאַר זיי אָפּשניטן. מען מוז צוגעבן, אַז די קעגנווירקונג פֿון די דייטשן אויף דעם געביט איז אויך נישט געווען קיין קליינע, זיי הייבן אָן מינירן די טעלעפֿאָן־סלופּעס און דאָ גיבן די פּאַרטיזאַנער זייער אַ סך קרבנות.

אַ גרויס געוויכט ווערט אויך געלייגט אויף צעשטערן פֿאַבריקן, וועלכע שטייען אונטער דער דייטשער אַדמיניסטראַציע און אַרבעטן פֿאַרן פֿראָנט. צו אַזעלכע האָט אויך געהערט די טערפּענטין־פֿאַבריק ביים שטעטל אָלקיניקי.

„מיר גייען אַכט פּאַרטיזאַנער — זאָגט ישׂראל קראָניק — מיט אַ גענוי אויסגעאַרבעטן פּלאַן פֿון דעם וועג און פֿון דער פֿאַבריק. מיר האָבן פֿאַר זיך אַ מהלך פֿון אומגעפֿער זעכציק קילאָמעטער פֿון אונדזער באַזע. ס'איז אַ פּראָסטיקער יאַנואַר־טאָג פֿון 1944. מיר גייען אין אַ טיפֿן שניי, אָן אָנגעווייעטן פֿון ביידע זייטן וועג און צעשפּרייטן דורך דעם שטאַרקן ווינט אין פֿאַנטאַסטישע פֿיגורן און געשטאַלטן. מיר מאַרשירן אין מיטן ווי אין אַ טונעל און ווידער דורך אַ געדיכטן וואַלד, איינער אונטער דעם אַנדערן. דאָס סקריפּען פֿון די טריט אַקאָמפּאַנירט



מרדכי שאַמעס — דער פּאָלימיאָטשיק פון
פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג „נקמה־נעמער"

דאָס קנאַקן פון דיביימער פונעם שטאַרקן פראָסט. אויף דעם וועג האָט מען נישט געזען קיין לעבעדיק באַשעפעניש, אויך די דייטשע פּאַטראָלן זענען צו פויל אין אַזאַ וועטער זיך צו לאָזן אויף ווייטערע וועגן".

דער שניידנדיקער ווינט האָט ממש געברענט דאָס פּנים, אָבער קיינעם האָט דאָס איצט נישט געאַרט, פאַר זיי איז געשטאַנען איין ציל — די טערפּענטין־פאַבריק ביי אָלקיניקי.

נישט ווייט פון דער שטאָט האָבן זיי זיך באַזאָרגט מיט דריי שליטנס און ביי נאַכט זענען זיי שוין געווען ביים ציל.

די וואָכלייט זענען שטיל אַראָפּגענומען געוואָרן, מיט די ספּעציעל צו דעם צוועק מיטגענומענע „בעזשומקעס" זענען דערשאָסן געוואָרן זייערע הינט. אויף יעדן פאַל האָבן זיי אויך איבערגעשניטן די טעלעפאָן־פאַרבינדונג, ווער ווייסט אויב עמעץ נעכטיקט נישט אין אַ ביוראָ.

צו ערשט זענען זיי צוגעטראָטן צום פאַרלאָדן די שליטנס מיט בוטלען טערפּענטין, וואָס איז שפּעטער זייער צו נוץ געקומען צו פּאַרטיזאַנישע צוועקן פאַר דער גאַנצער בריגאַדע. דריי יאָטן זענען מיט די שליטנס אַרויסגעפאָרן אויף אַ זיכערן אָרט און די איבעריקע האָבן זיך גענומען אויספירן דעם באַפעל פון דער פּאַרטיזאַנישער אָנפירונג.

אויף עטלעכע ערטער האָבן זיי אויסגעגאָסן טערפּענטין און מיט פלאַקס פאַר־וויקלט אויף לאַנגע שטעקנס אַלץ אונטערגעצונדן. עס האָט געדויערט סעקונדעס ווי די פייער־צונגען האָבן אַרומגענומען די גאַנצע פאַבריק...

מיט אַ גוט געמיט פון דעם געלונגענעם שטיקל אַרבעט, האָט זיך די גרופּע אויף די שליטנס מיט בוטלען טערפּענטין, צוריקגעקערט צו דער פּאַרטיזאַנישער באַזע.

# די ברויט־אַקציע

איינס פון די נישט לייכטע פּראָבלעמען ביי די וואַלד־מענטשן איז געווען די פראַגע פון דערנערונג. עס זענען געווען טעג, ווען פּאַרטיזאַנער האָבן געלעבט מיט וואַלד־געוויקסן, מיט זאַפט פון די בעריאָזקע־ביימער און נישט איין מאָל מיט אַ שטיקל אויסגעטריקנט ברויט. ווער שמועסט ביי אַ קאַמף אָדער אַרומרינגלונג, ווען עס איז אויסגעקומען צו לעבן וואָכן־לאַנג אָן אַ ביסל וואַרעם וואַסער.

מיט דעם פאַרשטאַרקן זיך פון די אָפּטיילונגען, מיט דעם בעסערן באַוואָפענען זיך, ווי אויך דורך שאַפן גרויסע פּאַרטיזאַנישע באַזעס, אין אַ סך וועלדער קניפּט מען אָן קאָנטאַקטן מיט דער „גרויסער ערד״, עס אַנטשטייען אַפילו פליפּלעצער, דעמאָלט קלערט שוין די אָנפירונג וועגן רעזערוון פון שפּייז אויפן ווינטער. אין דער ערשטער ריי קומט זאַלץ, גרינצייג און ציבעלעס, כּדי צו פאַרהיטן די פּאַרטיזאַנער פון דער קראַנקהייט שקאָרבוט, אָדער צינגאַ, ווי מען פלעגט זי רופן. עס ווערן געשאַפן ספּעציעלע פאַרזאָרגונגס־אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן אין זייער רשות גאַנצע טאַבאָרן מיט די בעסטע פערד און וועגענער.

אַ סך שפּייז־מיטלען פלעגט מען קויפן ביי די פויערים, פאַר געלט. עס זענען אויך געווען פאַלן ווען מען האָט גענומען אומזיסט, אָבער נאָר דעמאָלט ווען דאָס זענען געווען דערפער, וועלכע זענען געווען פיינטלעך געשטימטע צו די פּאַרטיזאַנער, אָדער פויערים וואָס זענען געווען שפּיצלען, אָדער מיטאַרבעטער פון דער געסטאַפּאָ. מערסטנס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אַקציעס אויף גיטער, וועלכע זענען געווען אונטער דער דייטשער אַדמיניסטראַציע, אויף מיליטערישע מאַגאַזינען, פון וועלכע די דעראָבערטע שפּייזן אָדער בהמות האָבן אויך גענאָסן אַ סך אָרעמע מענטשן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

ווי געוויינלעך, האַלבע נאַכט, איז די אָפּטיילונג פון פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד „נקמה־נעמער״ אַרויס אויף אַזאַ אַקציע. לענגאויס דעם וועג וועלכער איז נישט באַשיצט פון וואַלד, נישט דורך ישובים, ציט זיך אַ שנירל פורן, באַוואַכטע דורך אַ גרופּע פון עטלעכע און צוואַנציק יאַטן, אונטער דער אָנפירונג פון קאָמאַנדיר שלמה בראַנד.

ווייט אַרום איז שטיל, דער שניי אונטער די פיס סקריפּעט טרוקן און הילכיק. די לבנה, אַ גאַנצע, אַ קיילעכדיקע, שיינט אַראָפּ רויִק און מילד. שווער זיך פאַרצושטעלן אַז אין אַזאַ נאַכט קען עפּעס שלעכטס פּאַסירן, דאָ אין דעם „פּאַרטיזאַנישן לאַנד״, אַז די ווייסקייט פון שניי קען געפלעקט ווערן מיט בלוט, מיט מענטשלעכן בלוט. מען דערנענטערט זיך צו אַ דאָרף. אַן אויסשפּיר־גרופּע פון

פינף פּאַרטיזאַנער רוקט זיך אַרויס אין דער שפּיץ, אַלע איבעריקע זענען וואַך, שטרענגען אָן זייער געהער... אַן ערך פון עטלעכע הונדערט מעטער פון דאָרף שוואַרצט זיך איינזאַם אַ הייזל, פון דער צווייטער זייט וועג, אַ פריי פעלד.

דער ברויט־קאַראַוואַן רוקט זיך לאַנגזאַם פאָרויס. דער קאָמאַנדיר האָט אויפן אויג די פאָרויסגייערס, וועלכע דערנענטערן זיך שוין צום דאָרף. מיט אַ מאָל האָט זיך אַ שאָט געטאָן איבער אונדזערע קעפּ אַ האָגל פון צעגליטן בליי... דאָס אומשולדיקע איינזאַמע הייזל האָט זיך אַרויסגעוויזן — אַ נעסט פון פאַשיסטן, וואָס האָבן דאָ איינגעאָרדנט אַ לאָקער־פּונקט. תיכּף צעטיילט מען זיך אין קלענערע גרופּעס און אונטער אַ דעקונגס־פייער ציט מען זיך אַרויס פון שלאַכטפעלד.

דאָס פייער פון די היטלעריסטן איז שטאַרק און פון מינוט צו מינוט שטאַרקער. נאָך אַ שווערן געראַנגל געלינגט זיך אָפּצוררייסן פון שונא.

ווען די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך פאַר טאָג געטראָפן אין פריינדלעכן צו זיי דאָרף, ווישניצע, האָבן זיי געהאַט דריי קרבנות, די חברים: לייב מיקלאָשאַנסקי, ראַשקע שמערקאָוויטש און חיים שלאַקמאַן, ביי וועמען מ׳האָט אָפּגעשאָסן ביידע פיס. אַזאַ פּרייז פאַר ברויט האָבן זייער אָפט געצאָלט פאַרשידענע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען.

# די שחיטה אין שטעטל קעידאַנע

## דערציילט פון פּאַרטיזאַן שמואל סמולסקי

דאָס איז געווען דעם 15טן אויגוסט 1941. די ברוינע רוצחים האָבן געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע מענער פון 15 יאָר זאָלן זיך שטעלן ביים ראַטהויז, אַ זייגער צוויי נאָך מיטאָג, מיטנעמענדיק מיט זיך עסן אויף צוויי טעג, ווייל זיי ווערן אַרויסגעפירט אויף ערדאַרבעט הינטער קאָוונע.

ייִדן האָבן געגלייבט... און געגאַנגען. ווי איבערראַשט זענען אַלע געוואָרן ווען אַנשטאָט אויף אַרבעט האָט מען אַלע געבראַנגט אויף דעם גוט פון פּראָף טאָדלעבן, זיי פאַרשלאָסן אין אַ גרויסן שפּייכלער, ווו עס זענען געווען אַלטע פונאַנדערגענומענע ברישטשקעס, און אַ ביסל האָבער אויפן העכערן גאָרן.

עס זענען דאָרט געווען ביי די פופצן הונדערט מענטשן, קראַנקע, ליידנדיקע, משוגענע, אַרומגערינגלט פון שאַוליסטן האָט מען אַלע אַרויסגעלאָזט יעדן פּרי־מאָרגן אויף עטלעכע מינוט אויף דער לופט, אָבער קיין מאָל איז דאָס נישט געווען אָן באַגלייטונג פון קלעפּ מיט פּאַלקעס אָדער קאָלבעס פון די ביקסן.

די היץ האָט געברענט און קיין ביסל וואַסער האָט מען נישט געגעבן. פון וואַשן זיך איז שוין איבערהויפּט נישט געווען וואָס צו רעדן.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען געבראַנגט אַלע קראַנקע פון שפּיטאָל. עס איז שוין ממש נישט געווען ווו צו שטיין און ווער שמועסט וועגן ליגן אָדער שלאָפן. די לופט איז געווען אַן עיפּושדיקע, דערצו האָט מען ביי נאַכט אַריינ־געטראָגן אַ גרויסן פאַס פאַר די נאַטירלעכע באַדערפענישן.

אַ וואָך שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די פרויען און קינדער געפינען זיך שוין אויך דאָ צונויפגעטריבן אין אַ דערנעבנדיקער סטאָדאָלע.

סיסטעמאַטיש האָבן זיי צוגעגרייט די פאַרניכטונג. עס איז שוין אויך געשאָפן געוואָרן אַ צוים פון שטעכלדראָטן. דאָס אַלץ, האָט מען דערקלערט, ווערט געטאָן נאָר צוליב זייער שוץ. די פּערפידיע איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז איין מאָל, ווען די אַלטע לייט זענען געשטאַנען און געדאַוונט, איז אַריינגעקומען דער קאָמענ־דאַנט באַומאַן, ער האָט זיך געשטעלט אויף אַכטונג, ביז די ייִדן האָבן דאָס אָדווענען נישט פאַרענדיקט.

אין דעם קריטישן טאָג פון 28סטן אויגוסט, נאָך דרייצן טעג מאַטערניש און הונגער, דורשט, שלאָפלאָזיקייט און אַנדערע יסורים, זענען זיי פּלוצעם אַרומ־

געריינגלט געוואָרן מיט אַ טאָפּלטער וואַך פון שאַוליסטן, אויפן הויף האָט מען געבראַכט אין באַוועגונג אַ טראַקטאָר, אַ „סטאַליניעץ״, און גלייך האָט מען אָנגעהויבן די אַקציע.

צו הונדערט מאַן האָט מען געצוואונגען אַרויסקלעטערן פון שפּייכלער, איבערלאָזנדיק פון זיך דאָס אייבערשטע געוואַנט. מיט פאַרלייגטע הענט אויפן האַלדז האָט מען זיי געטריבן אַן ערך פון אַנדערהאַלבן קילאָמעטער ווייט צו דעם ליקווידאַציע־פּונקט, וווּ עס איז שוין געווען צוגעגרייט אַ טיפער גרוב פון ניינציק מעטער די לענג אויף צוועלף מעטער די ברייט.

די אַקציע ווערט פּלוצעם איבערגעריסן. ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט דער ייִד צודיק שלאָפּאַבערסקי, אַריינגעשלעפּט דעם היטלעריסטישן אויסוווּרף באַומאַן אין דעם מאַסן־קבר. צו הילף דעם דעם באַנדיט איז געקומען דער פירער פון די שאַוליסטן. עס איז געוואָרן אַ טומל, אַ בהלה, אין רעזולטאַט איז דער קאָמענדאַנט באַומאַן פאַרווונדעט געוואָרן אין קאָפּ און זיין רעטער האָט מען דורכגעריסן דעם גאָרגל און האָט קראַפּירט אויפן אָרט.

אויסנוצנדיק די געשאַפענע לאַגע, האָט שמואל סמולסקי זיך פאַרשטעקט אונטער דעם הויפן קיישלעך פון טרוסקאַווקעס, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, מיטשלעפּנדיק מיט זיך דעם האַלב־לעבעדיקן חיים ראַנדער.

דער טראַקטאָר האָט געררישט פאַרטויבנדיק די יאָמערלעכע קולות פון די אומגליקלעכע און זיי זענען געלעגן איינגעדרייט אין דרייען אונטער די קוישן, נאַס פון שווייס און שרעק, וואַרטנדיק אויף זייער גורל.

ס׳איז שוין געווען טונקל, די שחיטה האָט זיך שוין דערנענטערט צום סוף. אַ גרופּע שאַוליסטן זענען אַריינגעפאַלן אין שפּייכלער, זוכנדיק אויב ס׳האָט זיך נישט וועלכער פאַרשטעקט צווישן דעם הויפן איבערגעבליבענע קליידער. די הערצער האָבן ביי זיי גענומען האַסטיקער קלאַפּן, זיי האָבן באמת געזען דעם טויט פאַר די אויגן. זיי הערן זייערע ווילדע קולות — „אַרויס פון די באַהעלטענישן, ווייל די וואָס מיר וועלן געפינען, ווערן אויפן אָרט דערהרגעט מיט די קאָלבעס״.

דערשעפּט פון די איבערלעבונגען זענען זיי איינגעשלאָפן אונטער די קוישן. אויפגעוועקט האָט זיי אַ הוק פון די גראַנאַטן, מיט וועלכע דער אויבערהענקער שוואַבינסקי האָט פאַרענדיקט דעם טרויעריקן טאָג — אַריינוואַרפנדיק די גראַנאַטן אין דעם גרוב, וווּ מען האָט צוזאַמענגעטריבן די ייִדישן קינדער.

עס איז שוין אין מיטן נאַכט, אַרום איז שוין שטיל. זיי פּרוּוון אַרויסצורוקן זיך פון זייער באַהעלטעניש. איצט איז געקומען דער קריטישער מאָמענט: וואָס ווייטער? ראַנדער האָט געראָטן צו בלייבן דאָ ביז דער צווייטער נאַכט. עס האָט

אָבער געדראָט אַז די מערדערס וועלן קומען אין דער פֿרי זיך טיילן מיט דעם רויב, און דאַן קענען זיי אויפֿגעדעקט ווערן. זיי באַשליסן גלייך צו אַנטלויפֿן דורכן דאַך, ווו מען האָט געקענט לייכט מאַכן אַן עפֿענונג.

מיט דער הילף פֿון צוזאַמענגעבונדענע ליילעכער, וועלכע זענען דאָ געבליבן פֿון די קראַנקע, האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. טראָץ דער גרויסער פֿאָרזיכטיקייט האָבן זיי נישט אויסגעמיטן קיין טשאַסק און דער גורל האָט נאָך געוואָלט, אַז זיי זאָלן נישט ווייט פֿאַלן פֿון דער וואַך. צום גליק זענען די באַנדיטן טיף געשלאָפֿן. זיי זענען געווען מיד און פֿאַרשיכּורט פֿון די אָרגיעס, וואָס מען האָט איינגעאָרדנט פֿאַר די געלטער און אויסגערויבטע ייִדישע פֿאַרמעגנס.

זיי האָבן זיך געלאָזט דורכן פֿאַרק, איבערשניידנדיק די באַן־ליניע אין דער ריכטונג פֿון ישוב, ווו עס האָט געוווינט אַ פֿריינד פֿון ראַנדערן. אין פֿאַרק האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף צוויי טויטע דייטשן. ביז היינט איז נישט געלונגען פֿעסטצושטעלן ווער און אין וואָס פֿאַר אַ אומשטענדן זיי זענען דערמאָרדעט געוואָרן. פֿאַר זיי איז דעמאָלט נישט געווען קיין צייט צו טראַכטן וועגן דעם פֿאַל. דער שנור, געמאַכט פֿון די ליילעכער, האָט נאָך אויך אָנגעוואָרפֿן אַ שרעק, זיי האָבן אים נישט באַזייטיקט און דאָס האָט געקאָנט ברענגען אויף אַ שפּור און די דייטשן זאָלן אָנהייבן נאָך זיי אַ געיעג.

פֿאַרשטעקט צווישן די קוסטעס איז סמולסקי געזעסן און געוואַרט אויף זיין חבר, וועלכער איז געגאַנגען צו זיינע פֿריינד נאָך אַ ביסל עסן און איבערהויפּט נאָך אַ ביסל וואַסער, וואָס האָט זיי אויסגעפֿעלט אין משך פֿון די צוויי שווערע וואָכן אין לאַגער.

פֿאַר דעם ביסל עסן האָבן זיי שיִער נישט באַצאָלט מיטן לעבן. ווייזט אויס אַז ראַנדער איז דורך עמעצן געוואָרן דערקענט און צו וויסן געגעבן די שאַוליסטן, וועלכע האָבן גענומען אַרומרינגלען די קוסטעס. ממש על פּי נס איז זיי געלונגען דורכן וואַסער צו אַנטרינען פֿון די מערדערישע הענט.

עס האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַ וואַנדערן אין דער ענדלאָזיקייט. אָן געווער, אָן געלט, די נעכט הייבן אָן צו ווערן קילער און אַרום בלויז טרויעריקע ידיעות וועגן דעם שטענדיקן פֿאַרויסמאַרש פֿון די היטלעריסטישע חילות. נאָך אַ לאַנגן וואַנדערן זענען זיי געקומען ביז הינטער ווילנע. זיי האָבן געהערט, אַז דאָרט האָט זיך אָרגאַניזירט אַ פֿאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג און געגלויבט זיך צו קענען אָנשליסן אין זייערע רייען. צום גרויסן באַדויערן איז די אָפּטיילונג שנעל דורך די דייטשן ליקווידירט געוואָרן און זיי זענען ווייטער געבליבן די זעלבע נע־ונדניקעס ווי זיי זענען געווען.

# ווידערשטאַנד און נקמה

„אונדזער צוריקמאַרש — זאָגט שמואל סמולסקי — איז געווען טרויעריקער ווי מען האָט זיך געקענט פאָרשטעלן. איבעראַל די פיינדלעכע בליקן פון פּראָ־היטלעריסטיש געשטימטע ליטווינערס. זייענדיק אַן וואָפן זענען זענען מיר אַ סך מאָל אויסגעשטעלט געווען אויף באַליידיקונגען, אויסגעלאַכט און דערנידעריקט, און ווען מיר האָבן שוין ביי וועלכן פון זיי באַקומען אַ שטיקל ברויט, איז מען קיין מאָל נישט געווען זיכער, אויב ער וועט נישט גלייך לויפן און מעלדן וועגן אונדז דער פּאָליציי. פון איבערנעכטיקן ערגעץ ווו אין אַ סטאָדאָלע איז איבער־הויפּט נישט געווען וואָס צו רעדן. דעם אויבערראָק, וועלכן מיר האָבן געהאַט, פלעגן מיר אויף טויש ביידע טראָגן, דאָס איז אויך געווען דאָס איינציקע מיט וועלכן מיר האָבן זיך געקענט צודעקן אין די קאַלטע האַרבסטיקע נעכט אין וואַלד".

צום גליק האָט דאָס לאַנג נישט געדויערט. אין אַ שיינעם פרימאָרגן שטויסן זיי זיך אָן אין וואַלד אויף צוויי באַוואָפנטע יידישע יאַטן פון דאָרף זשאַגאָוויצע, ביי קאָוונע. עס איז נישט אויסצודריקן מיט ווערטער די פרייד פון דעם דאָזיקן באַגעגעניש. זיי האָבן דערפילט אין זיך עפּעס אַזאַ מאָדנעם כוח. זיי זענען מיט אַ מאָל געוואָרן טאָפּלט שטאַרקער און דערצו באַוואָפנט. אויך יאָסל און חיים, די „זשאַגאָוויצער", ווי מען האָט זיי שפּעטער גערופן, זענען געווען גליקלעך.

דאָס ערשטע מאָל נאָך אַזאַ לאַנגער צייט פרירן, האָבן זיי זיך דערלויבט צו נעכטיקן אין אַ פויערישער סטאָדאָלע — אַרויסשטעלנדיק איינעם פון זיי אַלס וואַך־פּאָסטן, וועלכער זאָל גלייכצייטיק אויפפּאַסן אויף דער פויערישער פאַמיליע, צי עמעצער טוט נישט אַרויסגיין ביי נאַכט, כדי זיי צו פאַרמסרן.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך גענומען מערן די פאַלן פון אַנטלויפן פון סאָוויעטישע זעלנער, וואָס האָבן געאַרבעט ביי די ליטווישע פויערים, אַלס דייטשע קריגס־געפאַנגענע. די גרופּע הייבט זיך צו פאַרגרעסערן דאָס איז געווען פרילינג 1942, צו זיי קומט אַ דייטשער דעזערטיר — דער העלדישער יאַט הערמאַן עי, פון דויסבורג, אין מונדיר פון אַ פעלפעבל. הערמאַן עי איז געווען פון פאַך אַ פאַרמאַצעווט, אַ זון פון אַ דייטשן קאָמוניסט. זיי זענען שוין איצט באמת אַן אינטערנאַציאָנאַלע גרופּע. זיי שטעלן מיט זיך שוין פאָר אַ כוח, וועלכער פּרוּווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד ביי אַ צוזאַמענטרעף מיט פּראָוואָקאַטאָרישע עלעמענטן. זיי זענען שוין אַן אָפּטיילונג וואָס דאַרף האָבן אַן אָנפירונג, אַ ציל און אַן אויס־געאַרבעטן פּלאַן פאַר איר טעטיקייט.

ביי די דייטשן האָט אַרויסגערופן אַן אומרויִקייט דאָס שטענדיקע מערן זיך פון פאַרשידענע ענלעכע צו זיי גרופּעס אין די וועלדער. זיי הייבן אָן אונטערשיקן שפּיצלען, כּדי אויסצונישטערן די ערטער פון זייער אויפהאַלטן זיך, די בונקערס, דערמיט זיי שפּעטער צו קענען פאַרניכטן. דאָס האָט אויך געצווונגען די גרופּעס צו שליסן זיך אין גרעסערע אָפּטיילונגען, כּדי זיך צו קענען בעסער פאַרטיידיקן.

זיי שליסן זיך אויך אָן אין אַ צווייטער גרופּע, וועמענס אָנפירער ס'איז געווען דער רוסישער קאַפּיטאַן פּיאָטר וואַסילענקאָ — אַ בחור פון אַ יאָר אַכט און צוואַנציק, אויך אַ געוועזענער קריגס־געפאַנגענער. אין אַ קורצער צייט זענען זיי אויסגעוואַקסן צו אַן אָפּטיילונג פון קרוב הונדערט פאַרטיזאַנער. צו זיין פאַר־טרעטער ווערט באַשטימט אויך אַ געוועזענער קריגס־געפאַנגענער מיטן נאָמען ראַבאָטאַ. זיי טראָגן דעם נאָמען: „פאַרטיזאַנישע גרופּע ,א׳ ל.ס.ס.ר.״.

פון ווידערשטאַנד גייען זיי אַריבער צום אָנגריף. זיי געפינען זיך דעמאָלט אין די וועלדער פון פּאָד־באָרופּיע, קאָוונער קרייז. זיי מאַכן איצט יעדע נאַכט איבערפאַלן, פאַרניכטן די טעלעפאָן־פאַרבינדונג אין דער גאַנצער געגנט. מיט לאַנגע זעגן שניידן זיי אונטער די סלופּעס פון די בריקן, וועלכע ברעכן זיך איין, ווען עס קומט נאָר אויף זיי אַ שווערערע משׂא, ווי לאַסטוועגענער אָדער טאַנקן. דער שונא דערפילט די פאַרטיזאַנישע האַנט אויף יעדן אָפּשניט, אויך די פאַר־רעטערישע און ביז איצט פרעכע ליטווינערס הייבן אָן אַראָפּצולאָזן פון זייער פאַרברעכערישן טאָן און היטן די אייגענע פעל.

אַ גרויסן רעש אין דער גאַנצער געגנט האָט אַרויסגערופן דאָס אויספירן דעם טויט־אורטייל אויף דער ווייסרוסישער פאַררעטערישער פאַמיליע גרעגאָראָוויטש, פון דאָרף פּאָד־באָרופּיע.

דאָס איז געווען סוף 1942, די קלענערע פאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען האָבן געהאַט אַ סך אויסצושטיין פון די דייטשע שפּיצלען און צוטראָגערס, וועלכע פלעגן כּלומרשט קומען אין וואַלד נאָך האָלץ אָדער זוכן שוואָמען, כּדי אויסצו־שפּיאָנירן די פאַרטיזאַנישע באַזעס און די פּאָליציי פלעגט זיי דערנאָך אַרומ־רינגלען און פאַרניכטן. צו שוואַך זענען נאָך דעמאָלט געווען די אויסשפּיר־אָרגאַנען ביי די פאַרטיזאַנער, צו קענען פעסטשטעלן, ווער און וואָס יעדער פון די פּויערים שטעלט מיט זיך פאָר. דאָס טראַגישסטע פון אַלץ איז געווען די שוואַכע באַוואָפענונג פון די פאַרטיזאַנער, מיט וועמעס ווידערשטאַנד די דייטשן האָבן זיך נישט גערעכנט און ווי אויף אַ פּאַראַדע־מאַרש מאַרשירט אין די וועל־דער. צו אַזאַ טרויעריק באַרימטער פאַמיליע פון צוטראָגערס האָט געהערט סטאַניסלאַוו גרעגאָראָוויטש מיט זיין זיין. אַ סך לעבנס פון פאַרטיזאַנער האָבן זיי

Характеристика

на члена партизанской груп-
пы „А" Шмульского Самуила,
родившегося 19?? За все время
пребывания в группе (с IV-43 г. до встречи
с Красной Армией 1.8.44 г.) проявил себя,
как стойкий борец за дело партии
Ленина-Сталина. Активный участник
в распространении антигерманских прок-
ламаций. Ярый противник гитлеризма
Ком. п. группы „А" [illegible] /Васильченко/
/Пом. ком. п-гр. „А" [illegible] /Работа/

25 сентяб. 44
№ 2579.

די כאַראַקטעריסטיק פון שמואל סמולסקי

געהאַט אויף זייער געוויסן, אָבער ווייזט אויס אַז די בלוט־דורשטיקע מנוולים האָבן נאָך געהאַט ווייניק און געברענגט די פּאָליציי אויף זייער בונקער.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן מיט זיי זיך אָפּצורעכענען אַזוי, אַז דאָס זאָל זיין אַ וואָרענונג אויך פאַר אַנדערע פאַררעטערס.

אויפן באַפעל פון קאַפּיטאַן פּיאָטר וואַסילענקאָ האָט אַ גרופּע פון צען פּאַר־טיזאַנער אַרומגערינגלט דאָס הויז פון די שפּיצלען. אין אַ ביינאַכט האָט איינער פון די יאַטן אַנגעקלאַפּט אין טיר, אַלס כּלומרשט וואַנדערער, און געבעטן מען זאָל אים דערלויבן איבערצונעכטיקן. די באַנדיטן האָבן ווייזט אויס עפּעס דערשפּירט, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט עפענען און אין דער צייט האָט דער זון געפּרוווט אַרויסשפּרינגען דורכן פענצטער. דאָ איז ער גלייך אַריין אין די הענט פון צוויי קרעפּטיקע פּאַרטיזאַנער.

אין שטוב האָט מען זיי פּאָרגעלייענט דעם אַרויסגעגעבענעם טויט־אורטייל. דער פאַררעטער סטאַניסלאַוו גרעגאָראָוויטש, די געליבטע און דער זון זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. דאָס קינד האָט מען איבערגעגעבן דעם שכן.

דאָס גאַנצע דאָרף איז זיי דערפאַר געווען דאַנקבאַר. דער פאַקט האָט אויך געהויבן דעם פּרעסטיזש פון די פּאַרטיזאַנער, און אַ טייל פּויערים זענען אויך געקומען און זיך אָנגעשלאָסן אין זייערע רייען, אָדער געוואָרן שטענדיקע פּאַר־בינדלערס און אינפאָרמאַטאָרן.

ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט אַפילו דער גלח זיך נישט געוואָלט באַטייליקן אין זייער לויה און זיי געהייסן לייגן הינטערן פּלויט.

די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך ממש געריסן צו יעדער דיווערסיע־אַרבעט און שוין ביז גאָר די יִדישע. יעדער נקמה־אַקט איז געווען ווי אַ היילונגס־פּלאַסטער צו דער אייביק טריפנדיקער ווונד.

צווישן די אַלע אַקטן וועלכע שמואל סמולסקי האָט פּערזענלעך זיך באַטיי־ליקט ביי אונטערצינדן די בריק ביי קעידאַנע, אויף דעם טייך ניעוויאַזשאַ (אַ צופלוס פון ניעמען) האַרבסט 1943, ביים צעשרויפן די באַן־ליניעס, נעמען אַן אָפּטיילונג פון וולאַסאָווצעס אין געפאַנגענשאַפט. ס׳איז זיי זייער געלונגען — זאָגט שמואל סמולסקי — מיט דעם אויפרייסן די בריק אונטער זשאַגאָוויץ, אין אויגוסט 1944.

אַכט פּאַרטיזאַנער זענען זיי געווען. שפּעט אין דער נאַכט זענען זיי געקומען צו דער אייזערנער בריק, און מיט דעם טאָל זיך אַרויפגעצויגן צווישן די טרע־גערס, כּדי אים צו פאַרלייגן. ער האָט זיך קוים געקאָנט באַהערשן כּדי צו אַנטלויפן, ווען עס האָט שוין נאָענט געברענט דער לאָנט... די בריק איז געוואָרן אויפגעריסן.

**די צוריקציִענדיקע זיך דייטשע דיוויזיע איז געווען געצווונגען צו נעמען אַן אַנדערע ריכטונג, אויסדרייענדיק אין דער ריכטונג פון שטעטל לאַבונאָוואַ און דאָ זענען זיי אַריינגעפאַלן אין דער סאָוויעטישער געפאַנגענשאַפט.**



# אינהאַלט

## רשימה פון דאָקומענטן און בילדער

## דערשינענע ווערק פון שלמה שטראַוס־מאַרקאָ

**דער ראַסיקער אַריער**

פאַרלאַג „יידיש־בוך”, וואַרשע 1959

**געווען אַמאָל אַ שטעטל**

פאַרלאַג „יידיש־בוך”, וואַרשע 1965

**CZYSTA KREW**

Wyd. LODZKIE, Lodz 1966

**דם טהור**

פאַרלאַג „אור־עם”, תל־אביב 1978

**פוילישע יידן אין די וועלדער** (באַנד 1)

תל־אביב 1979

**פוילישע יידן אין די וועלדער**

פאַראַשוטיסטן (באַנד 2)

תל־אביב 1981

**פוילישע יידן אין די וועלדער**

קאַמף און נקמה (באַנד 3)

תל־אביב 1983